ז. סעגאַלאָוויטש

# טלאמאצקע 13

די גאנצע הכנסה פון דעם דאָזיקן בוך איז
באשטימט פארן הילפס - פאָנד לטובת
יידישע שרייבער און קינסטלער.

# דאָס פּוילישע ייִדנטום

ביכער-סעריע פון דעם צענטראַל-פאַרבאַנד פון פּוילישע ייִדן
אין אַרגענטינע
רעדאַקטאָר: מאַרק טורקאָוו


## ביז איצט דערשינען:

1) מאַרק טורקאָוו: מלכה אָווישאַני דערציילט... (אויספאַרקויפט)
2) ה. ד. נאָמבערג: י. ל. פּרץ (אויספאַרקויפט)
3) וו. גראָסמאַן - י. וויערניק: טרעבלינקע (אויספאַרקויפט)
4) פּרץ גראַנאַטשטיין: מיין חרוב שטעטל סאָקאָלאָוו
5) ישראל טאַבאַקסבלאַט: חורבן לאָדזש.
6) זרובבל: באַרג חורבן (קאַפּיטלען פּוילן)
7) אלחנן ציישלין: אין אַ ליטעראַרישער שטוב
8) ד״ר ה. שאָשקעס: פּוילן — 1946 (איינדרוקן פון אַ רייזע)

## עס דרוקט זיך און דערשיינט בקרוב:

פּראָפ׳ ד״ר מאיר באַלאַבאַן: די ייִדן-שטאָט לובלין
מ. נודעלמאַן: געלעכטער דורך טרערן
ד״ר יעקב שאַצקי: אין שאָטן פון עבר.
פרידע זרובבל: נע - ונד (פאַרצייכנונגען פון אַ פּליטה)
דוד פלינקער: אַ הויז אויף גזשיבאָוו

## עס גרייט זיך צום דרוק:

ישראל אפרת: היימלאָזע מענטשן
נח גריס: קינדער - מאַרטיראָלאָגיע
נחום סאָקאָלאָוו: פּויליש-ייִדישע פּערזענלעכקייטן
טאַניאַ פוקס: אַ וואַנדערונג דורך אָקופּירטע לענדער
ז. סעגאַלאָוויטש: געברענטע טריט.
ד״ר עמנואל רינגעלבלום: צו דער געשיכטע פון ייִדן אין וואַרשע
ד״ר יצחק שיפּער: ייִדן אין אַלטן פּוילן
צפּורה קאַצענעלסאָן-נאַכומאָוו: יצחק קאַצענעלסאָן
זלמן וואַסערצוג: יאַנוש קאָרטשאַק
א. ל. שוסהיים: סילועטן און עפּיזאָדן פון גאַליציע
שמואל צעסלער: זאַבלודאָווע — די לעגענדע פון אַ ייִדיש שטעטל

---

ווענן אַלע ענינים, וואָס האָבן אַ שייכות מיט דער ביכער־סעריע „דאָס פּוילישע ייִדנטום״ זיך ווענדן:


**Unión Central Israelita Polaca en la Argentina**
Pueyrredón 667 Buenos Aires

ז. סעגאַלאָוויטש

# טלאָמאַצקע 13

(פון פארברענטן נעכטן)

ארויסגעגעבן דורכן
צענטראַל - פאַרבאַנד פון פוילישע יידן אין אַרגענטינע
פארלאגס - לייטונג: א ב ר ה ם מ י ט ל ב ע ר ג
בוענאָס איירעס, 1946

# אינהאלט


| | | זייט |
|---|---|---|
| | צום לייענער | 7 |
| 1 | די בודע | 9 |
| 2 | ווארשע | 34 |
| 3 | די פּראָווינץ | 53 |
| 4 | זיבן פענסטער | 78 |
| 5 | שטולן | 104 |
| 6 | דריי | 126 |
| 7 | נישט פארגעסענע פּנימער | 147 |
| 8 | דער פאטעפּאָן | 168 |
| 9 | געסט | 187 |
| 10 | א שטענדער פאר אלעמען | 208 |
| 11 | פארלאָשענע לאָמפּן | 228 |
| | נעמען - רעגיסטער | 251 |

# צום לייענער

נאָך ערב דעם חורבן, אין יאָהר 1938, ווען דער יידישער ליטעראַטן און זשורנאַליסטן־פאַראיין אין וואַרשע האָט זיך איבערגעצויגן פון זיין היסטאָריש־געוואָרענער דירה, פון טלאָמאַצקע 13, אין אַ נייער מער־באַשיידענער וווינונג אויף גראַניטשנע 11, האָט מלך ראַוויטש פאַרעפנטלעכט אין דער אויסלענדיש־יידישער פּרעסע אַ סענטימענטאַלן קדיש, ווו ער האָט געמאַכט דעם רוף:

„לאָמיר זיך פאַרזאַמלען בײנאַכט אויפן אַלטן מאַרק פון טלאָמאַצקע 13, וואָס איז שוין פאַרביי, לאָמיר זיך פאַרזאַמלען איבער אַלע ימים און גרענעצן אריבער און לאָמיר דערציילן די אומצאָליקע מעשיות פון אונזער היים פון 22 יאָר צייט".

אויפן אַלטן מאַרק פון טלאָמאַצקע 13 קענען מיר זיך שוין, ליידער, מער נישט פאַרזאַמלען, ווייל דאָס דאָזיקע אָרט, פּונקט ווי דאָס גאַנצע יידישע לעבן אין פּוילן, איז איצט איין גרויסער בארג חורבות, באַדעקט מיט זאַמד, וואָס בייזע ווינטן טראָגן־אָן פון אַלע זייטן און פאַרוואַקסן מיט ווילדן גראָז.

אָבער איבער ימים און גרענעצן פאַרזאַמלען זיך די, וואָס זענען אין טרעבלינקע און מאַידאַנעק נישט געווען און דערציילן זיך מעשיות וועגן דער היים אונזערער...

דעם ערשטן פּרווו פון אַ גרעסערער אַרבעט וועגן טלאָמאַצקע 13, וועגן דעם פאַרבּרענטן נעכטן אונזערן, האָט געמאַכט ז. סעגאַלאָוויטש אין דעם דאָזיקן ווערק, וואָס מיר פאַרעפנטלעכן איצט. אַלס דער ניינטער באַנד פון דער ביכער־סעריע „דאָס פּוילישע יידנטום".

סעגאַלאָוויטש שרייבט נישט קיין געשיכטע פון טלאָמאַצקע 13. ער

גיט נישט־אָן קיין דאַטן. ער האָט פאַר זיינע אויגן אויפגעלעבט געשטאַלטן און עפּיזאָדן פון העכער צוויי צענדליק יאָר יידיש לעבן, פון זיין אייגענעם לעבן און פון אונזער אַלעמענס לעבן, האָט עס פאַרצייכנט אַלס מאַטעריאַל צו דער געשיכטע פון דעם יידישן קולטור-לעבן אין פּוילן.

סעגאַלאָוויטש האָט זיך באַמיט נאָכמאָל איבערלעבן די צוואַנציק יאָר טלאָמאַצקע 13, וואָס זענען צוזאַמען מיט דער מערהייט פון די גע-שטאַלטן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַש.

די רעדאַקציע פון דער ביכער-סעריע האָט זיך באַמיט אַריינצוברענ-גען אין דעם בוך וואָס מער אילוסטראַטיוון מאַטעריאַל. די בילדער און צייכענונגען דערגענצן דעם דאָקומענטאַלן כאַראַקטער פון סעגאַלאָוויטשעס בוך. די רעדאַקציע באַדויערט, וואָס עס איז איר נישט געלונגען צו גע-פינען די בילדער פון אַלע פּערזאָנען, וואָס ווערן אין דעם ווערק דערמאָנט. מיר זענען אָבער צופרידן, וואָס אַ באַדייטנדיקן טייל איז אונז יאָ געלונ-גען צונויפצוזאַמלען און דאָס אַ דאַנק דעם בילדער־אַרכיוו פון ייווא און דער צענטראַלער ביבליאָטעק אין בוענאָס-איירעס און אַ דאַנק דער ווערטפו־לער פּריוואַטער זאַמלונג פון פּריינט משה לייווא.

אַ סך בילדער זענען רעפּראָדוצירט געוואָרן פון „די ליטעראַרישע בלע-טער", „אילוסטרירטע וועלט", „אילוסטרירטע וואָך", „יידישע בילדער" — אויסגאַבן, וואָס דער רוב פון זיי זענען היינט יקר-המציאותן.

ד י  ר ע ד א ק צ י ע.

בוענאָס - איירעס, נאָוועמבער 1946.



דוד פרישמאן, ז. סעגאַלאָוויטש און ח. נ. ביאַליק

(פאָטאָגראַפירט אין אָדעס, אין יאָר 1916)

1

# די בורע

צווישן צוויי גאַסן אין וואַרשע איז געווען אַ מיטן-גאַס, אַ קורצע גאַס, וואָס האָט געציילט אינגאַנצן פופצן נומערן, צווישן ביעליאַנסקאַ-גאַס און לעשנאָ-גאַס. אויף נומער ניין איז געווען די טלאָמאַצקע שול. די שענסטע און גרעסטע שול פון פוילן, נישט אַריינרעכענענדיק די אַל-טע, היסטאָרישע שולן, וועלכע האָבן באַשטימט געהאַט אַ טיפערע באַדייטונג פאַר דער טלאָמאַצקער שול, די שול פון די רייכע און אַסימי-לירטע יידן. די דאָזיקע שול האָט זיך געקאָנט פאַרגינען צו אַנגאַזשירן די בעסטע חזנים, אָבער געדאַוונט האָט מען געשמאַקער אין אַנדערע שולן.

טלאָמאַצקע שול איז געשטאַנען אָפּגעזונדערט, מעשה יחסן, ברייט אין פאַרנעם, אַריסטאָקראַטיש-שווייגנדיק, מיט ברייטע טעראַסן - טרעפּ, מיט ביימער אַרומגערינגלט און עטלעכע טריט פון דער שול, עטלעכע טריט פון די ביימער איז געווען דער פאַראיין פון יידישע זשורנאַליסטן און ליטעראַטן.

מען קאָן זאָגן, אַז צווישן די הויז-נומערן, וואָס מיר געדענקען פון אונזערע פאַרברענטע און אויסגעליידיקטע שטעט, איז דאָס אַ בולטער נו-מער. מען קאָן אים נישט פאַרבייגיין אין די געדאַנקען. דער בנין שטייט פאַר די אויגן, די חברים און פריינט פון ליטעראַטן - פאַראיין קאָנען מיר נישט פאַרגעסן, ווייל דאָס וואָלט געהייסן זיך זעלבסט פאַרגעסן. האָפענונ-גען האָבן זיך פון טלאָמאַצקע דרייצן געצווייגן, אונזער פרייד און אומעט,

אונזערע שמחות און לאנגווייליקייטן. זאָל דאָס איצטער אין אונזערע זכרונות זיין דער טרויעריקער יום - טוב. אונזער בודע, אונזער היים. נישט איינמאָל איז עס אונז וואָכעדיק געוואָרן, ווי יעדע היים. מיר זענען נאאיוו געווען און נישט אָפּגעשאַצט, וואָס מיר פאַרמאָגן. זייענדיק דאַמאָלט מיט אַלע חברים צוזאַמען, האָט מען זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז מען קאָן פאַר-בלייבן אַזוי פינסטער און בלוטיק פאַרעלנדט. ווי שטאַרק לעבן זאָל נישט זיין, קאָן מען זיך קיין אָרט נישט געפינען. וואָס ליכטיקער די זון שיינט, אַלץ שוואַרצער איז זי, די וויסטע פינסטערניש...

טלאָמאַצקע דרייצן.

א הויז-נומער, וואָס האָט זיך אין פאַרלויף פון צוואַנציק יאָר דער-וואָרבן אַ פּאָפּולאַריטעט נישט נאָר ביי דער אינטעליגענץ און ביי דער יוגנט פון גאַנצן יידישן פּוילן. דער נאָמען „טלאָמאַצקע דרייצן" איז אַוועק ווייטער פון פּוילן. טלאָמאַצקע דרייצן איז געוואָרן אַן אַדרעס. פאַר איינע איז דאָס געווען אַן אַדרעס צו בענטשן, פאַר אַנדערע — אַן אַדרעס צו זידלען. פאַר אונז יידישע שרייבער און זשורנאַליסטן איז דאָס געווען אַ נויטווענדיקייט. אַן אַדרעס, אַן אָפענע טיר, אַ ווינקל, וווּ מ'קאָן זיך האַל-טן איינגאַנצן פריי, יידישלעך פריי. געזאָלט האָט עס הייסן, אַז די פּראָפע-סיאָנעלע אינטערעסן זאָלן דאָמינירן. דער פאַראיין האָט געהאַט די אויפ-גאַבע צו פאַרבעסערן די עקאָנאָמישע לאַגע פון זיינע מיטגלידער, אָבער אין דער אמתן איז מער פאַר אַלץ טייער געווען די היימישקייט, וואָס האָט זיך געשאַפן אין דער „בודע", אַזוי האָבן מיר צווישן זיך גערופן דעם פאַראיין אונזערן. די בודע האָט פאַרנומען פינף צימערן מיט אַ קיך. אין די פינף צימערן איז אויך געווען אַ גרויסער זאַל, וווּ עס זענען אַ גאַנץ יאָר פאָרגעקומען פאַרלעזונגען, דיספּוטן און משפּטים, געזעלשאַפטלעכע און ליטעראַרישע. אין די אַלע צימערן איז שטענדיק געווען באַוועגונג. דער עולם אַ גרויסער. די טיר פון טלאָמאַצקע דרייצן האָט זיך קיינמאָל נישט פאַרמאַכט. די צימערן זענען קיינמאָל איינגאַנצן נישט פאַרלאָזן געוואָרן. יעדער איינער, וואָס האָט עפּעס געהאַט אַ שייכות צו טינט און פעדער, איז געווען אַן איינענער מענטש פון פאַראיין. נישט איינמאָל האָט מען אין די ווענט פון דער „בודע" פאַרגעסן, אַז אין וואַרשע זענען פאַראַן אַ סך פאַרוויילונגס-ערטער, קאַפע-הייזער, טעאַטערס, קינאָ און נאַכט-לאָקאַלן.

מען האָט עס פאַרגעסן דערפאַר, ווייל מען איז ביי די טישלעך פאַר־
קראָכן אין דיספוטן וועגן אַלץ און אַלעמען.

וויפיל מאָל האָט עס פּאַסירט: ביי אַ טיש זיצן אַ גרופּע חברים,
שוין פאַרנאַכט, מען האָט זיך פאַרשמועסט וועגן פילאָזאָפיע, פּאָעזיע,
קבלה און וועגן נעכטיקן טאָג. אַ קליין וועלטל האָט זיך אָפּגעריסן פון
דער גרויסער וועלט. עס איז שוין פינסטער אויף דער גאַס, פינסטער אין
גרויסן זאַל פון פאַראיין. קיין נייע חברים קומען איצט נישט אַריין,
אַנדערע אַרבעטן איצט אין די רעדאַקציעס, אַנדערע פאַרברענגען ווו
און דאָ די טעלעכע ביי זיך, אין איינעניעם לאָקאַל, מען האָט זיך געלאָזן
וווילגיין מיט זכרונות, מען הערט רואיק אוים דעם צווייטן. עס איז
פינסטער און קיינעם פאַלט נישט איין אָנצוצינדן אַ לאָמפּ. אין די אַלטע
בתי־מדרשים איז מען אויך אַזוי געזעסן אין דעמערונג, אין נאַכט. נישט
איינמאָל האָבן די דאָזיקע דיספוטן דערגרייכט צו גאָר אַ הויכער מדרגה.
עס האָט זיך פון פּלאַץ נישט געוואָלט אַוועקגיין און זאָל דער טומל פון
גאַס נישט שטערן. עס האָט געקאָנט אויסזען, ווי פאַרשווערער וואָלטן
זיך באַראַטן, אָבער דאָ האָבן געשמועסט מענטשן, וואָס זענען פּאַסיוו צו
אַלע קאַמפן. פאַראַן אַ וועלט, באַדאַרף מען שמועסן וועגן אַלץ פון דער
וועלט...

בפירוש וועגן אַלץ און אַלעמען. און כאָטש מיר אַלע אַליין
האָבן זיך אין גוטמוטיקער איראָניע קעגנזייטיק אָנגערופן בטלנים, מוז
מען דאָ באַשטעטיקן, אַז דער פאַראיין איז פאַר אונז געווען אַ מין אוני־
ווערסיטעט, ווו מיר האָבן איינער ביים צווייטן פיל געלערנט. נישט גע־
ווען קיין טעמע, וואָס זאָל נישט אַרויסשפּרינגען ביי די טישלעך, נישט גע־
ווען קיין טאָג־פראַגע און קיין וועלט־פראַגע, וואָס מען האָט דורכגעלאָזט...

אויף טלאָמאַצקע דרייצן, אין דער קליינער פרייער שרייבער־רעפּוב־
ליק, איז אמת פריי געווען און אַ מיינונג איז געווען אַ מיינונג, מען האָט
עס פאַרטיידיקט, ווי אַ בלוטיקע זאַך. נישט געווען אין אונזער דור נאָך
אַזאַ לאָקאַל, ווו יידן פון פאַרשידענע אידעאָלאָגיעס, ווו יידישע שריי־
בער פון פאַרשידענע ריכטונגען האָבן באַוויזן מיט אַזוי פיל פריינטשאַפט
און טאָלעראַנץ צו דיספּוטירן. יעדער איינער האָט געבראַכט זיינס. אַלץ

איינס, צי דאָס איז געווען אהרן איינהאָרן מיט זיין „סאָרבאָן“, צי דאָקטאָר
יהושע גאָטליב מיט זיין „בערן“, אָדער ישראל שטערן מיט זיין „אָס-
טראָלענקאָ“, צי איינער האָט גערעדט וועגן שפּינאָזאַ און דער צוויי-
טער וועגן קבלה. דאָ זענען אַלע געווען גלייכבארעכטיקט. דער עיקר:
גיב עפּעס א רעכטן באַוויז, אַ ריכטיקע אַנאַלאָגיע, אַ וויכטיקן ציטאַט.



ד״ר י. גאָטליב

(צייכענונג פון י. טיקאָטשינסקי)



ישראל שטערן



אהרן איינהאָרן

(צייכנונגען פון פעליקס פרידמאַן)

איך ווייס נישט, צי איך בין געווען אַ גרעסערער, אָדער אַ קלענערער בטלן
פאַר אַנדערע, נאָר איינס ווייס איך אויף זיכער, אַז איך האָב ביי אונזערע
„בטלנים“ אַ סך געלערנט, אַ סך דערגענצט און ליב באַקומען די שעהן,
ווען עס איז געווען עולם און דיספּוט איז אָנגעגאַנגען, און שפּאַס, לצנות,
געזאַנג... געווען אַ סאַטיספאַקציע: חברים ווילן זיך אין זייער היים.
געווען ביי אונז אַ האַרציקע כוונה, זיי זאָלן זיך דאָ פילן גוט.

אויף דעם סאַמע אָנגעזעענעם אָרט איז געהאַנגען גאָר אַ גרויסער
פּאָרטרעט פון י. ל. פּרץ, אַזוי, אַז שטענדיק האָט מען געזען פּרצן פאַר
די אויגן. וואָס איז דאָס געווען? אַ סימבאָל? אַ סענטימענט, אָדער אַן
אָנווייזונג? מען האָט עס פאַרשטאַנען פּשוט: אין אַ לאָקאַל פון יידישע

זשורנאַליסטן און ליטעראַטן באַדאַרף הענגען דער פּאָרטרעט פון י. ל. פּרץ.

פּרץ האָט באַדייט אַ גרענעץ, אַ געזעגעניש מיט דער אַסימילאַ-ציע. מענטשלעכע יידישקייט. דאָס איז געווען זיין ווילן און ווירקונג. נישט אויסקרימען דאָס פּנים, נישט מאַכן זיך לעבערלעך פאַר גאָט און פאַר לייטן. אונטער דעם צייכן איז געגאַנגען די לעצטע צענדליקער יאָרן די אַרבעט פון יידישן שריפטשטעלער, זשורנאַליסט און כלל - טוער. אונטער דעם זעלבן צייכן איז געשאַפן געוואָרן טלאָמאַצקע דרייצן, די בודע, דער פאַראיין. אַלע האָבן דאָס פאַרשטאַנען. כאָטש קיינער האָט וועגן דעם נישט געפּויקט.

זעלטן ווען די צימערן פון פאַראיין זענען ליידיק געווען. און אפילו אין די ליידיקע שעהן איז דאָך נאָך אַלץ ווער פאַרבליבן. עמעץ אָטעמט אין זאַל, עפּעס ווער סקריפּעט מיט אַ פּעדער, עס שאַרכט אַ בלאַט, מען לייענט אַ בוך. דריי שטענדיקע זענען דאָרט געווען. ווען מען איז אין פאַראיין אריין, האָט מען דאָרט די דריי שטענדיקע אַלע מאָל געפונען. הערשעלע דאַניעליעוויטש, אַ פאָלקס־דיכטער און אַ זאַמ־לער פון פאָלקס־דיכטונג, אַ נידריקער, אַ ביי-זער און אַ נעבעכדיקער אינאיינעם. ער איז געווען דאָס אמתע קעסט-קינד פון פאַראיין. דער פאַראיין האָט איהם געבאָרגט געלט, דער פאַראיין האָט אויסגעפּועלט אַביסל קאָרעקטור פאַר אים אין די רעדאַקציעס, דער פאַראיין האָט אים חתונה געמאַכט, אַ



הערשעלע

קרעמל געעפנט אין הענריקאָוו, אַ פאַרשטאָט פון וואַרשע. אָבער קיין פּרנסה האָט ער נישט געהאַט. ווען הערשל דאַניעליעוויטש וואָלט געהאַט פּרנסה, וואָלט ער נישט געווען „הערשעלע". קיין גרויס נחת אין זיין פאַמיליען-לעבן האָט ער נישט געהאַט, אַנדערש וואָלט ער נישט אָפּגעזעסן גאַנצע טעג און נעכט אין לאָקאַל פון פאַראיין. איך געדענק, ווי ער איז

## ז. סעגאלאָוויטש

איינמאָל אריין אין אונזער קאַנצעלאַריע, צום סעקרעטאַר איז ער געקומען.
דער סעקרעטאַר איז געווען מלך ראַוויטש:

— גיב מיר צען זלאָטעס, איך מוז פאָרן אהיים.

ראַוויטש באַווייזט אַ בלייפעדער:

— די בלייפעדער זאָגט, אַז קיין געלט איז נישטאָ.

הערשעלע איז פאַרצווייפלט און ער רופט זיך אָן צו ראַוויטשן:

— טאָ פאָר דו צו מיין ווייב, זי זאָל דיך קנייפּן...

אָט דער הערשעלע האָט דעם לאָקאַל אונזערן כמעט ווי נישט פאַר-לאָזן. דער צווייטער מיט אים איז געווען דער אַלטער זאַקס. ווי זיין ערש-טער נאָמען איז געווען, האָט קיינער נישט געוווסט. אַלע האָבן אים אַזוי גערופן: „דער אַלטער זאַקס". אויסגעזען האָט ער, ווי אַ בוכאַרער, געשוויגן האָט ער אַ סך. פון וואַנעט ער איז געקומען, האָט קיינער נישט געוווסט. מען האָט בלויז דערציילט, אַז אין רוסלאַנד, אין דער צאַ-רישער רוסלאַנד, איז ער ערגעץ-ווו אין איינער פון די וויטע פּראָווינצן געווען אַ רעדאַקטאָר פון אַ צייטונג, רייך געווען, אַ פאַמיליע געהאַט. דאָך אַלץ האָט זיך געענדיקט מיט אַ פאַמיליען-סקאַנדאַל און דער ייד איז פאַר-וואָרפן געוואָרן אויף טלאַמאַצקע דרייצן.

איינמאָל האָב איך געהאַט אַ ווילן אַרויסצובאַקומען ביי אים, ווער ער איז. געווען נישט טאַקטיש פון מיר. איך האָב אים געפרעגט:

— זאַקס, ווער זענט איר? פון וואַנעט זענט איר?

ער האָט זיך אַזוי ווי אויפגעכאַפּט און מיך אָנגעקוקט.

— נו, יאָ! ווער זענט איר?

האָט ער אַ ברום געטאָן:

— דאַ... יאָ...

— איר ווילט גאָרנישט דערציילן וועגן זיך?

— דאַ... יאָ... דאָס איז אַ צו וויטע רייזע מיין לעבן, אַ וועלט-רייזע, איר פאַרשטייט, אַ צו וויטע רייזע, אַ קאָמיש-טראַגישע רייזע און מיט יסורים אַ סך, אַזעלכע יסורים, פאַר וועלכע דאָס שווייגן איז די איינציקע רפואה.

איך האָב דערזען פאַר זיך אַ נע-ונדניק, וואָס וויל וועגן זיך נישט ריידן און איך האָב זיך געמוזט טרייסטן בלויז מיט דעם, וואָס ער האָט געפונען אַ ווינקל אין אונזער פאַראיין.

געאַרבעט האָט ער אין אַ יידישער רעדאַקציע. נאַכט-קאָרעקטור. צי ער האָט געהאַט אַ צימער, האָט אויך קיינער נישט געוווּסט. ער איז שטענדיק געזעסן אין לאָקאַל פון פאַראיין. ער האָט געהאַט איין ליידנ-שאַפט: די רוסישע שפּראַך. האָט ער געפּאַקט איינעם, מיט וועלכן מען קאָן ריידן רוסיש, איז ער שוין פון יענעם נישט אָפּגעטראָטן. ער האָט אויסגעלאַכט די גאַנצע וועלט, אין קיין זאַך נישט געגלויבט, נאָר פּושקינען, דעם גרויסן רוסישן דיכטער, זאָל קיינער נישט אָנרירן, ווייל עס קאָן זיך ענדיקן מיט אַ סקאַנדאַל... קיין סך בעלנים צו ריידן מיט אים רוסיש האָט ער נישט געהאַט, האָט מען דערציילט, אַז בעת קיינער איז נישטאָ, רעדט ער רוסיש מיט דער וואַנט און מיט דער קאַץ פון פאַראיין.

די קאַץ האָט געהייסן „פּיפּי". די קעץ אין פאַראיין האָבן זיך געביטן, נאָר אַלע האָבן זיי שטענדיק געהייסן „פּיפּי"...

הערשעלע דאַניליעוויטש, דער אַלטער זאַקס און „פּיפּי", דאָס זע-נען געווען די דריי שטענדיקע שטאַם-זיצערס פון טלאַמאַצקע דרייצן. דער קליינער הערשעלע דאַניליעוויטש פלעגט זיך פאַררוקן אין אַ ווינקל און שרייבן מיט פּיטשינקע בוכשטאַבן אין אַ קליין ביכעלע זיינע פאַלקס-מאַ-טיוון. און דער אַלטער זאַקס גלעט די קאַץ. ער רעדט צו איר רוסיש:

— קאָשעטשקאַ דאָראָגאַיאַ . . . טייערע קעצעלע.

רוסיש, בלויז רוסיש האָט ער גערעדט צו דער קאַץ. די גאַנצע נשמה האָט ער אַריינגעלייגט אין די ווערטער זיינע, מיט עכט רוסישן אַקצענט, מיט זאַפטיקייט און סלאַווישער אינטאָנאַציע:

— קאָשעטשקאַ דאָראָגאַיאַ ! טייערע קעצעלע !

אָבער דאָס איז געווען בלויז אַ צוגאָב צום לעבן פון פאַראיין. אַנדערש האָבן די צימערן אויסגעזען, ווען די מחנות זשורנאַליסטן פלעגן אָנקומען פון די רעדאַקציעס. זיי האָבן דאָ מיטגעבראַכט דעם אָטעם פון דער וועלט און דער עיקר, זיי האָבן מיטגעבראַכט דעם אָטעם פון דריי מיט אַ האַלבן מיליאָן פּוילישע יידן. דעם גאַנצן קנויל פון אונזער גע-זעלשאַפטלעכן לעבן . . .

* * *

קומען אין פאַראיין האָט געהייסן זיין אין קורס פון אַלע אונזערע ענינים. נייעס און אָפּשאַצונג פון די נייעס. קיינער איז נישט פאַרפליכטעט געווען צו ריידן און דערציילן, וואָס ער ווייסט אין דער רגע, נאָר עס האָט זיך שוין אַליין גערעדט. רואיק מיט לאַנגזאַמע טריט פלעגט יהושע גאָטליב אַריינקומען, מיט האַסטיקע טריט איז שוואַלבע אַריינגעלאָפן. נתן שוואַלבע, דער רעדאַקטאָר פון דער יידיש-פוילישער בלאַט „נאַש פּשעגלאָנד". ער האָט שטענדיק מיטגעטראָגן איינע אָדער עטלעכע סענסאַציעס. מיינסט, אַז די וועלט קערט זיך שוין איבער, נאָר די וועלט האָט זיך נישט איבערגעקערט, נאָר דערפאַר האָט שוואַלבע געקומען מאַטערן דעם באַלעבאָס פון בופעט: עסן, וואָס זאָל מען עסן? נישט געווען אַליין קיין פרעסער. ער האָט אָבער ליב געהאַט די צערעמאָניע אַרום עסן. יעדער איינער האָט דאָרט געהאַט ביי אונז זיינע משוגעתן. אַ לעבעדיק וועלטל געווען. אַ קלוג וועלטל, וועלכע האָט זיך אַליין געשטעמפּלט מיט דעם צונעמעניש „בטלנים". געווען שטאַרקע קאָנטראַסטן פון דערציאונג, אידעאָלאָגיעס. אָבער טלאָמאַצקע דרייצן איז דאָך איין משפּחה געווען.

עס איז געגאַנג אויפצוהייבן דעם קאָפּ און וואַרפן אַ בליק אויף די טישלעך און אויסרעכענען די נעמען פון די, וואָס זיצן ביי די טישלעך. אָט איז משה לייזעראָוויטש, אַ בריסקער, אַ מיטאַרבעטער פון „היינט", לעם אים דער הומאָריסט יוסף טונקל, לייזעראָוויטש וויצלט זיך מיט אים. ער וויל זיין מער הומאָריסט ווי דער טונקעלער, ער וויל פאַרדעקן די רבנישע קנייטשן פון זיין שטערן מיט אַ פרייליכן שפּאַס. דעם בונדיסט שעפּנער געלינגט זיי איצט ביידן אויסצולאַכן. ביי אַ צווייטן טיש זיצט אַ מיטאַרבעטער פון „אידישן טאַגעבלאַט" אין אַ יאַרמולקע, מיט אים דער פּולקאָווניק ד"ר מיזעס, ער איז דער הויפּט-ראַבינער פון דער פּוילישער אַרמיי. אָבער ער פאַרברענגט אין אונזער לאָקאַל מער, ווי מיט די סאָלדאַטן. זיי פירן עפּעס אַ שמועס, אוודאי וועגן דער „אגודה", וועגן פרומקייט. אביסל וויטער זיצן נאָך צוויי. דאָס זענען בערקמאַן און מעטראָפּאָליטאַנסקי, ביידע מחברים פון העברעאישע לערן-ביכער. זיי האָבן געמיינזאַמע ענינים און ריידן זיי אַרום. ביי איין טיש רעדט מען הויך, מאַרקיש האָט זיך צונויפגעטראָפן מיט אורי צבי גרינבערג, מוזן זיי ריידן הויך. ביי דעם זעלבן טיש י. י. זינגער, ראַוויטש און משה בראָדערזאָן,



ג. שוואלבע

(ציכענונגען פון פעליקס פרידמאן)

דאָס איז דער אמתער פּאַרנאַס. דאָס איז אַ פּאָעטישער דיספּוט, אָדער
דיספּוט וועגן פּאָעזיע. זיי זענען ערנסט און אַביסל צעפּלאָמט. דער גורל
פון דער וועלט-פּאָעזיע ווערט דאָ געחתמעט . . . אין דעם קומט צו צו זיי
דער קליינער הערשעלע, הערשל דאַניעליעוויטש מיט זיין ביכעלע לידער . . .

— איך וויל אייך לייענען אַ ניי לידל. ער וויל און ער לייענט שוין.
אַ קליין הערשעלע לייענט פון אַ קליין ביכעלע קליינע שורהלעך. פּאָלקס-
טימלעכע פּשוטע שורהלעך. ער לייענט איין לידל, צוויי לידלעך, דריי,
ער האַלט שוין ביי צען, ביי פופצן. פינף דיכטער הערן אים אויס, זיי
מוזן אים אויסהערן, ווייל ער האַקט איין ליד נאָך דעם צווייטן. זיי זענען
גענוג גרויסמוטיק, די צוהערער, זיי רייסן אים נישט איבער, אָבער זייער
געשפּרעך וועגן הויכע און העכערע ליטעראַטור איז שוין איבערגעריסן
געוואָרן.

אָט אַזוי איז עס אָנגעגאַנגען ביי די טישלעך פון דער בודע. ד"ר
גאָטליב האָט געהאַט זיין אווידיטאָריע. ד"ר שיפּער האָט געהאַט זיין עולם.
איינער מיטן צווייטן און אַלע צוזאַמען.

אָט נעמט איינער אַרויס אַ בלייפעדער און צייכנט אויף אַ ווייס
שטיקל פּאַפּיר אַ פּנים פון אַ צווייטן. דער צווייטער האָט קיין געדולד נישט
צו זיצן, מאַכט דער מאָלער גוואַלדן. וואָס שרייט ער אַזוי? ווער איז

## ז. סעגאלאָוויטש

דער שרייער. זיין נאָמען איז בער האראוויץ. ער איז א באוווסטער דיכטער פון קראָקע, אין גאַליציע — זאָגט מען — האָט ער אַ צוויי הונדערט געליבטע, נאָר יעדע פאַר וואָכן קומט ער צולויפן קיין ווארשע און זיצט אָפּ גאַנצע טעג אין פאראיין. טלאָמאָצקע דרייצן איז זיין היים. ער שרייבט שטאַרקע לידער און מאָלט גאַנץ פיין. אין דער היים ביי זיך אין גאַליציע האָט ער מיט זיין מוטער אַ פאָלווארק. בער האראוויץ אַרבעט ביי דער ערד, האָט ליב די ערד און שרייבט וועגן דעם לידער. ער איז געזונט, כמעט צו געזונט צו שרייבן לידער, מיט זיינע און מיט ברוינערם צייכענונגען זענען באַהאַנגען די ווענט פון אונזער ערשטן זאַל. דער צווייטער, וואָס זיצט קעגן אים און פאַזירט אומגעדולדיק, איז ישראל ראַבאָן פון לאָדזש, פון באַלוט, פון אָרעמקייט אַרויס. ער האָט אַ גע־שטייפטן פנים, נישט קיין הימלבלע אויגן, דאָך מיט נישט קיין הימלבלע אויגן קאָן מען אויך שרייבן לידער. אמת, בייזע לידער. לאָזט אים, דעם דאָזיקן בחור, וועט ער מיט זיין פּאָעזיע און מיט זיין צאָרן איבערקערן די וועלט. דאָך די וועלט האָט אים פאַרברענט. אויך בער האראוויץ איז אַוועק אין פייער. אַ סך אַזעלכע אָריגינעלע פּאָעטן האָט דאָס פייער פאַר־שלונגען, און משה שימעל מיט זיין ליד און יונגע יאָרן און די עלטערע יידישע דיכטערין מרים אוליאַנאָווער, זי איז אויך געזעסן ביי אונזערס אַ טישל און אויך צעקנייטשטע פּאַפּירלעך אונז באַוויזן אירע פערל...
אירע פאָלקס-לידער. זי האָט אירע לידער אָנגערופן „פון מיין באָבעס אוצר”, נישטאָ שוין קיין באָבע און נישטאָ שוין קיין אוצר.

נישטאָ ירחמיאל גרין. פון מזרח-גאַליציע, פון אַן אוקראַאינישן באַרג-דאָרף. די נאַטור פון דאָרט האָט געזונגען אין אים, די נאַטור פון דאָרט האָט געקלאַפּט אין זיינע אָדערן, ווען מיר פלעגן ריידן, איז דאָס געווען וועגן וועלדער אויסגעהאַקטע און נישט-אויסגעהאַקטע, וועגן וואָרצלען פוןביימער, וואָס ווילן פון דער ערד נישט אַרויס, וועגן הויכע טאָפּאָליען און ווילדע גראָזן... צוויי ראָמאַנען האָט ער אָפּגעדרוקט אין די יידישע ווארשעווער צייטונגען: „באַרג-יידן” און „די וועבער פון קאָ־לאָמעיע”. זיין דריטן ראָמאַן „בעל-שם” נישט געענדיקט, ווייל זיין לעבן האָט זיך געענדיקט... דאָס איז געווען אַ טאַלאַנט צום בענטשן. און

נישט ער אליין. פון די שטעטלעך זענען צו אונז געגאנגען א סך יונגעלייט מיט כתב-ידן, געזאנג איז דערשטיקט געווארן . . .

איך זע געשטאלטן, איך רוף אן נעמען, איך רעד זיך אדורך מיטן טויט און דערבײַ פיל איך, אז מיטן טויט איז בעסער צו שווייגן, דאס שווייגן איז טיף און ווערטער זענען זייער אָרעם.

איך זע טלאמאצקע דרייצן. געווען דאָרט אמאָל א יום-טובֿ פאר אונז, געווען צער, געווען וואָכעדיקייט, געווען א פארוואַלטונג מיט א קאנ-צעלאריע. געווען א סעקרעטאר מיט א געהילף-סעקרעטאר, געווען א באדי-נער צום רייניקן, א ספּעציעלער מענטש צו היטן די אויבער-מלבושים. מען האָט געוואָלט אָרדענונג, אָבער קיין ריכטיקע אָרדענונג איז קיינמאָל נישט געווען. די פּאלטאָס מיט די היט האָבן זיך געוואלגערט אויף די שטולן, די פּאדלאָגע האָט קאָנקורירט מיט די אַש-בעכערס. קיין גוטע רייד האָבן נישט געהאָלפן און שרייען אויף חברים האָט זיך קיינעמען נישט געגלוסט. מען האָט געוואָלט דאָס ביסל באַהעמישע פרייהייט און אפשר איז טאקע אזוי בעסער געווען. דריי הונדערט מיטגלידער האָט דער פאראיין געהאט און איין פאָרזיצער. אין דער אמתן אָבער זענען געווען דריי הונדערט פאָר-זיצערס און איין מיטגליד. דאָס הייסט נאָך נישט, אז די דריי הונדערט זענען געווען פאררייסענע יחסנים. זיי האָבן בלויז געוואָלט, אז דער איינער, דער אויסגעוויילטער פאָרזיצער, זאָל נישט זיין קיין יחסן.

דער עיקר: מען דאַרף עפּעס דערציילן און זיך נישט מאכן נאריש מיט עפּעס אַן „אָרדענונג”.

עס איז מיטאָג-צייט, עס קלאַפּן גאָפּל־מעסער. מען עסט און מען שמועסט און צוזאמען מיט א לעפל קרופּניק האָט מען נישט איינמאָל אראָפּ-געשלונגען א פילאָזאָפישן ציטאַט, א זאָג פון גמרא, א פערז פון א פרעמדן, צי פון אַן אייגענעם דיכטער, א רכילותל, אָדער א וויץ פון אונזערע אייביקע יידישע וויצן. די קאַץ „פּיפּי” איז אויך געווען א שותפטע צו די טישלעך. זי האָט געהאט איר באַגריף און פילאָזאָפיש-קעצישן קוק אויף די אַלע זאַכן, וואָס מענטשן פּאַרטייטשן . . . דאָס בעסטע טישל איז דאָס, ווו מען וואַרפט אראָפּ פאר איר א גרעסער שטיקל פלייש . . .

* * *

עס וואָלט געפעלט, ווען איך דערמאָן דאָ נישט דעם נאָמען „אַרנאָלד".

אַרנאָלד...

נישט קיין זשורנאַליסט, נישט קיין דיכטער, נישט קיין מוזיקער און נישט קיין מאַלער. אַרנאָלד איז געווען אַ טעאַטער-מענטש. נישט קיין אַק-טיאָר, נישט קיין סופלעאָר, נישט קיין אימפּרעסאַריאָ אפילו און דאָך אַ טעאַטער-מענטש. אַ סך ווייניקער און אַ סך מער, ווי אַ דירעקטאָר פון טעאַ-טער: ער האָט אַריינגעלאָזט די טעאַטער-באַזוכער און ער פלעגט אַרויסוואַרפן די, וועלכע האָבן זיך אַריינגעגנבעט אָן אַ בילעט. אויסער דעם האָט ער גע-האַט נאָך אַ וויכטיקע פונקציע, ער האָט באַדאַרפט מאַכן די רעקלאַמע און אכטונג געבן, אַז די נאָטיצן אין די צייטונגען זאָלן פּינקטלעך אַריינגיין. דערצו האָט ער געהאַט זיין מעטאָד: ער פלעגט גיין אין מיטן נאַכט פון איין רעדאַקציע אין דער צווייער און קאָנטראָלירן און איינבעטן זיך, אַז ז י י ן נאָטיץ זאָל אַריין. חברה שרייבערס האָבן דערפאַר אַרנאָלדן אָנ-גערופן: „נאַכט-רעדאַקטאָר"...

אַ הויכער איז ער געווען מיט גאָר לאַנגע הענט, מיט אַ גוטמוטיקן פּנים, מיט אַ פּנים פון אַזאַ איינעם, וואָס איז שטענדיק גרייט אויף אַביסל לצנות און די גרעסטע לצנות זיינע איז געווען דאָס, וואָס ער האָט זיך אַ גאַנץ לעבן געמאַכט פאַר אַ נאַר, באַוווסטזיניק זיך געמאַכט פאַר אַ נאַר, כדי אַנדערע, וואָס האַלטן זיך פאַר קלוגע, זאָלן פון א י ם לאַכן, און דער אמתן איז ער געווען קליגער פאַר זיי. אונזער גאַסט, אונזער שטאַם-זיצער ביי די טישלעך, האָט מיט אַלעמען געלעבט בשלום, אַלע האָבן אים געקלאַפּט איבערן פּלייצע און ער האָט געטאָן דאָס זעלבע: ער האָט אונז אַלעמען געקלאַפּט איבערן פּלייצע, אַלץ איינס, צי דאָס איז געווען די פּלייצע פון גאָר נידעריקן הערשעלע דאַניליעוויטש, צי די פּלייצע פון גאָר הויכן שלום אַש.

צו אונז פלעגט ער קומען אינדערפרי, ביימאָג און נאָך דער טעאַטער-פאָרשטעלונג, ביינאַכט און אין מיטן נאַכט. שטענדיק, ווען די טיר איז געווען אָפן. ער האָט געוווסט אַלע מעשיות און אינטריגעס פון טעאַטער-וועלט. ער האָט געהאַט בריוו פון אַלע אַמעריקאַנער סטאַרן. זיי האָבן גע-שריבן צו אַרנאָלדן אָט גלאַט אַזוי זיך אין שפּאַס, ווי מען שרייבט צו אַ ליץ, וואָס האָט ביי אַלעמען חן אין די אויגן... אָבער די בריוולעך צו

ארנאָלדן זענען אין דער זעלבער צייט געווען „ביזנעס". אַט שרייבט אַ באַרימטער אַקטיאָר: „וואָס מאַכסטע, טייערער אַרנאָלד! איך בין איצט מיט מיין טרופּע אין זיד - אַפריקע. מיר שפּילן דאָ מיט גרויס דערפאָלג, מען טראָגט אונז אויף די הענט, מיר מאַכן דאָ פּעסער מיט גאָלד, אינגיכן וועלן מיר זיין אין יוראָפּ און אויך אוודאי אין ווארשע, גוד באי! ארנאָלד..."

דאָס איז נישט קיין פּשוטער „גוד באי", אַזאַ בריוועלע צו אַרנאָלדן איז אַ גאַנץ אויסגערעכנטע זאַך. דער „סטאַר", וואָס האָט דאָס בריוול אָנ-געשריבן, ווייסט גאַנץ גוט, ווער ארנאָלד איז, ער ווייסט, אַז ארנאָלד וועט דאָס בריוול ברענ-גען אין ליטעראטן-פאראיין, אין אַרטיסטן-פאראיין און אין אַלע רעדאַקציעס, ארנאָלד וועט עס אַלעמען באַווייזן: „איר זעט, ווער עס שרייבט צו מיר", אַלע וועלן דאָס בריוול לייע-נען און זיי וועלן זיך דערוויסן, אַז דער סטאַר „שאַרט פּעסער מיט גאָלד". דאָס איז אַ מין פּאַררעקלאַמע פאַרן קומען קיין וואַרשע אויף גאַסטראָלן.


ארנאָלד
(שארזש)

אין טעות זענען אָבער אַלע די געווען, וועלכע האָבן געמיינט, אַז אַרנאָלד פאַרשטייט זיך נישט אויף די זאַכן. ער האָט געהאַט עטלעכע אונזערע חברים, מיט וועלכע ער איז געווען אָפּנהאַרציק און צו זיי האָט אַרנאָלד אנדערש גערעדט. איך בין אויך געווען פון זיינע נאָ-ענטע. קומט ער צו מיר און באַווייזט מיר אַזאַ בריוול פון איינעם, וואָס שאַרט פּעסער מיט גאָלד

— איר זעט, וואָס דער „דראָנג" שרייבט פון דרום-אפריקע.

— ער איז טאַקע אַ „דראָנג"?, ארנאָלד!

— איך זאָג אייך דאָס. יאָ, ער איז פּוסט, אַ גאָרנישט, אַ דראָנג פון דראָנגענלאַנד.

שפעטער, ווען דער דראנג איז געקומען קיין ווארשע, האט אים ארנאלד געזאגט די בעסטע קאמפלימענטן אין די אויגן. ער האט געטראגן אין די רעדאקציעס ווענן אים די בעסטע נאטיצן.

באגעגן איך ארנאלדן און ווארף אים פאר:

— דיין גרויסער סטאר איז דאך א גרויסער דראנג.

— אמת, איך אליין האב אזוי געזאגט...

— טא וואס מאכסטו פון אים אזא צימעס?

אויף דעם קומט אזא מין ענטפער:

— זאל די גאנצע וועלט אויפהערן צו חנפענען, וועט ארנאלד אויך אויפהערן.

און ער אנטוויקלט פאר מיר זיין טעאריע וועגן חניפה און חנפענען. ער שאנעוועט קיינעם נישט, ער הויבט אן פון ליטעראטן־פאראיין און גייט אוועק אין דער פרעסע, אין דער ליטעראטור, אין סיים, אין קהילה, אין מאגיסטראט. ער רופט אן נעמען און בינדט זיי צונויף מיט פארשידענע געשעענישן... אלץ איז חניפה, אומעטום חניפה, פון אים טאקע האב איך דאס געהערט די טרעפלעכע פראזע:

— מיט חניפה קאן מען אפילו א העלפאנט אוועקלייגן.

ער האט מיט א געבוירענעם אינסטינקט געפילט, וואס גוט און וואס שלעכט, וואס פאלש און וואס עכט. אבער קאמפלימענטן האט ער צוגע־ווארפן אלעמען, אלע שרייבער און אלע אקטיארן. געווען שטענדיק לעם אונז, מיט אונז און מיר אלע אן אויסנאם האבן געוואלט הערן ארנאלדס מיינונג, כאטש פיל האבן פון אים גוטמוטיק געשמייכלט, גריננגעשעצט און געהאלטן זיך מיט אים אין זיין לצנות־סטיל. מען קאן זאגן אויף זיכער, אז פאר די צוואנציק יאר, וואס טלאמאצקע דרייצן האט עקזיסטירט, איז קיין איין טאג נישט דורכגעגאנגען אן ארנאלדן. און פאר ארנאלדן איז איין טאג נישט אוועק אן טלאמאצקע דרייצן...

איינמאל האט עס פאסירט, ווען מען האט ארנאלדן געבעטן, ער זאל מער אין פאראיין נישט קומען. די געשיכטע איז באשטאנען אין דעם, וואס די פאליציי האט אונז געגומען שטארק פארפאלגן. ארעסטן ביי אונז, אויספארשונגען. פאליציי האט געוווסט געגוי, וואס מען רעדט ביי אונז, כאטש מיר האבן קיין פאליטישע ארבעט נישט געפירט, דאך האט ביים

טישל דער אָדער יענער חבר זיך אויסגעדריקט נישט אזוי כשר. פּאָליציי האָט אין עטלעכע פאַלן געוווסט וועגן דעם. האָבן מיר געהאַט א חשד, אז ביי אונז אין לאָקאַל געפינט זיך אזא אינפאָרמאַטאָר, האָבן מיר עטלעכע פון די געסט אונזערע געבעטן, זיי זאָלן צו אונז נישט קומען, ס'איז ביי אונז צו ענג .. צווישן די עטלעכע איז אויך געווען ארנאָלד. האָט ער מיך אָפּגעוואַרט ביים טויער פון טלאמאצקע דרייצן.

— צי איר ווילט, צי איר ווילט נישט, איר מוזט מיך אויסהערן.

איך האָב אים אויסגעהערט. ער האָט פשוט געברענט און געציטערט, ווען ער האָט גערעדט צו מיר:

— איך? איך, ארנאָלד, בין א שפּיאָן? קומט מיט מיר צום קער־בעדזש-בריק וועט איר זען, ווי איך שפּרינג אין טייך. אויב איר וועט פון מיר די חרפּה נישט אראָפּנעמען, וועל איך נישט לעבן, גלויבט מיר, צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן טראַכט איך וועגן טויט.

איך האָב א קוק געטאָן אויף אים און דערפילט זיין אמת און זיין טראַגעדיע. איך האָב אים בארואיקט:

— מאָרגן צו מיטאָג זאָלסטו קומען אין פאַראיין, איך וועל שוין זאָרגן, אז אַלץ זאָל זיין אין אָרדענונג.

איך בין אוועק צו אונזער פאַרוואַלטונג און געזאָגט:

— איך גאַראַנטיר פאַר ארנאָלדן, לאָזט אים אריין אין לאָקאַל.

מען האָט אים אריינגעלאָזט.

ער איז געווען מיט אונז שטענדיק. אַלע אונזערע ענינים האָט ער דורכגעלעבט, ווי זיינע אייגענע. נישט געווען געבילדעט, דאָך האָט ער זייער פיל געלייענט און גאַרנישט שלעכט פאַרשטאַנען. אין אונזער סביבה האָט ער געגנאַשט א סך פראַזן, אויסדרוקן, אויסלענדישע ווערטער, העברעאישע ווערטער. ער האָט עס אַלץ איבערגעדרייט מיטן קאָפּ אראָפּ. א סך מאָל, ווייל ער האָט טאַקע נישט אַלץ פאַרשטאַנען און א סך מאָל, כדי דער עולם זאָל האָבן פון וואָס צו לאַכן. די וועלט איז דאָך א טעאַטער און דאָס שענסטע, דאָס בעסטע אין טעאַטער איז דאָס געלעכטער — טאָ זאָל דער מענטש לאַכן. דאָס איז געווען ארנאָלדס פילאָזאָפיע. טעאַטער, דאָס איז געווען דער סענס פון זיין לעבן. אַלע שפּילן, טאָ זאָל מען בויען וואָס מער טעאַטערס...

ז. סעגאלאָוויטש

— וואָס איז פּילסודסקי? אַן אַקטיאָר מיט פּוילישע וואָנצן.
טראָצקי, לעאָן בלום, טשעמבערליין מיטן פּאַראַסאָל.
אַקטיאָרן, אַלע זענען אַקטיאָרן. די אמתע סטאַרן זענען זיי. די פּראָפעסיאָנעלע אַקטיאָרן זענען בלויז נאָכמאַכערס.
דאָס איז געווען אַרנאָלדס פילאָזאָפיע.

ווען יעדן נייעם ראָמאַן, וואָס מען האָט אָפּגעדרוקט, האָט ער גלייך געפרעגט, צי מען קאָן פון דעם נישט מאַכן אַ פּיעסע. ער פלעגט זאָגן: אַ „פּיעסעלע". נאָך יעדן גרויסן פּראָצעס ווידער די זעלבע פראַגע:
— צי קאָן מען נישט מאַכן פון דעם פּראָצעס אַ פּיעסע?

פון יעדער פאַרשווערונג, פון יעדער מלוכה-איבערקערעניש, פון יעדער רעוואָלוציע, פון אַ קריגעריי, פון אַ רכילות, פון אַלץ און אַלץ — אַ פּיעסע. זאָל מען שפּילן טעאַטער און ער, אַרנאָלד, וועט שטיין ביי דער טיר און אַריינלאָזן די לייט, וואָס קויפן בילעטן און אַרויסוואַרפן די יעניקע, וואָס גנבענען זיך אַריין אויף „גאַפּע". טעאַטער, אויף אַלע גאַסן און געסלעך זאָלן זיין טעאַטער-בנינים, דאָס איז געווען זיין שטענדיקער חלום. אַ חלום, אַן וועלכן דאָס לעבן האָט נישט קיין ווערט.
צו מיר האָט ער שטענדיק געהאַט אַ פּרעטענזיע און שטענדיק געפרעגט:
— פאַרוואָס שרייבט איר נישט קיין פּיעסע?
האָב איך אים איינמאָל געענטפערט:
— אויף דעם באַדאַרף מען זיין אַ גרויסער קינסטלער, אַרנאָלד! מען דאַרף זיין גאָר אַ גרויסער קינסטלער, אָדער אַ סצענע-בעל-מלאכה...
האָט ער זיך פונאַנדערגעלאַכט:
— אָי, איר האָט זיי דערלאַנגט, אונזערע אַלע פּיעסן-שרייבער, אָי, דערלאַנגט, איך פאַרשטיי אייך...
און גלייך נאָכדעם שטרעקט ער אויס זיין לאַנגע האַנט און דריקט מיין האַנט שווייגנדיק.
ביי יעדער פּרעמיערע אין טעאַטער פלעגט ער נאָכן ערשטן אַקט זיך אַריינשטופּן אין עולם, וואָס שפּאַצירט אין פּאַיע און אויסהערן, וואָס עולם רעדט און באַלד פלעגט ער קומען צוריק.
— חזיר־פלייש!



ז. סעגאלאוויטש און ארנאלד.



מארק טורקאָוו, דער דיכטער הערשעלע און יוסף העפטמאן

דאָס האָט באַדייט, אַז די פּיעסע איז אַ ביליקע און וועט דערפאַר האָבן דערפאָלג.

— נישט פאר משהן . . .

דאָס האָט באַדייט, אַז די פּיעסע איז צו אינטעליגענט און זי וועט ליגן אין דר'ערד.

נאָך יעדער פּרעמיערע פלעגט ער לויפן אין ליטעראַטן-פאַראיין און אויסשרייען צו די שפּעט-זיצערס:

— מען וועט עסן גענזלעך.

אָדער: — מען וועט פאַרזעצן די זייגערלעך מיט די רינגלעך.

אונזערע האָבן שוין גוט פאַרשטאַנען אַרנאָלדס שפּראַך.

אַרנאָלד גינסבורג האָט ער געהייסן. געשטאַמט פון דער יידישער אָרעמקייט און ביי זיין גאַנצן טומל-מאַכעריי איז ער דאָך געווען אַ באַשיידענער און זייער, זייער אַ צוריקגעהאַלטענער. ער האָט זיך אַ גאַנץ לעבן אַרומגעדרייט צווישן אַקטיאָרן, ווו עס זענען געווען פיל סנאָבן, לייכטזיניקע פאַררייסענע קאַיאַפן, טרינקערס און קאָרטן-שפּילערס. אָבער ער, אַרנאָלד, האָט זיך געלערנט ביי דעם בעסערן שווישפּילער. פון אים געגאַשט פיינקייט און מאָס. אַרנאָלד האָט קיינמאָל נישט געטרונקען קיין בראָנפן, קיינמאָל נישט געפרעסן און ביי קיינעם קיינמאָל גאָרנישט געבאָרגט. אפילו דאַן, ווען ער האָט געליטן שטאַרקע נויט. אין אָנטאָן איז ער געווען באַשיידן און זייער זויבער. מיר האָבן אים אַ סך מאָל איינגעלאַדן אויף אונזערע באַנקעטן, פלעגט ער זיך זעצן אויף איינעם פון די לעצטע בענקלעך, זיך נישט אָנרופן מיט קיין איין וואָרט, גאָר אַן אַנדער אַרנאָלד, אָן לצנות. אַרנאָלד איז ביי אונז נישט געווען קיין איבעריקער, מיר אָריענטירן זיך נישט טיילמאָל, ווער עס ברענגט אריין געמיט אין אַ סביבה. אַרנאָלד מיט זיין צוגיין צו איינעם און צו אַ צווייטן, מיט זיין וויץ און גוטמוטיקייט, ער איז געווען אַ טייל פון אונזער געמיט און לייכטן פאַרברענגען. ער איז געווען דער צושטעלער פון קאָמפּלימענטן פאַר אונזער מחנה. ער האָט אונז די קאָמפּלימענטן דערלאַנגט אמאָל מיט אַ שמייכל און פיל מאָל מיט אַן ערנסטן פּנים. ער האָט אַזוי, ווי אויסגעקוקט, ווער עס נויטיקט זיך אין אַ קאָמפּלימענט, ווען מען דאַרף מהנה זיין מיט אַ גוט וואָרט:

— אייער פּעליעטאָן האָט היינט געמאַכט אַ גרויסן רושם, מען רעדט אין גאַס וועגן דעם... איך האַלט פון אייך.

די, וואָס האָבן באַקומען די קאָמפּלימענטן, האָבן געשמייכלט מיט אַרנאָלדן אינאיינעם פון זיין גוטזאַגעריי. אָבער אַ קליין קאַפּעטשקע הנאה איז אין האַרצן פּאַרבליבן. מען רעדט זיך דאָך אַליין אויך איין אַ סך, טאָ זאָל אַרנאָלד עפּעס צוגעבן.

אויפן פינפטן טאָג פון דער מלחמה, האָב איך אים דערזען אויף דער ביעליאַנסקאַ גאַס, ער איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אָן דעם סלופּ פון אַן עלעקטרישן לאָמפּ, געשטאַנען און געקוקט אָנגעשטרענגט אין דער גאַס אַריין. איך בין צוגעגאַנגען צו אים און מיר האָבן זיך ביידע שטום אָנגעקוקט. שטום, שטום...

איך האָב דאַמאָלט נאָך נישט געוווּסט, אַז אין אַכט שעה שפּעטער וועל איך איילן מיט נאָך אַ סך זשורנאַליסטן און שרייבער צו דער באַן. איך האָב נישט געוווּסט, אַז איך זע איצט אַרנאָלדן צום לעצטן מאָל. אַרנאָלדן און די ביעליאַנסקאַ גאַס, אַרנאָלדן און גאַנץ וואַרשע מיט די יידישע און נישט יידישע גאַסן. איך האָב גאָרנישט געוווּסט און איך געדענק שוין נישט, צי איך האָב דאַמאָלט מיט אַרנאָלדן אַביסל מער גערעדט. אָבער איין פראַזע האָט ער געזאָגט און דאָס האָט זיך מיר איינגעשניטן אין זכרון:

— סעגאַלאָוויטש! די פּיעסע איז דורכגעפאַלן...

* * *

אַ לאָקאַל אַזאַ, אַ בודע, אַ היים, ווי פון זיך אַליין געשאַפן געוואָרן. נעם אַ שטול און גיי צו וועלכן טיש עס ווילט זיך...

מיטאָג צייט און נאָכמיטאָג צייט אין פּאַראַיין. דער עולם אונזערער איז ביי די טישן, טומלדיק זענען די זשורנאַליסטן. זיי האָבן דאָך אַ טאָג פאַר זיך, אַ טאָג פון לעבן, באַדאַרף מען דעם טאָג באַאַרבעטן. מען דאַרף דערציילן און באַריכטן וועגן אַ טאָג. רעדט מען וועגן דעם, וואָס יעדער האָט נאָך היינט צו טאָן.

— היינט איז דאָ דער סיים, לוטאָסלאַווסקי וועט היינט ריידען, גרינבוים וועט אים אוודאי ענטפערן, עס וועט זיין היים.

— היינט וועט זיין דער פּלענום פון דער קהילה...

— היינט א ציוניסטישער מיטינג.

— היינט א פּרעמיערע אין טעאטער „נאראדאווי".

יעדן טאָג האָט נאָכגעיאָגט א געשעעניש, אָפט א קליינע און אָפט א גרויסע סענסאציע. אויף טלאמאצקע דרייצן האָט מען די אַלע סענסאַציעס געבראַכט און צעקייט צוזאמען מיטן מיטאָג. מען האָט עס לייכט איבערגעגעבן איינער דעם צווייטן די געשעענישן פון טאָג. אָן איבערראַשונג און אָן פארווונדערונג. איבערנעמען באַדאַרף זיך די גאַס, נאָר נישט דער זשורנאַליסט און נישט דער רעפּאָרטער. און די גאַס האָט געטומלט אונטער אונזערע זיבן פענסטער, די יידישע גאַס האָט זיך באַוועגט, גע-האַנדלט און געאַרבעט און מיר האָבן כמעט, ווי פארגעסן, אַז אָט די באַ-וועגונג אינספּירירט אונז אַלעמען צום לעבן, אַז אָן דער גאַס זענען מיר שאָטנס.

עס שוועבן פּנימער פון אונזער מחנה, אָט איז דער רעפּאָרטער שלמה פיינקינד. אויף אים האָט מען געזאָגט, אַז ער קומט אויף דעם פּלאַץ, איי-דער דער מאָרד, אָדער די גנבה איז געשען. דער רעפּאָרטער לערמאַן, פּאָ-מעראַנץ, ביין מיט דער שווארצער באָרד. ער פּלעגט עס ברענגען די רעפּאָרטאַזשן פון די חסידישע הויפן. די רעפּאָרטערן שפּארן זיך, ווער עס האָט בעסער איבערגעגעבן די לעצטע ידיעה וועגן א גרויסן פאַמיליען-סקאַנדאַל אויף דער מארשאַלקאָווסקא גאַס. פון זייערע רייד ווייזט זיך באַלד אַרויס, אַז דער גאַנצער סקאַנדאַל איז אויסגעטראַכט.

דער זעלבער פיינקינד האָט אַמאָל געשריבן וועגן א זעלבסטמאָרד. איינער א פּלוני בן פּלוני איז אַרויסגעשפּרונגען פון פינפטן שטאָק און איז צעשאָטן געוואָרן אויף ביינדלעך. אין דער פרי זענען די „צעשאָ-טענע ביינדלעך" אַריינגעקומען אין דער רעדאַקציע, וווּ פיינקינד האָט געאַרבעט:

— וואָס האָט איר געהאַט צו מיר? — פרעגט ער ביי פיינקינדן — איך לעב דאָך...

פיינקינד ווערט בייז, וואָס מען דרייט אים דעם קאָפּ און ער ענטפערט גאַליק:

— ביי מיר זענט איר געשטאָרבן...

האָט דער ייד געכאַפּט א שטול און דערלאַנגט פיינקינדן איבערן

קאָפּ. דאַמאָלט האָט דער פּיפּיקער רעפּאָרטער דערפילט, אַז דער זעלבסט-
מערדער לעבט טאַקע...

אריבערגעשטיגן פיינקינדן האָט אַ צווייטער רעפּאָרטער:

שלמה ביבער האָט ליב געהאַט נייעס, וואָס מער נייעס, שטענדיק
נייעס און אויב קיין נייעס איז נישט געווען, האָט ער זיי אויסגע-
טראַכט. וועגן אים האָט מען אין ליטעראַטן-
פאַראיין דערציילט לעגענדעס, אָבער נישט קיין
לעגענדע איז געווען דער פאַקט, אַז ער האָט
איינמאָל טעלעפאָנירט אין זיין רעדאַקציע מיט
אַ נאָכגעמאַכטן קול:



ש. ביבער
(צייכענונג פון
י. ברוינער)

— אָט נאָר וואָס האָט מען אויף דער
פּאַוויאַ גאַס איבערגעפאָרן אייער רעפּאָרטער,
שלמה ביבער, דעם טויטן קערפּער האָט אַ רע-
גירונגס-וואָגן צוגענומען.

טישלעך, שטולן, מענטשן... איך רוף
ארויס מאָמענטן פון דער אַלטער סביבה, ברעק-
לעך, פינטעלעך, עפּיזאָדן, איך, איינער פון
טלאָמאַצקע דרייצן... שדים און רוחות פון פינס-
טערן שגעון. האָב איך זיך עס געקאָנט פאָר-
שטעלן אין יענעם געמיטלעכן געזעמל, אַז
איך וועל אַמאָל זיצן שפּעט ביינאַכט אין אונ-
זער תל-אביב און שרייבן וועגן אַ פאַרברענטן לאָקאַל אונזערן, וועגן אויף
טויט פאַרברענטער „טלאָמאַצקע דרייצן". פאַרברענט, מיט כילינאָוויטשן,
מיט רוטאַ קאַרלינסקי און איר יונגן בחורל אורי. אַזוי פיל נאָענטע פנימער
און אַזוי פיל אַש...

אין תל-אביב איז איצט פרילינג, אַ דינער ריח פון עפּעס אַן עקזאָ-
טישער בלום אָדער בליעכץ דערטראָגט זיך אין מיין אָפענעם פענסטער און
אַ ציטער נעמט מיך אַרום, ווען איך דערהער, ווי די שאַקאַלן שרייען. נאַכט
אין נאַכט שרייען זיי. עס צעגיסט זיך אַ יאָמער אויף לאַנגע, לאַנגע מי-
נוטן. מאָדנע געשרייען, כמעט מענטשלעכע און איך דאָ, ביי די שטיקלעך
פּאַפּיר מיינע, בלייב ווי פאַרגליווערט. איצט... איצט שרייט עס מיין

געשריי, מיין דערשטיקטער צער. איך וואָלט וועלן, זיי זאָלן נישט אויפ־הערן צו שרייען, די שאקאלן, און ווי אַ מענטש זאָל עס שרייען, ווו אַ בוים, ווו אַ שטיין, אלץ, אלץ זאָל שרייען. צוערשט שרייען פאַר אַ מיליאָן דערשטיקטע קינדער, דערנאָך פאַר אַזוי פיל בליענדיקע חתן־כלות, דערנאָך פאַר די עלטערע און אַלטע, פאַר אַלע צוגענומענע לעבנס און באַלד ווידער אָנהויבן פאַר דעם מיליאָן דערשטיקטע קינדער...

שטיל געוואָרן דאָס געשריי פון די שאקאלן און איך בין ווידער אין דער בודע. דער ערשטער, וואָס פאַלט מיר אין די אויגן, איז גראַף קאלי, אַ דיכטער פון טאָג־טעגלעכקייט, ער האָט די וועלט מיט אַלע גע־שעענישן יעדן טאָג איינגעראַמט אויף זיין שטייגער. „גראַף קאלי". דעם נאָמען האָט אים געגעבן דער דאָקטאָר גאָטליב, בעת ער איז געווען רעדאַקטאָר פון „לאָדזשער מאָרגענבלאַט". גראַף קאלי האָט געוווינט אין לאָדזש און ער האָט געבראַכט צו גאָטליבן טעגלעכע לידלעך. אונטערגעשריבן האָט ער זיך: קאַליגראַף, ווייל פון פאַך איז ער געווען אַ קאַליגראַף. האָט אים גאָטליב געזאָגט:

— איך האָב פאַר אייך אַ בעסערן נאָמען, נעמט דעם „קאלי" צום סוף און דער „גראַף" פון אָנהויב וועט זיין: „גראַף קאלי". איר פאַר־שטייט: „אַ יידישער גראַף, דאָס איז נישט קיין קלייניקייט.

פון דאַן אָן איז דער „גראַף" געווען אין אַ סך זשורנאַלן און צייטונגען. ער האָט געשריבן אַ סך לידלעך און זיין ווייב האָט אים געבוירן אַ סך קינדער, האָט ער אויף דעם פאַרפאַסט אַ לידל. אָט זיצט ער ביי אונז ביים טישל. ער איז געקומען היינט פון לאָדזש אויפמאָנען אין די וואַרשעווער רעדאַקציעס עטלעכע גילדן. אָט זיצט ער ביים טישל און דעקלאַמירט:

> אַ מענטש איז אַ בן־אָדם, אַ מענטש איז נישט קיין ווינט
> יעדן טאָג אַ לידל, יעדעס יאָר אַ קינד...

געווען איז ער אַמאָל אַ זעלנער, פלעגט ער דאָס אָפּקלאַפּן, ווי אויף אַ פויק. געענדיקט האָט ער שטענדיק מיט אַ „האַ! ווי געפעלט אייך?"

אַ בלאָנדער מיט צעשויבערטע האָר, האָט ער אויסגעזען, ווי פאַדע־רעווסקי אין דער יוגנט, נאָר יענער האָט גליקלעכער אויסגעשפּילט זיין לעבן.

## ז. סעגאלאָוויטש

נאָך מיטאָג האָט זיך אין פאַראיין האַרציקער געשמועסט. די זשור-נאַליסטן מיט די רעפּאָרטערן זענען שוין אוועק ווידער צו דער אַרבעט זייערע. די דיכטער זענען פאַרבליבן. אין א ווינקל שפּילט שאַך הערשל הימעלפאַרב מיט דעם קריטיקער און עסייאיסט קאַווא, זיין אמתער נאָמען איז געווען וואַנווילד, געווען איז ער פון פּרצעס „געסט". א סך געלערנט און א סך געלייענט, נאָר אָן א סיסטעם. הערשל הימעלפאַרב איז געווען



מ. וואַנווילד

דער סעקרעטאַר פון נאָדל - פאַראיין. א מענטש מיט א גמרא - קאָפּ און מיט גמרא אין קאָפּ. ער האָט געלערנט אין די ישיבות. א מענטש מיט טעמפּעראַמענט פאַר צוואַנציק. געשפּילט האָט ער נישט שלעכט, נאָר געשרי-גן. ער האָט שוין גערעדט פאַר אַלע „באַנ-טשע שווייגס" אויף דער וועלט. הערשל הי-מעלפאַרב שפּילט היינט שאַך אין תל-אביב און שרייט אויך היינט, נאָר דאָס איז שוין נישט ווי אַמאָל. א ברייטפּלייציקער, א הוי-כער, אַנטקעגן אים איז געזעסן דער דאַרער און נידעריקער קאַווא און פילאָזאָפירט נאָך דעם ווי ער האָט פאַרשפּילט:

— טעאָרעטיש האָסטו פאַרשפּילט, נישט איך...

— א פושער מוז געווינען, לויט פרוידס טעאָריע פון אונטערבאַ-וווסטזיין און לויט דער אינטואיציע-טעאָריע פון אַנרי בערגסאָן מוז א פושער געווינען... אָרום אָן עולם קיביצער. מען הערט אויס הערשלס תורה און קאַוועס פילאָזאָפיע... עס איז נישט געווען לאַנגווייליק. אָבער טעאָרעטיש און פּראַקטיש האָבן מיר אַלע פאַרשפּילט..

יאָרן לאַנג האָט זיך דער פאַראיין געהאַלטן פעסט. נישט געקוקט אויף די פאַרשידנקייט און שאַרפע קאָנטראַסטן אין אונזער גרופּע, דאָס גלייכגעוויכט האָט זיך נישט געבראָכן. „בודע" אָדער „טלאַמאַצקע דרייצן" איז געווען א פיקסירטע פירמע. דאָס גרופּעל אונזערס האָט מיר אָפּטמאָל אויסגעזען, ווי דער המשך פון אַלטן קלויז און מיט וואָס איז אונזער דיכטונג נישט קיין המשך פון דעם פאָלקס-ליד, וואָס איז באַשאַפן געוואָרן פון

טיפעניש פון פאָלק? דאָס פאָלק האָט לאַנג געלאַכט, אין פרייד און אין לייד געלאַכט דורך בדחנים, דורך מאָטקע חאבאד, דורך הערשעלע אסטראפּאָ-ליער... ביז עס איז געקומען דער גאון פון יידישן געלעכטער, שלום-עליכם. זענען זיי נישט געווען עכטע שליחים פון פאָלק, אונזערע דיכטער, וואָס זענען אָקאָרשט אומגעקומען? די אלע, וועלכע מיר האָבן אזוי אָפט און אָפטער געזעען אויף טלאמאצקע דרייצן, געזעסן מיט זיי, פארבראכט מיט זיי. טייערע קדושים! י. אימבער, יחיאל לערער, שלמה גילבערט, יצחק קאצענעלזאָן, שמעון האראנטשיק, יהושע פערלע, אלטער קאציזנע... וועגן



שלמה גילבערט — אלטער קאציזנע — יהושע פערלע

(צייכענונגען פון פעליקס פרידמאַן)

נישט איינעם פון זיי באדארף מען שרייבן גרויסע אָפּהאנדלונגען, נעמען פון קינסטלער מיט א הויכן ראנג. טלאמאצקע דרייצן האָט א באזונדערן בית-עולם...

ווי א למדוואָוניק פלעגט אין לאָקאל אריינקומען ישראל שטערן, אָפּגעגעסן זיין מיטאָג און שטילערהייט אָפּגעבענטשט. א פרומער דיכטער און ארום זענען געזעסן פארטיי-מענטשן, אפיקורסים, פריידענקער. נישט געווען אזא איינער, וואָס זאָל זיך דערוועגן גרינגשעצן דעם צווייטנס פרומקייט. אויסער די ווענט פון פאראיין איז אויף דער יידישער גאס אָנ-געגאנגען א פארטייאישער און אן אידעאָלאָגישער קאמף אזוי, ווי אויף אלע גאסן. אין פאראיין גופא זענען די אלע קאמפן פארוואנדלט געוואָרן

## ז. סעגאלאָוויטש

אין אַ געמיטלעכן שמועס, פּונקט ווי יעדערער וואָלט פאַרשטאַנען די אחריות: אויב נישט דאָ, וועט מען זיך שוין אין ערגעץ נישט דורכשמועסן מענטשלעך. מיר האָבן אויך געהאַט מיטגלידער קאָמוניסטן, געציילטע, אָבער די געציילטע האָבן געבראַכט זייערע חברים און ביי אונז זענען אַ סך זייערע באַראַטונגען אָפּגעהאַלטן געוואָרן.

אייניקע פון אונזערע מיטגלידער האָבן געפאָדערט פון דער פאַרוואַלטונג, מען זאָל די קאָמוניסטן אויסשליסן און מער נישט אַריינלאָזן. איז דאָס געקומען צום אויסדרוק אויף אַ זיצונג, איז נאָמבערג אַרויס מיט ז י י נ ע מאָטיוון:

— איך וויים נישט, ווער עס איז אַ קאָמוניסט און ווער עס איז נישט קיין קאָמוניסט, איך בין נישט קיין פּאָליציי-קאָמיסאַר און איך בין נישט קיין אַרויסוואַרפער. מיר האָבן אָפענע טירן און מיר האָבן אַ סך שטולן, זאָל מען די פראַגע אַראָפּנעמען פון טאָג-אָרדענונג...

מען האָט טאַקע די פראַגע אַראָפּגענומען און מער ניט אויפגעהויבן. קיינער האָט מער נישט געוואָלט זיין ביי אונז אַן אַרויסוואַרפער און די קאָמוניסטן האָבן ווייטער געטאָן דאָס, וואָס זיי האָבן געוואָלט. די „בודע" איז ווייטער פאַרבליבן „בודע". מיט דער רעגירונג האָבן מיר נישט גוט געלעבט און נישט שלעכט געלעבט, דאָס האָבן מיר געלאָזן פאַר די געזעלשאַפטלעכע טוער, פאַר די פּאַרטייען און פאַר אונזערע צייטונגען. יידישע זשורנאַליסטן האָבן אָנגעהערט צום סיים-קלוב פון די פּרעסע-באַריכטער און צום סינדיקאַט פון אַלע פּוילישע זשורנאַליסטן אַלס אַ ספּעציעלע יידישע סעקציע. אַזאַ ספּעציעלע סעקציע האָבן מיר קאַטעגאָריש געפאָדערט צוליב נאַציאָנאַלע און פּאָליטישע מאָטיוון. כאָטש דער סינדיקאַט אַליין איז געווען אַ פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע.

דאַמאָלט ווען אין איראָפּע האָט זיך געגרינדעט דער אַלוועלטלעכער פאַרבאַנד פון שרייבער, דער אַזוי גערופענער „פּען-קלוב", האָבן אונז די פּוילישע שרייבער איינגאַנצן געוואָלט פאַרשווייגן, דערצו האָט זיי געהאָלפן דער סטאַטוט פון „פּען-קלוב". לויט אַזאַ סטאַטוט האָט יעדעס לאַנד געמעגט האָבן בלויז איין „פּען-קלוב". פאַר פּוילן איז דאָך דער פּוילישער קלוב און וואָס וועט זיין מיט אונז, יידישע פּאָעטן, נאָוועליסטן און עסייאיסטן? מיר בלייבן אויף דעם חסד פון פּוילישע שרייבער, זיי

וועלן אפשר אריינגעמען עטלעכע פון אונז און אפשר נישט. אונז איז גע-
גאנגען אין דעם כבוד פון דער יידישער ליטעראטור, וועלכע וויל זיך
נישט באהאלטן אונטער א פרעמדן מאנטל. מיר האָבן אָנגעהויבן צו
פאָדערן אונזער רעכט. קיין לאָנדאָן זענען געגאנגען מעמאָראנדומס, דע-
פעשן, עס זענען געפארן דעלעגאציעס. שטארק צוגעהאָלפן האָט אונז אין
לאָנדאָן דער יידישער שרייבער, דער גאָר פיינער קריטיקער לעאָ קעניג
און צום סוף האָבן מיר אויסגעפירט. אין דער רובריק פון די לענדער,
וועלכע האָבן איינענע פען-קלובן, זענען מיר אויך אריין, אין דער רובריק
פון די הויפט־שטעט, ווו די פען-קלובן האָבן זייער זיץ-פלאַץ, פיגורירט
אויך די שטאָט ווילנע. ווילנע איז דער זיץ-פלאַץ געווען פון יידישן
פען-קלוב. פארוואָס ווילנע און נישט ווארשע? דאָס איז דערפאר, ווייל
אין איין שטאָט קאָנען דאָך נישט זיין קיין צוויי פען־קלובן. אָבער דאָס
איז געווען בלויז א פיקציע. דער שטעמפל פון יידישן פען-קלוב מיט דער
אויפשריפט „ווילנע" איז זיך גאנץ רואיק געלעגן אין שופלאָד פון ווארשע־
ווער ליטעראטן-פאראיין. אויף די לאָנדאָנער בלאנקעטן פון צענטראלן
„פען-קלוב" זענען אויסגערעכנט געווען די לענדער, וועלכע רעפרעזענטירן
דעם פען־קלוב. צווישן פראנקרייך, דייטשלאנד, עסטרייך, טשעכיע,
שוועדן, פינלאנד, פוילן און אנדערע לענדער איז אויך געווען „יידיש".
דאָס הייסט, אז אין אייראָפע געפינט זיך א לאנד „יידיש". אויף די לעגי-
טימאציעס אונזערע, וואָס לאָנדאָן האָט צו אונז אריינגעשיקט, איז געווען
אָפגעדרוקט: לאנד: „יידיש".

ווו איז היינט דאָס דאָזיקע כימערישע לאנד?

.2

# וואַרשע

וואַרשע איז געווען דער צענטער פון מלוכה-לעבן פאר די פּאָליאַקן. דאָ דער סיים, דער פּרעזידענט, דער קעניגלעכער שלאָס, ווו דער פּרע־זידענט איז געזעסן. פון דאַנענט האָט מען רעגירט און פון דאַנענט איז געגאַנגען איינפלוס אויף פינף און דרייסיק מיליאָן בירגער. אָבער אין דער זעלבער צייט איז אויך וואַרשע געווען אַ יידישער צענטער. דאָ אין וואַרשע כמעט די גאַנצע יידישע פּרעסע. אין וואַרשע די גרויסע געזעלשאַפטלעכע ארבעט, די בעסטע און ווירקזאַמסטע עסקנים. אַלע פּראָפעסיאָנעלע פאר-איינען. רבנים, רביים. צוזאַמענפאָרן, קאָנפערענצן פון גאַנצן פּוילישן יידנ-טום. און דער עיקר, דער האנדל, די נאַלעווקעס מיט נאַלעווקער ראַיאָן, וואָס האָט פּראָדוצירט גאַלאַנטעריע פאר די פינף און דרייסיק מיליאָן ביר-גער. נישט געווען קיין שטעטעלע אין לאַנד, וואָס איז נישט געווען פארקניפּט מיט וואַרשע. קיין וואַרשע איז מען געלאָפן נאָך סחורה און ביז היינטיקן טאָג ווייסן נאָך נישט פיל, ווי אזוי די יידישע וואַרשע האָט געהאָרעוועט. אויף די בוידעמס און אין די קעלערס האָבן יידן גענייט און געשטעפּט. די אַזוי גערופענע כאַלופּניקעס זענען געגוג פאַרשוואַרצט געוואָרן, איידער זיי האָבן געבראַכט אַהיים עטלעכע גילדן. די נאַלעווקעס זענען אין דער אמתן געווען איין גרויסע פאַבריק, צונויפגעגאָסן פון אַ סך גרעסערע און קלענערע אונטערנעמונגען.

וואַרשע פלעגט אויף די אויסלענדער מאַכן אַ שטאַרקן איינדרוק.

איינמאָל איז געקומען צו אונז אַ רעדאַקטאָר פון אַן אַמעריקאַנער יידי־שער צייטונג. ער האָט געבעטן, איך זאָל אים ווייזן די שטאָט. האָב איך אים אַרומגעפירט און געוויזן. צום סוף האָט ער זיך אָנגערופן:

— איך וואָלט וואַרשע אָנגערופן: „פּאַן וואַרשע״.

די שטאָט האָט עפּעס געהאַט אין זיך אַן אַריסטאָקראַטישן פּאַרנעם, פּאַרדינטער, צי נישט פאַרדינטער יחוס, שטאָלץ, איינגעשלאָסנקייט און צוריקגעהאַלטנקייט... וואַרשע, די פּריציש־קאַטוילישע. די הונדערט־יע־ריקע רוסישע אָקופּאַציע האָט איר שטאָלץ נישט געבראָכן. מיצקיעוויטשעס דענקמאָל איז פאַרבליבן אויף „קראַקאַווער פּאָרשטאָט״ און אויבן־אָן. די פּוילישע ליטעראַטור איז געוואַקסן, דאָס טעאַטער איז געוואָרן איינער פון די בעסטע אין איראָפּע. וואַרשע איז געווען און פאַרבליבן דער צענטער פון יידישן גייסט, אָבער אין דער זעלבער צייט איז וואַרשע אויך געווען אַ יידישע שטאָט, מיט יידישע גאַסן און קוואַרטאַלן, מיט יידיש געזעל־שאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן מיט יידישע פרומקייט און וועלטלעכקייט. וואַרשע איז געווען, ווי צעטיילט אויף צוויייען: אַ יידישע וועלט און אַ קריסטלעך־פּוילישע וועלט. איך ווייס נישט אין איראָפּע נאָך אַזאַ שטאָט פון אַזעלכע צוויי אויסגעשפּראָכענע קאָנטראַסטן. פּאַריז איז אַ שטאָט פאַר אַלעמען, לאָנדאָן, כאָטש זי האָט אַ סך מינדערהייטן, זעט זי דאָך אויס, ווי פון איין טייג געקנאָטן, אַן ענגלישער טייג. די פּאָגע לאָזט זיך אַראָפּ דאָרטן און גלייכט אַלעמען אויס. די סקאַנדינאַווישע שטעט זענען דורך און דורך סקאַנדינאַוויש. נישטאָ קיין צומיש, אַלנפאַלס באַמערקט מען עס נישט. בודאַפּעשט איז מאַדזשיאַריש. די רוסישע צענטראַלע שטעט, ווי מאָסקווע, ניזשני־נאָווגאָראָד, טאַמבאָוו, אָריאָל קאָזלאָוו, פּענזאַ אָרענ־בורג, די אַלע שטעט זענען עכט רוסישע. דאָס ביסל יידן פון דאָרט האָבן אויך אָנגעטאָן פּעלצן מיט גרויסע פוטערנע היטלען און זיי זענען געווינ־לעך ענלעך צו דער איבעריקער באַפעלקערונג. אַנדערש איז עס געווען אין וואַרשע. פון אַ מיליאָן מיט דריי הונדערט טויזנט איינוווינער זענען געווען כמעט פערציק פּראָצענט יידן און פון די יידן האָט דער גרעסטער טייל געטראָגן אַ שוואַרצע קאַפּאָטע. אַ בגד, וואָס האָט זיך שטאַרק געוואָרפן אין די אויגן. אַ בגד — אַ שאַרפע אָפּגעזונדערטקייט. אַ בגד פון אַן אַנדער וועלט. אַ בגד, וואָס איז געווען אַן אויסדרוק פון עקשנות. די יידן אין די

קאַפּאָטעס האָבן דאָך געלעבט נאָר אַן אַנדער לעבן. עס איז געגוג צו זאָגן, אַז צענדליקער, פיל צענדליקער טויזנטער פון די דאָזיקע זענען קיינמאָל אין קיין טעאַטער און קינאָ נישט געגאַנגען. זיי האָבן נישט געוווּסט און נישט געוואָלט וויסן פון קיין קאַפע, פון קיין שלעפּן זיך אין די גערטנער. געהאַט האָבן זיי אַ שטאַרקע צוגעבונדנקייט צו זייערע משפחות און דאָס האָט זיי געקלעקט.

יידן האָבן נישט נאָר געוואַנדערט פון איין לאַנד אין צווייטן. אין איין און דער זעלבער שטאָט האָבן זיי אויך געוואַנדערט, געטראָגן זיך פון איין פּלאַץ אויף דעם צווייטן. נישט געווען אין וואַרשע קיין איין קריסטלעכער קוואַרטאַל, וווּ יידן האָבן פריער נישט געוווינט. אפילו די „יעראָזאָלימסקע אַלעען", דער רייכסטער און עכט פּוילישער פּונקט. דאָרט, וווּ די „נאַלעווקעס" זענען געשטאַנען, איז אַמאָל געווען אַ קריסט-לעכער קוואַרטאַל, מיט קלויסטערס, מיט אַ קריסטלעכן בית-עולם. אין ראַט פון דער פּוילישער מלוכה איז געווען אויך דאָס יידישע געשטאַלט, אין לאַנדשאַפט, אין אַלע וויכטיקע מאָמענטן, אין אַלע קלייניקייטען, אין תבואה-האַנדל און אין פאַבריקאַציע, אין קונסט, ליטעראַטור, אַרכיטעק-טור. די וואַרשע... די וואַרשע איז געבויט געוואָרן אין אַ שותפות. דאָך געלעבט האָט מען אין אַ באַזונדער. „אַי-דאַנאַ" האָט זיך קיינמאָל נישט צונויפגעגאָסן מיט אַ חסידישן ניגון. אַזוי האָט געוואָלט דער טויזנט-יעריקער וועג אונזערער. יעדער דור האָט אויסגעשפּיגן אַביסל אַסימילאַציע און איז געגאַנגען ווייטער מיט דער פולער יידישקייט. גענוג געווען אַ קוק צו טאָן אויף די צוויי מענטשן-שטראָמען פון דער וואַרשע און צו זען דעם שטאַרקן קעגנזאַץ. איין שטראָם איז אַ גרעסערער, אָבער דער צווייטער האָט געהאַט עקשנות, וואָס איז פון דורות געהייליקט. בלינד און שלעכט זענען געווען די, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין דרך-ארץ פאַר אונזער עקשנות. אויסלעבן זיך ווי יידן, האָט די עקשנות געהייסן. יידן האָבן צו לאַנג שוין געלעבט צווישן אַנדערע און זיי האָבן ביי די אַנדערע פאַר קיין פאַל נישט געפונען דאָס „בעסערס", פאַר וועלכן עס לוינט צו פטרן דעם אייגענעם „איך".

אומעטום האָט מען געזען דעם קאָנטראַסט: אין די גערטנער אויף די זומער-וווינונגען אַרום וואַרשע, אין די אָטוואָצקער סאָסנע-וועלדער

האָט מען אין אַ קאַפּאָטע שפּאַצירט און די ביימער האָבן נישט געמאַכט קיין צוימען. דער רעגן האָט פאַר אַלעמען געגאָסן, דער שניי האָט אַלעמען געגעבן זיין ליכטיקע ווייסקייט. טויט און לעבן איז פאַר אַלעמען צוגלייך, נאָר די ענג־הארציקייט פון די פלאַך־קעפּ, די שנאה און די קנאה זוכט צו געפינען דעם צווייטנס זינד, זוכט און געפינט...

אויף דער מארשאלקאָווסקע, אויף ניי־וועלט, אויף אַלע קריסטלעכע גאַסן האָט געהערשט דער מאָדערנער בגד און אויף די נאַלעווקעס און פראַנציסקאַנער, אויף גענשא און דזשיקע האָט געפאַליעט די שוואַרצע יידישע קאַפּאָטע. דאָרט, ראַזירטע מענטשן מיט שפּיציקע וואַנסעס, און דאָ — יידן מיט בערד. גרויסע מחנות מיט בערד, אויף די גאַסן, אין די טויערן, אין אַלע קראָמען, אויף די טראַמוואַיען, אויף דראָזשקעס. דאָס זע־נען באמת געווען פּאַטריאַרכאַלע, נישט מאָדערנע קוואַרטאַלן, עקזאָטיש פאַר אַ פרעמד אויג און אַ גלייכגילטיקע צוגעוווינטקייט פאַר אייגענע. זיי אַליין האָבן זייער לעבן באַהאַלטן. פרעמדע און אייגענע האָבן זיך זייער ווייניק באַמיט צו זען אַביסל טיפער.

אַ סך מאָל האָב איך זיך געלאָזט איינריידן, אַז איך בין נישט קיין שותף צו דער טומלדיקער ענגשאַפט פון אונזער גאַס, אַז מיינע אַספּיראַ־ציעס זענען גאָר אַנדערע, העכערע, ווייטערע, מען האָט זיך אויפגעהויבן אויף איינגערעדטע הויכקייטן, אָפּגענאַרט זיך אַליין און געוואָלט לויפן, לויפן פון די מנחם־מענדלס און איטשע־מאירס... און איך בין געלאָפן, אָבער עס איז דאָך געגנוג געווען צו זיצן צוויי־דריי חדשים אין פּאַריז אָדער אין לאָנדאָן. אַ בענקשאַפט און אַן אומרואיקייט פלעגט מיך אַרומנעמען. איך האָב געבענקט נאָך דער לאַנדשאַפט, פון וועלכער איך האָב געצויגן מיין יניקה. יעדער מענטש אָטעמט מיט זיין אַרומיקייט. איינעם איז באַ־שערט געווען געבוירן צו ווערן אין נעאַפּאָל, דעם צווייטן אויף טאַאיטי און דעם דריטן אין ביאַליסטאָק, אָבער יעדער לאַנדשאַפט פלאַנצט זיך איין אין דער נשמה אויף שטענדיק. מיט צוואַנגען קאָן מען עס נישט אַרויס־רייסן. דאָ רעדט זיך נישט בלויז וועגן אַ לײדיקן שטח, וואָס האָט ווייט־קייט און ברייטקייט, דאָ רעדט זיך וועגן סביבה.

מען קאָן זייער לאַנג שטיין און באַוווּנדערן דעם „פּלאַס דע לאַ קאָנקאָרד", דאָס האַרץ נעמט האַסטיקער קלאַפּן, ווען מען קוקט זיך

צו צו דער באַלויכטענער באַוועגונג פון דער ביינאַכטיקער „פּיקאַדילי" אין לאָנדאָן, אָבער דאָס זענען בלויז איבערראַשנדיקע מאָמענטן. אין האַרצן איז דיר פרעמד דאָס פרייליכע פּאַריז און עס דריקט דאָס אימפּאָזאַנטע לעבן פון לאָנדאָן. געזוכט האָב איך אויך דאָרט די סביבה מײַנע; אַ האָטעל פלעג איך נעמען אויף דער „ריוואָלי", אָדער אויף ווייטשעפּעל, געווען בין איך מיט ייִדן און געוואָלט זײַן מיט זיי, אָבער צו דער היימישער סביבה פון אַ וואַרשע איז דאָס ווייט נישט געקומען...

אין וואַרשע פלעגט מיך אויפוועקן צום טאָג אַ ייִדישער קלאַנג אויפן הויף, ווי נאָר דער טויער איז געעפנט געוואָרן, איז שוין געווען אַ בעלן עפּעס צו קויפן, אָדער פאַרקויפן...

— האַנדל, האַנדל!

אָט דאָס וואָרט, דער צוויי-זילביקער קלאַנג „האַנדל", האָט געהאַט פאַרשידענע ניואַנסן און איבערגאַנגען. איינער פלעגט עס אויסרעדן זייער שנעל און דער צווייטער פלעגט עס פונאַנדערציען זייער מעלאָדיש, זייער דין. דאָס וואָרט פלעגט קלינגען, ווי זילבער. דאָס וואָרט מוז אויפוועקן און רופן. לײַדער, קאָן מען זיי, די קלאַנגען מיטן שרײַבן נישט איבערגעבן. אומעט און צער, אַ שפּאָר ביסל נישט דערזאָגטער ווייטיק איז געווען באַהאַלטן אין די אַלע הויף-קלאַנגען. פון די אַלע אויסרופן, געזאַנגען און וואָרט-בקשות וואָלט אַ גרויסער קאָמפּאָזיטאָר זיכער געקאָנט באַשאַפן די סימפאָניע פון אונזער טאָג-טעגלעכקייט.

איין ייִדענע פלעגט באַזוכן אונזער הויף יעדע פּאָר טעג. אין פּנים האָב איך זי קיינמאָל נישט געזען, נאָר איך האָב זיך פאָרגעשטעלט איר אויסזען, לויט די עטלעכע פראַזן, וועלכע זי פלעגט אַרויסוואַרפן אין דעם צוים פון דער געמויערטער פירקאַנטיקייט, אין הויף אַרײַן. די פראַזן זענען דערגאַנגען צו אַלע פענסטער:

— „אַלטע בגדים, אַלטע חלות... וואַרפט אַראָפּ!"

נישט מער, און די קורצע פראַזעלעך, האַלב געזונגען און האַלב רעקלאַמירט, צאַרט זענען געווען די קלאַנגען, ווי געזאַנג פון אַ פאַרשמאַכטער פרוי, ספּעציפיש ייִדיש, טײַטש־חומש און געבעט, דלות אין זײַן באַשיידנקייט און צוריקגעהאַלטנקייט — אַלץ האָט אינספּירירט אין דער דאָזיקער מעלאָדיע. האָט זיך אויסגעדוכט, אַז די גרויע ווענט זענען העלער

געוואָרן, אַז דאָס גרויזאַמע לעבן איז מילדער געוואָרן. און ווער ווייסט, איך רעכן כמעט אויף זיכער, אַז די ערשטע הויף־קלאַנגען פון פרימאָרגן האָבן מיר מער ווי איינמאָל שטימונג געגעבן אויף אַ גאַנצן טאָג. ווי האָט זי אויסגעזען, די יידענע? אוודאי, ווי מיין אַלטע מומע לאה אָדער ווי אַן אַנדערע קרובה...

מחנות פלעגן זיי דורכגיין איבער אונזערע הויפן, שליחים פון נויט און אָרעמקייט, פון די ווייטסטע געגלעד פלעגן זיי קומען זוכען גראָשענע פרנסות פון האנדל־וואנדל, פון לופט, פון אריינשרייען אין די פארמאַכטע און אָפענע פענסטער.

זיי האָבן געהאַט ספּעציפישע אויסדרוקן, זיי האָבן אונזער שפּראַך געלערנט. פון די קעלערס און ענגע שטיבלעך האָבן זיי פארגעסענעם פאָלקלאָר געבראַכט, לידער און תפלות, געזאַנגען פון דלות און אומקום. רחמים און אפילו דראָאונג פון די דערשלאָגענע, אלץ האָט אָפּגעקלונגען אין זייערע אַרויסרופן פון די פירקאַנטיקע ווארשעווער הויפן פון יידישן קווארטאַל. זיי האָבן גערופן צו אייגענע, זיי האָבן אַפּעלירט צו קאַלטע און ווארעמע הערצער.

יעדער סעזאָן האָט געהאַט אַנדערע האנדל־וואנדל טרובאַדורן, זיי האָבן אָנגעזאָגט, ווען אַ יום־טוב קומט, זיי האָבן אָנגעזאָגט, אַז דאָס פאָלק ישראל לעבט און צוזאַמען מיטן פאָלק לעבט דער גרויסער, ליבהאַר־ציקער דלות. קיין רו האָט מען פון דעם יידישן דלות נישט געהאַט. פונדעסטוועגן איז ער טייערער געווען פון די גאָלד־זעק פון עגאָאיסטישע גבירים. דער דלות איז איינפאַלעריש אין געראַנגל און פרנסה־זוכעריי. זיי האָבן אַלע געהערט צו מיין לאַנדשאַפט, אַ טייל פון אים געווען מיט זייערע לאַטעס און שמאַטעס, מיט זייער דלות און לעבנסלוסט, האָב איך זיי נישט געקאָנט אויסטיילן פון מיין סביבה, נישט אויסמיידן און נישט פאַראַכטן, נאָר מיטנעמען אומעטום אין געדעכעניש...

אין מיין לעבן איז שוין אַזוי אויסגעקומען, אַז לאַנגע יאָרן נאָכאַנאַנד האָב איך זיך געפּלאָנטערט אין אונזערע ענגע גאַסן און איך האָב זיך צוגעקוקט צו דעם שווערן געראַנגל פון אונזער דעקלאַסירטן עולם. הונדערטער מאָל האָב איך געזען, ווי יידן מיט קאָשיקעס אַנטלויפן מיט שרעק, מען האָט באַמערקט אַ פּאָליציאַנט פון דערווייטן, איז מען גע-

לאָפן... דאָס האַרץ פּלעגט ביי מיר ערגעץ אין אַ פינסטערניש אַראָפּ-פאַלן, ווען די יידן מיט די קאַפּאָטעס האָבן זיך געפּלאָנטערט אין זיך אליין, געלאָפן מיט אָפענע מיילער, מיט ברייט געעפנטע אויגן, געלאָפן און געפאַלן געלאָפן, און פאַרלוירן אין לויפן אַ טייל פון דעם פאַרמעגן: שאַליקעס, געטרעס, קעמעלעך, שאַקאַלאַדקעס, שאַכטלעך מיט שוואַקס, בענדלעך צו די שיך, שלייקעס...

און אין צען מינוט שפּעטער, מען שטייט שוין ווידער אויף די זעלבע פּלעצער, מען רופט קונים, מען פאַרקויפט עפּעס און מען האָט אַזעלכע אומעטיקע אויגן... אָ, די דאָזיקע אויגן האָבן דעם עמפּינדלעכן מענטשן גערופן צו זיך. אויגן פון דריי מיט אַ האַלבן מיליאָן אידן. אַ גרויסער טייל פון זיי האָט נישט געהאַט קיין באַדן אונטער די פיס. מיט עטלעכע דורות פריער איז בי יידן געווען אַ חרפּה צו גיין אין פאַבריק, איז איצט שוין צו שפּעט געווען: דער פּויער איז געקומען פון דאָרף און ער איז אין שטאָט געוואָרן דער פאַרבריקס-אַרבעטער, דאַן האָבן זיך די יידן נישט אונטערגעגעבן, מען האָט איצט געוואָלט אַרבעטן, געזוכט און אַ סך האָבן זיך איינגעפונדעוועט אין פאַרשידענע פאַכן. עס זענען געווען צווייגן פון דער קליין־אינדוסטריע, ווו יידן זענען פאַרטראָטן געווען אין די גאַנ-צע הונדערט פּראָצענט. דאָס איז געווען אַן אימפּאָזאַנטער יידישער פּראָ־לעטאַריאַט. אין די פענסטער פלעג איך אַריינקוקן. דאָ האָט מען וועש גענייט, דאָרט געפלאָכטן שטרויענע קאַפּעליושן, פּאַראַסאָלן, מאָדערנע שירעמלעך, רידיקיולן, טשעמאָדאַנעס. אין די זאָקן-פאַבריקן פון לאָדזש און אומגעגנט האָט מען געזען בלויז יידישע פּנימער און ביסלעכווייז האָט מען זיך אויך אַריינגעשטופּט אין די גרויסע טוך-פאַבריקן, אין די זייד-פאַבריקן, אַ גרויסער יידישער פאַבריקאַנט, פּיאַסקאָווסקי, האָט זיך באַ-רימט פאַר מיר, אַז ביי אים אַרבעטן בלויז יידישע וועבערס. איך בין אַוועק צו אים אין פאַבריק, ער האָט אמת געזאָגט. יידן האָבן געוועבט... יונגע, עלטערע און אַלטע, מיט בערד און אָן בערד. פּיאַסקאָווסקי איז ניט גע־ווען דער איינציקער. יידן האָבן זיך מיט געוואַלד געריסן אין פאַבריק אַריין. די פאַרשימלטע פּסיכאָלאָגיע פון שעמען זיך מיט אַרבעט איז געבראָכן געוואָרן. נאָר נישט מיט סטאַטיסטיק און עקאָנאָמישע אונטער-זוכונגען פאַרנעם איך זיך דאָ. מיך האָט שטענדיק גענייגערט דער גאַנצער

שטראָם. אַ ים אַ גאַנצער, אַ וועלט מיט פּאַרנעם, מיט ווילן. געשלאָגענע מענטשן, אָבער נישט קיין דערשלאָגענע. דאָס אומגאָרמאַלע לעבן פון פאַרפאָלגונג האָט אויך אַריינגעטראָגן פאַרקריפּלונג, אָבער אויף דעם מוז שטענדיק זיין איין און דער זעלבער ענטפער. נעמט צו די שווערע באַדינ-גונגען, וועט אויך פאַרשווונדן ווערן דער קריפּל.

יאָ, מען האָט געוואָלט זען שטאַרקערע, שענערע יידן, מען האָט פאַר דעם געקעמפט און נישט איינמאָל מיט די ציין געקריצט, אָבער איצט ערשט האָט מען זיך געכאַפּט, ווי טייער זיי זענען אַלע צוזאַמען געווען, ווי נאָענט, ווי איינגעבאַקן אין האַרצן. נישט אַוועקצוגיין פון די שאָטנס און פון די געשטאַלטן זייערע...

אָט מיט די שאָטנס און געשטאַלטן פלעגט מען אָפט קומען אין דער „בודע" אַריין. אָפט צערעדט מען זיך וועגן גורל פון די יידישע מאַסן און דאַן זענען נישטאָ מער קיין וויצן, אויס מיט די שפּאַסן און גוטמוטיקע אָפּשפּאַסונגען.

מיר האָבן גערעדט גענוג וועגן די ענינים, וועגן יידישע פּרנסות, וועגן באָיקאָט און אַנטיסעמיטיזם. מיר האָבן גערעדט און געקוקט איינער אויפן צווייטן. קיין פריילעכע בליקן האָבן מיר דאַמאָלט נישט געהאַט.

* * *

איך האָב אַ סך מאָל פאַרגעסן אין וואַרשע, אָדער איך האָב זיך געמאַכט פאַרגעסן, אַז אין דער צווייטער טייל פון שטאָט זענען פאַראַן אַ סך ברייטערע און שענערע גאַסן. צופיל קרומע מינעס און צופיל קאַלטע בליקן. צו וואָס זיך באַגעגענען מיט אַזעלכע, וועלכע האָבן זיך איינגערעדט, אַז זיי זענען בעסער פאַר אונז, העכער אין אַלע הינזיכטן פאַר אונז? איך האָב זיי מוחל געווען זייערע באַלויכטענע טעאַטערס און קינאָ-זאַלן, זייערע קאַוויאַרניעס און רעסטאָראַנען. איך זאָג דאָ מיט דעם גאַנצן ערנסט: מען האָט זיך געקאָנט אויסלעבן אין אונזער קוואַרטאַל. דאָ האָט מען געקאָנט געפינען, וואָס צו באַזינגען און וואָס צו טאַדלען. לעבן, אויסדויערן, אַמפּערן זיך און טיילן זיך מיט פרייד און לייד. דאָס איז נישט געווען קיין שאָוויניזם, בלויז ערלעכקייט צו זיך: לעבן מיט יידן און אַרבעטן פאַר יידן. פאַר די העכער אַכט הונדערט יאָר פון

יידישן לעבן אין פּוילן האָבן זיי נישט פאַרלוירן זייער אייגנאַרטיקייט, פאַרקערט: אין זייערע נשמות האָבן זיך אָנגעצויגן אַ סך נייע סטרו־נעס, נייע פאַרלאַנגען זענען צוגעקומען, נייע מאָטיוון — פאַרוואָס זאָל אַ יידישער דיכטער נישט בלייבן דאָ אויפן אָרט מיט זיי? און אויב מען וועט וועלן אַוועקגיין — טאָ זאָל מען אַוועקגיין צוזאַמען. דערווייל לאָמיר נעמען אַ חבר אונטערן האַנט און גיין אַביסל שפּאַצירן. לאָמיר אַריינגיין אין קראַשינסקיס גאָרטן, וואָס אויף די נאַלעווקעס. אין די אַלע וועגעלעך מיט יידישע קינדער, אויף די בענק — יידישע זקנים. אַ וואַלד מיט בערד... ווו זענען די יידישע מאַלערס? דאָ איז פאַראַן אַרבעט, דאָ זענען פאַראַן פּנימער מיט קנייטשן, וועלכע קאָנען פאַררעכנט ווערן פאַר אַנטיקן. אָט אַזוי זיך, אַזעלכע קנייטשן זענען שוין אַלט אַ צוויי טויזנט יאָר. עס לוינט זיי צו פאַרצייכענען מיט אַביסל דויערדיקן פאַרב. דאָ איז די יידישע סביבה, כאָטש דער גאָרטן האָט אַמאָל געהערט צו אַ גראַף. עס זענען דאָ פאַרבליבן רעשטלעך פון אַמאָליקן גלאַנץ; צעקלאַפּטע סטאַטועס, סטאַוון, און אַפילו אַ ווייסער שוואַן שווימט זיך מאַיעסטעטיש אויפן וואַסער... אָבער דאָס איז שוין אַ יידישער לאַנדשאַפט. די שווייגנדיקע אַלטע לייט מיט די שווייגנדיקע בערד. דער ליאַרעם פון די יידישע יאַטלעך און דער עיקר: די נאַלעווקעס אַליין, די גאַנצע סביבה פון דעם יידישן קוואַרטאַל, דאָס אַלץ צוזאַמען שאַפט דעם יידישן לאַנדשאַפט און ווען מען איז אָפּנהאַרציק און טריי זיך אַליין, דאַמאָלט גייט מען נישט אַוועק...

די יידן פון פּוילן האָבן געקענט דאָס יידישע לעבן. עטלעכע דורות צייט האָבן זיי גענוג יידן אָפּגעריסן פון דער גרויסער קאַפּאָטע־מחנה. פיל זענען פאַרבליבן אין דער וועלטלעכער נאַציאָנאַלער יידישקייט, פיל האָבן זיך אַסימילירט, זיי האָבן אַלץ אָפּגעגעבן פאַר פּוילישקייט. דער גרעסטער פּוילישער היסטאָריקער איז שמעון אשכנזי, דער גרעסטער דיכטער פון דער יונגער פּוילישער ליטעראַטור, איז דער ייד יוליאַן טובים. יידן האָבן געלייענט די פּוילישע ליטעראַטור, יידן האָבן געוווסט, ווער די פּאָליאַקן זענען, אָבער די פּאָליאַקן האָבן קיינמאָל נישט געוווסט, ווער און וואָס די יידן זענען. נישט געקוקט אויף דעם, וואָס דאָס צוזאַמענלעבן האָט לאַנג געדויערט. אַביסל סענטימענטן צו יידיש האָט באַוויזן אַדאַם מיצ־

קיעוויטש, אויך אַנדערע האָבן דעם יידן אַמאָל אַ גלעט געטאָן. דערפאַר אָבער איז די בייזקייט און די אומטאָלעראַנץ אַ סך מאָל מער ארויסגע־טראָטן, אָבער אָן אַ טיפער באַגרינדונג. שנאה צוליב שנאה און מער גאָרנישט. זיי האָבן געזוכט אויף אונז פלעקן און, אַז מען זוכט, געפינט מען. די יידישע וועלט איז אָבער פאַרבליבן אַ פאַרדעקטע. די יידישע נשמה — אַ נישט אויסגעפאָרשטע. די פרעמדע מענטשן האָבן בלויז גע־זען די שוואַרצע קאַפּאָטע און געשימפט האָבן זיי בלויז די קאַפּאָטע, צום ייד-מענטש זענען זיי נישט דערגאַנגען. איך געדענק אוינעם אַ באַנ־קעט, וואָס דער פוילישער פּען-קלוב האָט איינגעאָרדנט לכבוד שלום אַשן. דאָרט זענען געווען די בעסטע און די גרעסטע פון דער פוילישער ליטע־ראַטור.

איך וויל דאָ פאַרבייגייענדיק זאָגן עטלעכע ווערטער וועגן שלום אַשס פרוי מאַטילדאַ. זי איז אויך געווען אויף דער אויפנאַמע, וואָס איז פאָר־געקומען אין די זאַלן פון רייכן האָטעל „איירָאָפּעיסקי". שלום אַש אַליין האָט געוווינט אין דעם זעלבן האָטעל, וואָס האָט געהאַט אינערלעכע טרעפּ צו די פיין דעקאָרירטע זאַלן. דער עולם איז שוין געווען אין זיין גאַנצן צוזאַמענשטעל, שלום אַש איז שוין געווען. מען האָט געוואַרט אויף מאַטילדאַ אַש. פּלוצלינג האָבן אַלע אויפגעהויבן די אויגן צו די טרעפּ. פרוי אַש . . . זי איז לאַנגזאַם אַראָפּ פון די טרעפּ, אַ שוואַרצע לאַנ־גע קלייד מיט אַ קליין בראָשקעלע פון בורשטין, גלאַט פאַרקעמט, באַשיידנ־קייט און עלעגאַנץ, אָדער עלעגאַנץ און באַשיידנקייט. איר פיין אַריסטאָ־קראַטיש פּנים, איר וווקס און איר טריט, דאָס איז געווען אַן איבעררא־שונג, אַ געמורמל איז אַריבער.

— אַ דאַמע . . .

דאָס האָט ווער געזאָגט צום צווייטן. איך האָב געקוקט אויף איר און געזען, ווי אַנדערע קוקן מיט נייגעריקייט.

— אַ מלכה . . .

דאָס האָב איך אַליין צו זיך געזאָגט.

נאָך עטלעכע גלעזער וויין האָט מען זיך אָפנהאַרציק צערעדט.

— מיר קענען אייך נישט, — האָט קאַדען-באַנדעראַווסקי געזאָגט . . .

## ז. סעגאלאוויטש

— ווער זענט איר, יידן? — האט די טאלאנטירטע נאלקאווסקא געפרעגט...

דער בארימטער לעאפאלד סטאף האט אויך זייןווארט געזאגט:

— אכט הונדערט יאר זענען מיר צוזאמען, און וואס? מיר זעען א ספינקס און א קאפאטע מיט א בארד...

זיי האבן דאן געפאדערט פון יידישן שרייבער, ער זאל זיי דערציילן פון די גרויסע מחנות יידן. אבער דא מוז מען זאגן דעם אמת, אז מיר אליין האבן אויך נישט גוט געקענט די גרויסע יידישע מאסן. אלץ איז אוועק אויף דער ליניע: „בורזשוי און פראלעטאריער". דער ייד אין דער קאפאטע האט באקומען זיין צונעמעניש: „רעאקציע" און מיט דעם איז מען אפגעקומען. דער איינציקער, וואס איז צוגעגאנגען נאענט צו דער חסידישער וועלט, איז געווען י. ל. פרץ און דאס איז טאקע געווען א גרויסקייט פון פרצן. ער אליין א משכיל, א רעפארמאטאר, ער האט זיך נישט געשעמט מיט דער „רעאקציע". פאר אים זענען די קאפאטע-יידן געווען א טיפערע דערשיינונג, א טראגיש־ראמאנטישע דערשיינונג, א „גאלדענע קייט" און מיט גאלד ווארפט מען זיך נישט. פרץ האט זיך קיינמאל נישט דערלויבט צו באליידיקן די „פינסטערע מאסע" מיט קיין איין ווארט נישט. פאר אים איז דאס שוין ווייט נישט געווען קיין פינסטערע מאסע, פאר אים איז דאס געווען דער קערן פון פאלק, וואס ראנגלט זיך אין זיך אליין. אבער פרץ האט אויך מיטגענומען פון דער דאזיקער מאסע נישט מער, ווי די ראמאנטיק. דאס רעאלע איז פארבליבן פארבארגן סיי פאר אונזער וועלט און סיי פאר דער קריסטלעכער וועלט. די שווארצע קאפאטע האט נישט נאר פארדעקט דעם גוף פון רעליגיעזן יידן, זי האט אויך פארדעקט זיין טיר, זיין פענסטער — קיינער האט אהין נישט אריינגעקוקט. ביז היינט שטייט דאך פאר אונז א קארדינאלע פראגע, א זייער וויכטיקע פראגע: פארוואס האבן אזעלכע גרויסע יידישע מחנות נישט ארויסגענומען פון זיך די שווארצע קאפאטעס, וועלכע האבן זיי פארשווארצט דאס לעבן און געבראכט פיין און באליידיקונגען פון אייגענע און פרעמדע. צי איז דאס געווען פינסטערניש און נארישקייט? ווער עס האט גערעדט מיט די יידן, האט געזען און געוווסט, אז זיי זענען שוין ווייט נישט קיין נאראנים. צווישן זיי זענען געווען גרויסע אונטערנעמער, פאברי-

קאנטן און סוחרים. א סך באנאבונג און טאלאנט האָבן זיי געהאַט, א סך בוויניקייט און צופּאַסונג צום לעבן, אָבער ווי עס איז געקומען צו דער קאַ-פּאַטע — דאָ איז קיין קאָמפּראָמיס נישט געווען... די קאַפּאָטע איז גע-ווען ווי א פּעסטונג פון אייזן און בעטאָן.

דאָס פּנים פון דער קאטוילישער ווארשע האָט זיך אויסגעטיילט און פאַרמירט אין דעם זונטיק, ווען דער גרויסער עולם האָט זיך ארויסגעלאָזט פון די קלויסטערס... דער עולם האָט דאַן פריילעך און רוישיק שפּאַצירט אויף דער מארשאלקאָווסקא, אויף נאָווי־שוויאַט, אין די אלעען ביז צום פּאַלאַץ בעלוועדער. פריילעך, לעבעדיק ביז ווייליונגערישקייט, זאָרגלאָז אויפגעמונטערט. פאר זיי זענען געווען אָפן פיל שענקען, קאפע-הייזער, קינאָ-זאלן, טעאַטער און צירק. זיי האָבן געהאַט גענוג פאַרווייַלונג...

דאָס פּנים פון דער יידישער ווארשע האָט זיך רואיק אויסגעטיילט אין דעם שבת. דאַמאלט האָט א האלבע ווארשע פאַרמאַכט אלע קראָמען. דאָס עכט-יידישע ווארשע האָט זיך גענומען מנוחה. אין דעם גרויסן ראַיאָן פון די נאלעווקעס, אויף פראַנציסקאַנער גאַס אויף מוראַנאָוו, אויף דער גענשע און דזשיקע, אויף די נאַוואָליפּקעס, אויף סמאָטשע און פיל צענדליקער אנדערע גאַסן — האָ זענען נישט געווען קיין אָפענע שענקען, נישט געווען קיין קאַפע, קיין קינאָ, אלץ פאַרשלאָסן, ליידיק... פלעגט פאַרבייגיין א ייד אין זיין שבתדיקן בגד, איז דאָס געווען א וויכטיקע פיגור, אימפּאָזאַנט מיט זיין אויסזען, מיט זיין רואיק שפּרייזן. ווער וואָלט עס גלויבן, אז דער זעלבער איז נעכטן מיט אזא משונהדיקן אימפּעט גע-לאָפן איבער די זעלבע גאַסן. דאָס איז געווען גאָר א באַזונדערע וועלט, די צווייטע וועלט פון ווארשע. אויסטערליש אנדערש, ווי די ערשטע האלבע ווארשע, וויניקער קאָלירן, אָבער מער אינהאַלט. טיפער אין איר שווייגן.

צוויי וועלטן — זיי האָבן זיך קיינמאָל נישט צונויפגעגאָסן. די יידן אין די קאַפּאָטעס, ווען זיי וואָלטן געלעבט אין לאָנדאָן, צי אין פּאַריז וואָלטן זיי זיך אויך דאָרטן נישט צונויפגעגאָסן מיט די אָרטיקע מאַסן. אַזעלכע זענען זיי שוין געווען: פעסט אָפּגעזונדערטע, שטרענג דערווייטער-טע פון אנדערע. זיי שוועבן פאר מיר און איך שטעל זיך נאָכאמאָל די האַרבע פראגע: פאַרוואָס האָבן זיי נישט אַראָפּגעוואָרפן די קאַפּאָטע? פאַרוואָס האָבן זיי זיך נישט אויף אביסל דערנענטערט צו די אנדערע?

אויף דעם, דאכט זיך מיר, איז פאראן איין ענטפער: זיי האָבן נישט געגלויבט, זיי האָבן נישט געגלויבט אין אלע הומאניסטישע פראזן, נישט געגלויבט אין דער ציוויליזאציע, נישט געגלויבט אין אלע נייע דערפינ-דונגען. אָט די „פינסטערע מאסע" האָט געהאט גענוג ליכט אין זיך צו זען, ווי מענטש נארט מענטש, ווי שלעכט מענטש איז. זיי האָבן זיך נישט געוואלט אפנארן און דערפאר האבן זיי זיך אָפּגעזונדערט. זיי האָבן איינס געפילט, אז אָן שותפות מיט גאט און געטלעכקייט וועט מענטש־חיה גאָרנישט דערגרייכן.

זיי האָבן נישט געגלויבט אין קאַלטן ראַציאָנאליזם, זיי האבן געהאט דעם שרעקלעכסטן פארגעפיל...

ווי איז אונז — זיי זענען גערעכט געווען...

אין אלע טעג פון מיינע וואנדלונגען, אין אלע נעכט שוועבן זיי פאר מיר, די פארלאָזענע שטעט. קיין ביכער האָב איך נישט מיטגענומען און קיין ביכער לייען איך נישט. איך האָב מיין ביבליאטעק אין זכרון. יע-דע שטאָט, יעדעס שטעטל, יעדער ישוב איז אַ בוך פאר מיר און די ביכער, בלויז די, וועל איך לייענען ביז מיין לעצטע רגע. אָ, איך האב, וואָס צו דערמאָנען מיט דעם לעצטן צער און מיט דער לעצטער ליבע. מיינע, מיינע יידן, יידישע יידן, מיין וועלט און מיין אָטעם. אָן זיי בין איך אַ פאריאָגט בלאט און וואָס דער ווינט וויל, טוט ער מיט אזא בלאט. פון אַ גאַנץ לעבן מיט זיי זענען מיר פארבליבן זכרונות, אָן איבערפלוס פון זכרונות. דאָס רייסט זיך, ווי קוואלן פון אונטער דער ערד. בלוטיקע קוואלן...

איך שרייב איצט אַ בוך בלויז וועגן איין ווינקעלע פון יענע גאסן. אָבער טיף אין הארצן פיל איך, אז מען דארף נישט שרייבן. מיר, וואָס זענען געווען ד א, האבן קיין רעכט נישט צו שרייבן וועגן ד' אָ ר ט ן. נישט קיין ראמאנען, נישט קיין לידער און נישט קיין פאעמען, מען באדארף נישט אויפפירן קיין דראַמעס און קיין טראגעדיעס. פון אונזער אומגליק באדארפן מיר נישט שעפן קיין טעמעס און סיי ווי, עס וועט גאָרנישט געבן. אונזער באַנעמונגס-קראפט איז צו שוואך. איין זאך באדארף מען יא טאָן. מען באדארף זאמלען די בריוו פון די געציילטע, פון די געראַ-טעוועטע, מען דארף אויסהערן זייערע דערציילונגען. פאראן אזעלכע, וואס

האָבן דורכגעלעבט אַלץ פון אָנהויב ביזן סוף. פאַראַן אַזעלכע, וואָס זענען שוין געווען אין גאַז־קאַמער, אַזעלכע, וועלכע האָבן געזען, ווי זייערע נאָענטע ברענען.

זיי שרייבן בריוו און די בריוו באַדאַרף מען זאַמלען.

„שטעלט זיך פאָר, איך, די צעבראָכענע, די שוואַכע, בין פאַרבליבן לעבן. מײַנע דרײַ געזונטע זין, מײַן מאַן, מײַנע צוויי טעכטער, אַלע מײַנע קרובים — אַלץ אין אַש — און איך לעב נאָך, דורך אַ נס גראַטעוועט געוואָרן, טאַ זאָל שוין געשען נאָך איין נס און די וועלט זאָל אונטערגיין".

„איך בין געבוירן געוואָרן לעם טרעבלינקע און נישט פאַרברענט געוואָרן. איך גיי דאָרטן אָפט. איך גיי אַליין, בלויז מיט מײַנע פינסטערע געדאַנקען און אַרום איז ליכטיק. איך קוק אויף די פעלדער, זיי גרינען און בליען... איך גיי, איך גיי... און בײַ די ראַנדן פון די פעלדער, אין די שטעגן צווישן דעם קאָרן ליגן נאָך הויפנס אַש. דאָס איז דער אַש פון טאַטע־מאַמע, פון מײַן ברודער, פון מײַן שוועסטער... צו וואָס לעב איך נאָך אויף דער וועלט".

וויטיק פאַרשטיקטער רײַסט זיך לאַקאָניש פון האַרצן. עס אַפּעלירט. יסורים שטײַען העכער פאַר אַלע קינסטלערישע אײַנפאַלן. יסורים זענען בילכער. דערפאַר באַדאַרף מען זאַמלען די בריוו פון די אומגליקלעכע, איידער דרוקן ביכער פון פּראָפעסיאָנעלע שרײַבער, די בריוו זענען מער ווי קונסט, דאָס איז פאַרבלוטיקטער פּנקס, דאָס איז אייביקייט. דאָס שרײַבן הענט, וועלכע האָבן זיך שוין געסמאַליעט, דאָס שרײַבן הייליקע הענט. אַזעלכע בריוו באַדאַרף מען האַלטן אין די שאַכטלען פון צירונג און די צירונג אַליין אַוועקוואַרפן ווי נישטיקייט. באַהאַלט די בריוו פאַר אַלע טעג אין צער און אין יום־טוב, נעמט זיי אַרויס און הייליקט אייער וואָכעדיקייט מיט די ווערטער פון די בריוו. זאָלן די הענט בײַ אײַך ציטערן, זאָל די נשמה אויפגעטרייסלט ווערן, זאָל אַ טרער פאַלן... אַ מענטשלעכע טרער פאַר אַזוי פיל יסורים פון די לעצטע געראַטעוועטע. זאָלן אונז די בריוו דערמאָנען דעם טײַערן נעכטן, ווען מיר האָבן נאָך קרובים געהאַט.

* * *

## ז. סעגאלאָוויטש

איך וויל דאָ דערמאָנען דריי מאָמענטן, וועגן דריי, וואָס זענען גע־זעסן אויף אונזערע שטולן, דריי, וואָס מען האָט זיי געזעען אויף טלאָ־מאַצקע דרייצן:

דער יונגער דרייסיק־יעריקער פעליקס רובינליכט מיט זיין בלאָנדן קאָפ האָר, מיט די בלויע אויגן, א פארליבטער אין שטיין, אין גיפס, שטענ־דיק מיטן גוטן שמייכל אויף די ליפן, שטענדיק פון דער ארבעט, אָדער צו דער ארבעט. ער האָט נאָך דערוויילע זיין ריכטיקן פלאַץ נישט פארנומען, זיין נאָמען קלינגט נאָך נישט, אבער קאָלעגן ווייסן שוין, אז פעליקס וועט זיין בארימט אויף דער וועלט. פעליקס ארבעט פלייסיק פאר דער צוקונפט. ער מוז אָבער אויך עפעס טאָן פאר דער קעגנוואָרט. מאַכט ער דערוויילע קונסט־מצבות פאר די מתים פון ווארשעווער בית־עולם אויף דער גענשע גאַס. דער גענשער בית־עולם האָט געהאַט אויף זיין באָדן א נאַציאָנאַלע יידישע זאמלונג פון קונסט־מצבות. די באַוווּסטע סקולפּטאָרן נאַבאַוויטש און אַסטרזשעגאַ און אנדערע פיל יידישע קינסטלער האָבן געארבעט פאר דעם בית־עולם. מצבות זענען דאָרט געשטעלט געוואָרן לויט די פּראָיעקטן פון די וועלט־באַ־וווּסטע קינסטלער אראנסאָן און גליצענשטיין. דער גענשער בית־עולם האָט זיך נישט געהאַט מיט וואָס צו שעמען. אָבער איך רעד דאָ איצט וועגן פעליקס רובינליכט. בעת ווארשע איז באָמבארדירט געוואָרן, האָט א באָמבע אים צעבראָכןביידע פיס. ער איז געלעגן א פאר־בלוטיקטער אין א קעלער מיט נאָך פיל אומ־גליקלעכע. זיינע פריינט זענען אים געקומען ראַטעווען. מען האָט אים געוואָלט אוועקטראָגן אין א שפּיטאָל, האָט ער עס נישט געלאָזן:



אברהם אסטזשעגא

(שאַרזש־ צייכענונג פון ת. בערלעווי)

— פריער ראַטעוועט די אומגליקלעכע, די אנדערע פארוואונדעטע. איך בין דאָך א גליקלעכער. די אויגן זענען מיר פארבליבן, די הענט זענען מיר גאַנץ, איך וועל קאָנען ווייטער ארבעטן, איך וועל שאַפן, הא, הא... איך האָב דאָך די הענט, צו מיין ארבעט באַדאַרף איך נישט די פיס.

ער האָט זיך נישט געלאָזן נעמען, דערוויילע איז די באָמבארדירונג

פון דער שטאָט געוואָרען שטאַרקער. ווען ראַטעווען עמעצן איז שוין קיין רייד נישט געווען. פעליקס רובינליכט איז אויסגעגאַנגען אין דעם פינסטערן קעלער מיט נאָך אַ סך אַנדערע אומגליקלעכע...

דער יידישער אַקטיאָר ראַזען. אַ הויכער מיט ברייטע פּלייצעס. אַן אַקטיאָר פון יידישן פאָלקסטימלעכן טעאַטער. עמך האָט אים ליב געהאַט ביז גאָר. ער איז אַליין געווען פון עמך. די לעצטע רייען, די „גאַליאַרקע", האָט געשלונגען ראַזענס רעפּליק, ווייל ראַזען האָט צו זיי גערעדט פון האַרצן, דאַמאָלט ווען עס איז געגאַנגען אין יושר און גערעכטיקייט. אָבער די רעצענזענטן האָבן ראַזענס נאָמען אויסגעמיטן. ווייל... ווייל זיי זענען דאָך רעצענזענטן, ווייל ראַזען איז נישט געווען אַרומגעשליפן, ווייל ער איז געווען צו ווייניק אינטעליגענט. ראַזען האָט די רעצענזענטן געהאַלטן פאַר זיינע ערגסטע שונאים און ער האָט שטענדיק גערעדט, אַז פריער צי שפּעטער, ער וועט זיך מיט די „שרייבערלעך" אָפּרעכענען.

— ווי אַזוי? ראַזען! ווי אַזוי וועסטו זיך מיט זיי אָפּרעכענען? דו וועסט זיי שלאָגן?

— ווער? איך וועל שלאָגן! אַ יידישער אַקטיאָר וועט שלאָגן אַ שרייבער? וואָס באַלט אייך איין...

— טאָ ווי טאַקע וועסטו זיך מיט זיי אָפּרעכענען?

— איך וועל זיי אַ שפּיל טאָן אַ ראָל, אַז דאָס טעאַטער וועט אויפציטערן. פריער צי שפּעטער, איך וועל פּאַקן מיין ראָל...

און ער האָט זיין ראָל געפּאַקט.

ווען וואַרשע איז באָמבאַרדירט געוואָרן, ווען הייזער זענען צעשמעטערט געוואָרן, ווען הייזער האָבן געברענט, זענען אַ סך מענטשן דערביי אומגעקומען און אַ סך מענטשן האָבן אַרויסגעוויזן די גרעסטע מסירת־נפש. זיי האָבן געראַטעוועט די אומגליקלעכע. דער יידישער אַקטיאָר ראַזען איז געווען איינער פון די ערשטע. אים האָט מען געזען, ווי ער איז געשפּרונגען אין די ברענענדיקע הייזער, כדי אַרויסצוטראָגן פון דאָרטן אַ קינד, אָדער אַן אַלטן, שוואַכן מענטשן. ראַזען איז געווען אומעטום. ראַזען האָט באַוויזן וווּנדער. ער איז געקראָכן איבער די דעכער פון די הויכע מויערן, אין פייער געגאַנגען, אונטער די באָמבעס, אין אַלע געפאַרן. דאָ און דאָרט האָבן פאַרצווייפלטע שטימעס גערופן נאָך הילף. ראַזען האָט

די הילף געגעבן. ער האָט פיל קינדער געראַטעוועט. צום סוף האָט אים א באַמבע אָפּגעריסן א שטיק קערפּער. ער האָט דאַמאָלט אויף זיינע הענט געטראָגן צוויי קינדער. א פּאַרבלוטיקטער, האָט ער די קינדער אַרויסגע-ראַטעוועט, געבראַכט זיי גאַנץ, און אַליין געפאַלן אין חלשות. ער האָט אויסגעהאַלטן און איז געזונט געוואָרן, אָבער שפּעטער איז ער אומגעקומען.

ראַזען דער אַקטיאָר, וואָס האָט נישט אויסגענומען ביי די רעצענ-זענטן, האָט אויסגענומען ביי א פאָלק. וועגן אים האָט מען אין וואַרשע דערציילט לעגענדעס, וועגן אים וועט מען נאָך לעגענדעס דערציילן. ער האָט א העראָאישע ראָל געשפּילט... אַזוי ווי ער האָט צוגעזאָגט.

הלל צייטלין... דער מענטש, וואָס איז א גאַנץ לעבן אומרואיק גע-ווען פאַרן מענטש. איך געדענק אים אין ווילנע אין פינפטן און זעקסטן יאָר. די ערשטע רוסישע רעוואָלוציע. דער מאָסקווער אויפשטאַנד, דער טרויעריקער פינאַל און דערנאָך די יידישע פּאָגראָמען. אין א געשפּרעך מיט א גרופּע יידישע שרייבער וואַרפט צייטלין אַריין זיין וואָרט:

— שטענדיק אַזוי און אייביק אַזוי: מען גייט צו מענטש און מען ענדיקט מיט הריגה...

דאָס איז געווען אין ווילנע. קיין יידישע שרייבער-פאַראייניגן זענען נאָך דאַמאָלט נישט געווען. געווען איז אין ווילנע א פּריוואַט הויז, ווו יידישע שרייבער פלעגן זיך צונויפקומען. געווען א העברעאישער לערער האַלפּערין, דאָרט האָט הלל צייטלין געהאַט א צימער און אין א צווייט צי-מער האָט געוווינט שלום-עליכמס טאָכטער ערנעסטינא, איז דאָס גע-וואָרן דער בעסטער פּלאַץ אין ווילנע פאַר דער נאַציאָנאַלער אינטעליגענץ. פון שרייבערס פלעגן דאָרטן אַריינקומען בערשאַדסקי, אנכי, פּרץ הירשביין, ז. שניאור, טשערנאָוויטש, דוד איינהאָרן, ווייטער, לייב ניידוס און אַנדערע, הלל צייטלין איז נאָך דאַמאָלט נישט געווען דער עלטסטער, נאָר צו אים האָט מען זיך גאָר באַזונדער צוגעהערט. דער מענטש האָט מער פאַר אַלעמען געזוכט, געווען אומרואיק. ער האָט אויך געווירקט מיט זיין אוי-סערלעכקייט. די גרויסע באָרד זיינע מיט די גרויסע בלויע אויגן...

פון ווילנע האָבן זיך שפּעטער פיל שרייבער אַריבערגעקליבן קיין וואַר-שע. דאָרט איז געוואָרן דער צענטער. צייטלין אויך... ווי אַן אָפּגעזונדער-טער פלעגט ער דורכגיין די טומלדיקע וואַרשעווער גאַסן, די נאַלעווקעס, ווו

די רעדאַקציע זיינע האָט זיך געפונען. אָבער ער איז שוין ווייט נישט געווען קיין אָפּגעזונדערטער. נישט געווען קיין פראַגע אין יידישן לעבן, וואָס האָט אים נישט אינטערעסירט. ער האָט דורכגעווייטיקט אַלע אונזערע צרות, געראָפן, פּראָטעסטירט, געביטערט און שטענדיק מיט אַ טראָפּן בטחון:

עס וועט בעסער זיין, עס מוז בעסער זיין...



הלל צייטלין

(צייכענונג פון משה אַפּעלבוים)

געקומען די ערשטע מלחמה, אַוועק די מלחמה און געקומען איין רעוואָלוציע אין רוסלאַנד און די צווייטע רעוואָלוציע. בלוט, אכזריות, בלוט, בלוט... איך האָב געלייענט צייטלינען און שטענדיק האָט עס געקלונגען אין די אויערן זיין אַמאָליקע פראַזע:

— שטענדיק און אייביק אַזוי: מען גייט צו מענטש און מען ענדיקט מיט הריגה..

אָבער וואָס זענען אַלע הריגות קעגן דער לעצטער מלחמה? הלל צייטלין איז פאַרבליבן אין וואַרשע און מיר ווייסן שוין, וואָס מיט אים איז געוואָרן. באַקאַנט איז מיר געוואָרן אַ פאַקט וועגן צייטלינס לעבן אונטער די דייטשן: אין די ערשטע וואָכן פון דער געטאָ, ווען די דייטשע אָפיצירן און זעלנער זענען געגאַנגען איבער די יידישע הייזער און גערויבט אַלץ, וואָס זיי האָבן געפונען, זענען אויך צוויי זעלנער אַרויפגעקומען צו צייטלינען און געזוכט גאָלד, געלט, זילבער. די העכערע ראַסע האָט זייער ליב צו ראַבעווען, זיי זענען פּשוטע רויבער און קליינע גנבימלעך. ביי הלל צייטלינען איז נישט געווען וואָס צו נעמען, זענען זיי געווען פאַרביטערט. הלל צייטלין אַליין איז געלעגן אין בעט אַ קראַנקער, אַ צעבראָכענער, ער האָט געקוקט אויף די מערדערישע יונגען און זיי האָבן געקוקט אויף אים... פּלוצלינג איז איינער פון זיי צוגעגאַנגען צו צייטלינס בעט, ער האָט זיך ברייטלעך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול און געפרעגט:

— וויפיל האָר האסטו אין דיין באָרד? זאָג, יודע!

צייטלין האָט געשוויגן.

— דו ענטפערסט נישט, וועל איך אַליין איבערציילן.

און ער האָט זיך גענומען ציילן די האָר פון ציימלינס גרויסער באָרד.

דאַמאָלט האָט צייטלין דעם זעלנער דערלאַנגט אַ פּאַטש איבער זיין געמיינער האַנט. אין צימער איז שטיל געוואָרן אויף אַ רגע. די דערבייאיי־קע האָבן געמיינט, אַז דאָס וועט זיך שרעקלעך ענדיקן, אָבער עס איז דורכגעגאַנגען רואיק. דער זעלנער האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין שטול, ער האָט אַ ווונק געטאָן צו זיין חבר און זיי זענען שנעל אַוועק...

און איבער די גאַסן אין געטאָ איז אַוועק אַ געמורמל:

— הלל צייטלין האָט געפּאַטשט אַ דייטש...

## 3

# די פּראָווינץ...

די אויגן פון הונדערטער יידישע שטעט און שטעטלעך אין פּוילן האָבן שטענדיק געקוקט צו וואַרשע, צו דער יידישער וואַרשע. צו די געזעלשאַפטלעכע יידישע אינסטיטוציעס אין וואַרשע. מען האָט זיך שטאַרק און אויפמערקזאַם צוגעהערט צו וואַרשע. די יידישע צייטונגען זענען פאַר די שטעטלשע יידן געווען פיל מער, ווי צייטונגען. דאָ איז נישט געגאַנגען בלויז אין נייעס און סענסאַציע. שוץ, טרייסט און אָנווייזונג האט מען פאַרלאַנגט פון דער יידישער פּרעסע. די וועלט האט צווישן די צוויי וועלט-מלחמות געלעבט אין פיבער. מען האָט גערעדט וועגן אויפבוי און זיך געגרייט צו נייע פאַרניכטונג. געווען זענען ברענענדיקע פראַגן אויף דער יידישער גאַס. דאָס עקאָנאָמישע לעבן, אַרבעט, סאָציאַליזם און ציוניזם, געווען אַ פראַגע וועגן עמיגראַציע. און אין דער זעלבער צייט איז פיל גלויבן געווען נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה. מענטשן ווילן גלויבן, און אַז מען האָט דעמאָלט דעם דייטש צעבראָכן און מען האָט גענומען אויפבויען די צעשמעטערטע שטעט, האָט מען געמיינט...

האָט מען געמיינט, אַז מען בויט שוין דעם אמתן גן-עדן אויף דער ערד. נו, האָט מען אויסגעבויט טויט-פאַבריקן און פאַרברענט מיליאָנען...

עס זענען אינגאַנצן אַריבער עטלעכע יאָר נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה, ווי מען האָט שוין אָנגעהויבן ווייניקער גלויבן. מיליטערישע פאַכקענער און דיפּלאָמאַטן האבן שוין גענומען פּלאַפּלען וועגן אַ נייער מלחמה.

## ז. סעגאלאָוויטש

אויף דער סצענע האָט זיך באַוויזן עפּעס אַ שענק-מענטש מיטן נאָמען היטלער, מיט אַ גאַנצער מחנה פּאַרקויפטע זשורנאַליסטן. זיי האָבן גע-דראָט דער וועלט, זיי האָבן געדראָט די יידן. מיר האָבן עס גרויסגעשעצט עטלעכע יאָר נאָכאַנאַנד. איך געדענק גאַנץ גוט די ערשטע יאָרן פון דער היטלער־אַוואַנטיורע. אַלע האָבן געטראַכט, אַז דעם נפש וועט מען פריער, צי שפּעטער פאַרשפּאַרן אין תפיסה, צי אין משוגעים-הויז.

דייטשלאַנד האָט געשראַקן, רוסלאַנד האָט געגייגערט. די פּרעסע האָט אַלץ געמוזט אויפקלערן. איז די פּרעסע אונזערע געוואָרן דאָס ווינטש-פינגערל פון יידישן לעבן אין פּוילן. אַ קרוב פאַר אַלעמען און אַ קרוב, פאַר וועלכן מען האָט געהאַט דרך-ארץ. מען האָט זיך אינטערעסירט מיט די פּרעסע-מענטשן. מען האָט געהאַט נייגער צו די שריפטשטעלער, צו די זשורנאַליסטן, צו די עלטערע און צו די אָנפאַנגער. צו יעדן איינעם באַזונ-דער. מען האָט זיך אַפילו אינטערעסירט מיט אונזער פאַמיליען-לעבן. און דער עיקר, מען האָט אונז שטאַרק געלייענט. יידן האָבן אַ סך מער גע־לייענט, ווי די פּאָליאַקן. איך בין איינמאָל געקומען אויף אַ פאַרלעזונג אין אַ ווייט פאַרוואָרפן גרענעץ-שטעטל אין ווילנער ראיאָן. גלענבאָקע האָט דאָס געהייסן. די פאַרלעזונג האָט דעם „נאַטשאַלניק" פון שטעטל אויסגעזען פאַרדעכטיק, האָט מען מיך געשיקט רופן אין דער פּאָליציי. ער האָט מיך געפרעגט:

— דאָס זענט איר דער פרעלעגענט?

— יאָ!

— וועגן וואָס וועט איר לייענען?

— וועגן דער יידישער ליטעראַטור.

ער האָט נישט ליב געשמייכלט און גערעדט:

— מערקווירדיק, מיר פּאָליאַקן האָבן דאָך אויך אַ ליטעראַטור, מיר האָבן באַוווסטע שרייבער און איך זע נישט, אַז זיי זאָלן לויפן אין די שטעטלעך מיט רעפעראַטן, אַפילו קיין איינער קומט נישט. מערקוויר-דיק...

דאַמאָלט האָב איך ביי אים געפרעגט עטלעכע פראַגן:

— וואָס טוט די פּוילישע יוגנט אין אַ זונטיק?

— זיי טאַנצן, זיי פאַרברענגען...

איך האָב אים אונטערגעזאָגט:

— זיי פאַרברענגען אין שענק...

— יאָ, אין שענק אויך.

דאַמאָלט האָב איך אים אויפגעקלערט, אַז די יידישע יוגנט קאָן זיך נישט צוגעוווינען צום שענק, פיל פון זיי גייען אין די ביבליאָטעקן, זיי נעמען ביכער און לייענען, זיי אינטערעסירט די וועלט, דאָס פאָלק. פאַרפאַלן! קיין אַנדער יוגנט האָבן מיר נישט...

אויף דעם האָט מיר דער „נאַטשאַלניק" געענטפערט, אַז ער האָט אויך קינדער און זיי קומען אויך אין ביבליאָטעק, זיי נעמען ביכער און לייענען.

— יאָ, אָבער די ביבליאָטעק איז אַ יידישע, זי האָט אויך אַ פּוילישע אָפּטיילונג. יידען האָבן ליב ביכער, אפילו פּוילישע אויך. יידען האָבן ליב רעפעראַטן, צייטונגען, ביכער, פאַרפאַלן.

דער „נאַטשאַלניק" האָט זיך פאַרטראַכט אויף אַ רגע און דערנאָך האָט ער זיך גאַנץ פריינדלעך געזעגנט מיט מיר. ער האָט געגעבן די דערלויבעניש אויף מיין פאַרלעזונג און אין זעלבן אָוונט געקומען מיך הערן און נישט אַליין, מיט אַ טאָכטער געקומען און מיט זיין סעקרעטאַרין. אויסגעזעסן די גאַנצע צייט. צי ער האָט עפעס פאַרשטאַנען פון מיין יידיש, ווייס איך נישט, דאָך אַ נייגעריקייט אין זיינע אויגן האָב איך גוט געזען, אַ נייגעריקייט צו מיר און צו מיינע צוהערער. אַ מאָדנע פאָלק די יידן, זיי גייען כמעט נישט אין שענק און לייענען אַ סך ביכלעך. אַזוי האָב איך פאַרשטאַנען זיין נייגעריקייט.

אַ יידיש שטעטל אָן אַ ביבליאָטעק איז אין פּוילן נישט געווען און אויב עס האָבן זיך געפונען עטלעכע שטאַרק פאַראָרעמטע שטעטלעך, וועלכע האָבן אַליין און באַזונדער נישט געקאָנט איינקויפן קיין ביכער, דאַמאָלט האָבן צוויי שטעטלעך געמאַכט אַ שותפות און די ביכער צוגעשיקט צו די לייענער דורך די יידישע באַלעגאָלעס. מען האָט פאַרטוישט די איבערגעלייענטע אויף נאָך נישט געלייענטע. מען האָט זיך שוין אַן עצה געגעבן. איבער די פּוילישע שאָסייען און איבער די זאַמדיקע וועגן האָט מען טראַנספּאָרטירט אַפּאַטאַשוס „פּוילישע וועלדער"...

אָט די יידישע ביבליאָטעקן אין די שטעטלעך, ווו די קריסטן פלעגן

באַקומען אַ ביכל צו לעזן אין זייער שפּראַך, די דאָזיקע ביבליאָטעקן זענען אויך געוועזן פאַרקניפּט מיט טלאַמאַצקע דרייצן. דאָרטן זענען דאָך געזעסן פיל פון די שרייבערס, וועמענס ביכער מען האָט אַזוי נעשמאַק געלייענט. ווער זענען זיי די שרייבער? ווי זעען זיי אויס? און דער עוזר וואַרשאַווסקי? דער וואָס האָט אָנגעשריבן די שמוגלערס... ווי זעט ער אויס? פון וואַנעט שטאַמט ער? ווי זעט אויס מאַרקיש? מען זאָגט, אַז ער איז זייער אַ שיינער בחור. און מלך ראַוויטש? ס'איז אמת, אַז ער און אַלטער קאַציזנע זענעןביידע וועגעטאַריאַנער?

דאָס ערשטע, ווען מען איז אָנגעקומען, האָט מען געמוזט גיין און אָנקוקן דאָס שטעטל, וואָס דו זעסט דאָס ערשטע מאָל אין דיין לעבן:

— האָט איר געזען אונזער שול?

און מען פירט ווייזן די לוצקער באַרימטע שול, וועלכע איז אויסגעבויט געוואָרן אין דער פאָרם פון אַ פעסטונג. מען גיט דיר אַלע אויפקלערונגען, מען דערציילט אמתע מעשיות און לעגענדעס.

אין נאַדוואַרנע פירן דיך די בחורים ווייזן דעם גרויסן טאַרטאַק. אויף קילאָמעטערס לאַנג ציט זיך דער פּלאַץ, וואָס איז אָנגעוואָרפן מיט ברעטער און קלעצער. דאַ אַרבעטן יידן. הונדערטער און הונדערטער פון זיי שלעפּן די קלעצער און זעגן די ברעטער. אין ניעסוויזש באַווייזט מען דיר די פּאַלאַצן פון ראַדזיוויל און מען באַווייזט דיר אויך די פערד־שטאַלן. דאָ אַ גאַנצער פּאַלאַץ פון אַ פּוילישן מאַגנאַט, דאָרט רואינען און לעם די פּאַלאַצן און רואינען פון פּאַלאַצן — אַ יידישער ישוב, קליינע הייזקעס מיט מזוזות. אַ געמויערטע שול, פּשוט פאַרטינקעוועט. אָט די פּשוטע געביידעס פון יידישע שולן זענען עס אונזערע פעסטונגען געווען פאַר דורות... שוין גאָרנישט פּשוט האָט אויסגעזען די זאַבלודאָווער שול.

— די אַלטיטשקע...

אַזוי האָט מיר איינער פון מיינע באַגלייטער געזאָגט וועגן דער שול.

— וויפיל איז זי אַלט?

— מען זאָגט זעקס הונדערט און מען זאָגט אַכט הונדערט יאָר, ווער ווייסט. סאיז שוין אַזוי לאַנג, ווען אַ קלאָץ ווערט אינגאַנצן „פּרוכקע" שטעלט מען אַריין אַ נייע קלאָץ, עס האַלט זיך, געבליבן דער אויבערשטער.

מיט א יראת-הכבוד-ציטער קוקסטו אויף די שניצערייען פון ארון-קודש און קאנסט זיך נישט אָפּרייסן.

בלויז אין די שטעטלעך האט מען געקאָנט באגרייפן, ווי אַלט דער יידישער ישוב איז אין פוילן. פון בית־עולמס, פון די מצבות...

אין טשארטקאוו ווייזט מען מיר א לידיק געסל. געמויערטע, איינ-שטאָקיקע הייזער, לאנגע הייזער מיט געמויערטע פּלייטן ארום.

— אָט דאָ האט געלעבט דער טשארטקאָווער רבי, בעת דער ערש-טער מלחמה איז ער אוועק קיין ווין און שוין אהער נישט צוריקגעקומען. איר זעט, דאָס איז זיין הויז, דאָ איז ער געזעסן און געלערנט און אין די איבעריקע הייזער איז געוועזן זיין משפחה, א גרויסע און א רייכע משפחה און די שפּייכלערס זענען דעם רבינס פערד-שטאַלן.

— דער רבי האָט געהאט פערד?

— יא, פערד מיט שיינע קאָטשן. די פערד פלעגט מען איינשפּאנען און געפּארן איז מען שפּאצירן.

מיר האָבן געזען די זאמיריער ישיבה, אין זדונסקע-וואליע האָבן מיר געזען טויזנטער יידישע פרויען אין די זאקן-פאבריקן, אין הונדערטער שטעטלעך פון פוילן האָבן מיר געזען דאָס יידישע פאָלק... מיר האָבן געזען די ירידים, וווּ ייד און קריסט האָבן צוזאמען געהאַנדלט און צו־זאמען געטומלט. וויפיל צייט? הונדערטער יאָרן, דורות לאַנגע. ביי די ראנדן פון די פוילישע וועלדער, ביי די ברעגן פון אַלע פוילישע טייכן... פאַר די לעצטע צוויי דורות איז אין די הייזקעס מיט די מזוזות אויך אריין דאָס יידישע ביכל. דאָס האָט אַלע שטעט מיט די שטעטלעך פעסטער צו-גויפנגעבונדן. די יידישע מאָדערנע ליטעראטור איז אויך געוואָרן אַ שותּף אין יידישן לעבן און פון דער שותפות איז געקומען די יידישע ביבליאָטעק, די יידישע קולטור-פאראיינען, מיר האָבן זיי געזען די יידישע יוגנט, אונזערע לייענער און פריינט, זיי האָבן אונז כבוד אָפּגעגעבן, זיי האָבן שטאַלצירט מיט אונז... אפשר מער, ווי מיר האָבן עס פאַרדינט. אָבער דער כבוד איז אין פרייהייט געבוירן געוואָרן. אָן צוואַנג און אָן פּראפּאגאנדע. זיי האָבן אונז ליב געהאט, ווייל מיר האָבן זיי עפּעס געגעבן...

עס איז געוואָרן אַ געיעג אויפן יידישן שרייבער. דאָס שטעטל האָט אים געוואָלט האָבן ביי זיך, זען, ווי ער זעט אויס, און הערן, וואָס ער

האָט צו זאָגן. דער אדרעס איז באקאנט געווען: „טלאמאצקע דרייצן”. די קאנצעלאריע פון פאראיין איז ממש פארשאטן געוואָרן מיט בריוו פון דער גאנצער יידישער פּראָווינץ. „שיקט אונז דעם דיכטער און יענעם דיכ-טער”. מען האָט גערופן דעם דר. גליקסמאן מיט זיין רעפעראט וועגן פּרוידן. מען האָט גערופן דעם פרומען ישראל שטערן, ער זאָל דערציילן וועגן דעם בעל-שם-טוב. מען האָט גערופן אזעלכע, וועלכע זענען שוין באוווסט געווען אלס גוטע רעדנער און רעפערענטן. מען האָט אויך גערופן אזעלכע, וועלכע האָבן דאָס מויל ניט געקאָנט עפענען. פאר א סך פון אונז איז די פּראָווינץ מיט די רעפעראטן און פאָרלעזונגען געוואָרן א קוואל פון הכנסה. די שטעטלעך האָבן געצאָלט מיט זייערע טייערע גראָשנס... גאָט מיינער, ווען אין מיין זכרון וואָלטן בלויז די שטעטלעך מיט די רייזעס אהין פארבליבן, בלויז דאָס אליין, וואָלט עס אויך לעבנס געסטאַיעט צו געדענקען און צו דערמאנען. צווישן פינף און דרייסיק מיליאָן בירגער האָבן געלעבט דריי מיט א האלבן מיליאָן יידן. זיי זענען אויך געווען בירגער פון פּוילן-לאנד, נאָר מיר האָבן זיי אָפט אין שפּאס גערופן: „בירגער פון טלאַ-מאצקע דרייצן”. אמת, מיר האָבן פאר זיי קיין געזעצן נישט געשריבן, קיין מלוכה-שטייערן נישט געמאנט. נאָר אונזערס א ציטונג, א זשורנאל, א בוך איז געווען מער אָנגענומען ווי א געזעץ און ווען זיי איז איינער גאָר שטארק פון אונז געפעלן געוואָרן, האָבן זיי אים ממש אויף די הענט געטראָגן, מיט מוזיק באַגעגנט און באַגלייט...

טייערע הארציקע בריוו געשריבן צו אונז, באַגריסט צו יעדן דערפאָלג פון א מחבר. געזוכט ביי אונז טרייסט צו אייגענע צרות און עצות גע-פרעגט... ווו ביסטו? יידישע יוגנט! ווו זענען די הענט, וואָס האָבן צו אונז די בריוו פון די יידישע שטעטלעך געשריבן?

דאָס שטעטל. אונזער אוידיטאָריע. פון וועמען איז די אוידיטאָריע באשטאנען? פריער. ווי אלץ די יוגנט, פון אלע פּארטייען, יידישע אַרבעטער און עלטערע משכילים. געווען א סך צווישן זיי, וואָס האָבן די אויסלענדישע ווערטער אַרויסגערעדט מיט גרייזן, געווען אָבער אויך אַזעלכע, וואָס האָבן נישט איין דיפּלאָמירטן פרעלעגענט געכאַפּט ביי גרייזן. געווען א סך נאַאי-וויטעט פון די, וואָס ווילן עפּעס וויסן און דערגיין. געווען אויך א סך אנ-

געלייענטע, אַ סך, וואָס האָבן מיט זעלבסט-בילדונג פיל דערגרייכט און פאַרשטאַנען, נאָרן זיך האָבן זיי נישט געלאָזט און מען האָט זיך געמוזט רעכענען מיט דעם „באַגאַזש״ קונסט, אָדער וויסנשאַפט, וואָס מען האָט געפירט צו זיי. דער עיקר: זיי האָבן געוואָלט זיין מחותנים מיט אונז, מיט די יידישע שרייבער, זשורנאַליסטן און דענקער. זיי האָבן אונז גערופן און געצוווּנגען מיט זייערע איינלאַדונגען, אַז אויך מיר זאָלן זיין מחותנים מיט זיי. מיר זענען געפאָרן. אין אַ סך שטעטלעך געפאָרן. אויף די פּוי-לישע באַנען האָט מען שטענדיק געזען די מיטגלידער פון ליטעראַטן-פאַר-איין. אין די צענדליקער האָבן זיי געגרייזט אהין און אהער. די ווייסל האַלט מויזנט קילאָמעטער און אויף די ברעגן פון דער ווייסל האָבן זיך גע-האַלטן אַזוי פיל ישובים מיט יידן... מיט אַזוי פיל לעבן און פאַרלאַנג צו לעבן שענער. זיי זענען אַראָפּ, זיי זענען פאַרשוווּנדן... און אָט זיץ איך דאָ אין מיין גרויער איינזאַמקייט און וויל עפּעס פאַרשרייבן. אָבער דאָ איז נישט קיין „עפּעס״. די גאַנצע פּאַנאָראַמע פון פאַרברענטן נעכטן עפּנט זיך פאַר די אויגן און איך וויים נישט אויף וואָס פריער צו קוקן. איך אַליין בין דאָך אויך געווען מיט מיינע פאַרלעזונגען אין עטלעכע הונדערט שטעט און שטעטלעך און איך האָב עס דאַמאָלט נישט פאַרשטאַנען, אַזוי דערהויבן איך בין דאַמאָלט געווען, ווען מען האָט צו מיר געזאָגט:

פּרייטיק-צונאַכט צוזאַמען מיט די שבתדיקע שפּייזן, מיט די חלות, מיט דעם קידוש-וויין לייגט מען ביי אונז אויפן טיש אַוועק די בלאַט-ציימונג מיט אייערע אַ דערציילונג און מען לייענט עס פאַר אויפן קול. —

איך האָב נישט געוווּסט, וואָס פאַרא יחסן איך בין. צו לייכט גענומען די ליבע פון אונזערע לייענער.

אַ יחסן געווען ביי זיי, ביי די לייענער אונזערע און אַליין נישט גע-גלויבט אין דער יחסנות. אין איין שטעטל, אין גאָר אַ קליין ווינקעלע, האָט איינער פון די לייענער מיטגעבראַכט מיינס אַ פאָטאָגראַפיע, וואָס ער האָט אויסגעשניטן פון אַ זשורנאַל, ער האָט געקוקט אויף מיר און גע-קוקט אויף דער פאָטאָגראַפיע: צי דאָס איז נישט עפּעס אַ שווינדל? ער האָט נישט געגלויבט, אַז איך, איך אַליין זאָל אַראָפּקומען אין אַזאַ פאַר-וואָרפן ווינקל...

געווען אַפּט סכסוכים מיט די פרומע. אין וואָלאָמין, אַ שטעטל לעם

וואַרשע, האָט דער רב שבת אויסגערופן אין שול, מען זאָל נישט גיין אויף מיין פאַרלעזונג, ווייל דאָס איז אַ זינד, ווייל איך, אַזאַ און אַזאַ, האָב אַוועקגעפירט מיט מיין שרייבן די גאַנצע יוגנט אין וואַלד אַריין.

איך האָב זיך זייער געפרייט שפּעטער, ווען מען האָט מיר דעם רבס ווערטער איבערגעגעבן. טייערע ווערטער, די בעסטע ווערטער, וואָס איך האָב וועגן מיין אַרבעט ווען געהערט. קיין בעסערע רעצענזיע האָב איך זיך קיינמאָל נישט געווונטשן...

פאַראַן געגנט יידן, וועלכע האָבן קיינמאָל נישט געלעבט אין אַזאַ געדיכטער יידישקייט, ווי מיר. די דאָזיקע וועלן אונז קיינמאָל נישט פאַרשטיין. מיר, די יידישע שרייבער פון פּוילן, האָבן פאַרזוכט דעם אמתן טעם פון פאָלק, סיי דאָס ביטערע און סיי דאָס זיסע. אַ גאַנצע נאַכט זיך געוואַלגערט אין וואַגאָן, אָפּט אַ גאַנצן מעת לעת געפאָרן, כדי צו קומען אין אַ שטעטעל קאַסטאַפּאָל, אָדער זדאַלבונאָוואָ. אָרעמע שטעטלעך, טונקעלע ישובים, פאַר אונז זענען זיי געווען ליכטיקע פייערלעך אין גלות-מדבר. פאַרלאָשענע פייערלעך... דאָך אין האַרצן קאָן מען זיי נישט אויסלעשן, פון די באַהאַלטענע טרערן צינדן זיי זיך נאָך העלער אָן. פייערלעך... שידלאָוויעץ, טשעכאַנאָוו, נאַשעלסק, קאַליש, לאַסק, קוטנע, גאַמבין, קאָנין, לענטשיץ, אָזיערקאָוו, זגערזש, אָלקוש, שיערפּץ, פּולאַוו, קאַנסקע-וואַליע, אָפּאַליע, לובאַרטאָוו, קראַשניק, זאַמאָשטש, זאַוויכאָסט, כרוביעשאָוו, וולאַדימיר-וואָלינסק, קאָוועל, סלוצק, סאַרני, קלעצק, פּינסק, זאַמיריע, באַראַנאָוויטש... די רשימה האָט זיך ערשט אָנגעהויבן. הונדערטער אַזעלכע יידישע פּונקטן. ביז דער רוסישער גרענעץ... ביז דער טשעכישער, ביז דער דייטשישער און ביז דער אונגאַרישער גרענעץ... פון אומעטום בריוו, איינלאַדונגען. מען איז געפאָרן צו זיי און אומעטום געפונען אַ יוגנט, וואָס האָט אונז אויפגענומען, ווי די יוגנט קאָן אויפנעמען. אומעטום איז געווען אַ זאָל פאַר אונזערע פאַרלעזונגען. אומעטום אַ ביבליאָטעק. אומעטום דיספּוטן וועגן אונזער שרייבערײַ. נישט איינמאָל געטראַכט ביי זיך, אַז אונזערע לייענער נעמען זיך צופיל איבער מיט אונזערע שאַפונגען. אפשר זענען זיי נישט איבעריק קלוג, נישט גענוג לעבנס-לוסטיק... אָט אַזעלכע פּראָווינצער, זיי האָבן געכאַפּט אַ ביכל און לאָזן עס פון האַנט נישט אַרויס... נאָר אָט קומט פאַר אַ באַנקעט נאָך דער פאַרלעזונג. מען מאַכט

אַ כוסה. חברה טרינקען גאַר פיין, חברה זינגט, חברה טאַנצט און מען פאַרגעסט, אַז אויף דער וועלט זענען פאַראַן ביכלעך... בראַווע יונגען געווען, לעבעדיקע, דרייסטע, געזונטע. וואָס פאַר אַ בייזוויליקער מח האָט עס אין זיין פינסטערער פאַנטאַזיע אויסגעטראַכט אויף זיי, אַז זיי זענען נעבעכדיק, שפּלדיק, קנעכטיש, גלותדיק?.. האָט פּשיטעק נישט באַוויזן, ווער זיי זענען און ווי זיי זענען אין זעלבסטשוץ, האָבן די לעצטע רעשטלעך אין געטאָ נישט באַוויזן זייער איבערמענטשלעכע העראָאישקייט. ליכטיק ביז די הימלען און איבער די הימלען זאָל זיין זייער אָנדענק.

מיין לעצטער שטאַלץ איז דאָס, ווען איך דערמאָן זיך, ווי מיר האָבן פאַרבראַכט צוזאַמען ביי אַ מאַלצייט. באַנקעט האָט עס געהייסן. אַזאַ ווילע, אַזאַ ריינע יידישע יוגנט פון פּוילן. מיט אַזאַ לוסט צו אַר-בעטן און מיט אַ ווילן צו זיין נוצלעך. די קינדער פון אַזעלכע טאַטעס, וואָס פיל פון זיי זענען פון ש"ס נישט אַוועק. אָבער דאָ מוז מען אין באַ-שיידנקייט זאָגן, אַז אויך די יידישע ליטעראַטור האָט זיי פיל געגעבן. פּרץ האָט נישט אומזיסט געלערנט, שלום-עליכם האָט נישט אומזיסט געלאַכט און ביאַליק האָט נישט אומזיסט געזונגען. אָן ווירקונג איז דאָס נישט פאַרביי. זיי האָבן באַנוצט די פּראָזע פון אונזערע ביכער, געדענקט די העלדן פון אונזערע ראָמאַנען, דעקלאַמירט אונזערע לידער... זיי, וואָס זענען מיר דאַמאָלט געווען אָן זיי? און ווי זעען מיר איצטער אויס אָן זיי?

אַ יום-טוב איז דאָס געווען פאַר די שטעטלעך, ווען איינער פון טלאַמאַצקע דרייצן איז געקומען צו זיי. אַ יום-טוב איז עס געוואָרן פאַר אונז, ווען מיר האָבן געזען, אַז זיי האָבן אונז אויפגענומען. געדענק איך נישט, ווי אין וואָלבראַם איז דער רב געקומען צום וואָקזאַל מיט אַן איי-ניקל, אַ קליין מיידעלע, אויף דער האַנט און נישט ווייט פון רב איז גע-שטאַנען אַ שוסטער און שטייענדיקערהייט ווייטער גענייט זיין שוך, בלויז ווען איך בין פון וואַגאָן אַרויס, האָט ער אויפגעהויבן די אויגן און געקוקט אויף מיין ווייניקייט.

איינמאָל בין איך געפאָרן אויף אַ טור בשותפות מיט דר. גאָטליב. מיר זענען צוזאַמען אַרויסגעטראָטן. ער האָט געלייענט וועגן שפּענגלערס „דער אונטערגאַנג פון דער מערב-קולטור" און איך האָב גערדרשנט: „דיכ-טער, קריטיקער און לעזער". געווען זענען מיר אין אַ זיבן פּונקטן. אויף איין

סטאַציע, ווען מירביידע זענען אַליין געזעסן אין וואַגאָן-קופּע, האָט זיך פּלוצלינג אין ראַם פון דער טיר באַוויזן אַ ייִד. אַ גרויסער ייִד, אַ געזונ־טער ייִד מיט אַ געדיכטער באָרד און אַ היטל האָט ער געטראָגן מיט אַ ברייטן „דאַשעק". דאָס איז געווען אַ פּאַליעסיער ייִד, מיט שטאַרקע הענט, מיט אַ העלדישער פּלייצע און גוטמוטיק ביז גאָר. דער ייִד איז אַריין אין דער ראַם פון טיר און האָט גענומען קוקן אויף אונז ביידן. איין בליק אויף דר. גאָטליב, אַ צווייטן בליק אויף מיר און ווידער אויף דר. גאָטליב. ער איז געווען פול מיט איבעראַשונג, ווי אַ גרויס גליק וואָלט אים געטראָפן. געקוקט און געפינטלט מיט די אויגן און געוואָרפן איין פראַזע:

— עס האָט געלוינט, עס האָט געלוינט...

פון הנאה האָט ער זיך געכאַפּט פאַר דער באָרד און געקלאַפּט אין די הענט און ווידער:

— עס האָט געלוינט...

ערשט ווען דער צוג האָט זיך גענומען רירן פון אָרט, איז דער ייִד פאַרשוואונדן געוואָרן. מיר זענען ביידע געזעסן איינער אַנטקעגן אַנדערן און זיך אָנגעקוקט:

— וואָס איז דאָס פאַר אַ באַגעגעניש? — האָב איך געפרעגט.

— איך רעכן, אַז דער ייִד האָט זיך דערוווּסט פון ערגעץ-ווו, אַז דאָ פאָרן אַזעלכע „גדולים", צוויי גדולים", ווי מיר זענען, איז ער אונז געקומען באַזוכן און צוליב דעם האָט ער געמאַכט אַ שטיק וועג און דערפאַר האָט ער כסדר געקלאַפּט: „עס האָט געלוינט". דאָס איז אונזערס אַ ייִד פון דער פּאַלעסיע. מיינער אַ ייִד.

דר. גאָטליב איז דאָך געווען פון פּינסק.

אַזעלכע באַגעגענישן זענען געווען אַ סך, זיי האָבן אונז געמאַכט ניינעריק, זיי האָבן אַפּט געטרייסט און אינספּירירט צו אַרבעט.

טויזענטער קילאָמעטער האָב איך דורכגערייזט, הונדערטער נעכט נישט געשלאָפן אין די וואַגאָנעס, כדי זיך צו זען מיט זיי. איך האָב קיינעם קיין טובה נישט געטאָן. דאָס איז געווען אַ געוויינלעכע זאַך: זיי האָבן גערופן און מיר וואַרשעווער זשורנאַליסטן און שריפטשטעלער זענען געפאָרן. ווי קאָן מען דאָס זיין אַ שרייבער און נישט אַריינפאָרן אין די שטעטלעך? עס זענען שוין געווען אין פּוילן אַזעלכע אימפּרעסאַריאָס, וועלכע פלעגן אונז

אנגאַזשירן אויף אַ צוואַנציק, אָדער דרייסיק פאַרלעזונגען מיט אַמאָל. יעדן טאָג אַ ניי שטעטל און יעדן טאָג אַ נייער עולם. מען פלעגט פאָרן מיט באַן, מיט אויטאָמאָביל און גאַנץ אָפט מיט פור. דורך וועלדער און טייכן געפאָרן, צווישן קאָרן-פעלדער און געדיכטע שנייען... אַט אַזוי פלעגט מען אַוועק-גיין אויף אַ חודש פון וואַרשע און אַריינפאַלן אין אַ ליבן, טייערן טאָל פון דער יידישער פּראָווינץ, פאַרברענגען אַ טאָג און אַמאָל צוויי טעג מיט מענ-טשן, וועלכע דו זעסט צום ערשטן מאָל אין דיין לעבן, מיט מענטשן, וועלכע לייענען דיך שוין יאָרן. גערעדט מיט זיי און אויסגעהערט זייערע געשיכטעס. קליינשטעטלשע, נאַאיווע, האַרציקע געשיכטעס. שפּעטער זענען פון די געשיכטעס געדרוקט געוואָרן בענדער סקיצן, דערציילונגען, פּאָעמעס. אָבער צו ווייניק: פּרץ, אַש און ווייסענבערג האָבן אַ סך בלומען פון שטעטל גע-בראַכט, פיל מער איז דאָרט פאַרבליבן און צעטראָטן געוואָרן...

איך האָב זיי פון יוגנט אָן ליב געהאַט די יידן פון די אָרעמע גאַסן. איך האָב די שטעטלשע פשוטע יידן ליב באַקומען, ווען שלום אַש האָט אָנגעהויבן דערציילן פון זיי. שפּעטער בין איך געקומען אין די זעלבע שטעטלעך און געפונען ביי אונזערע אַזוי פיל נשמה, וואָס האָט געקלעקט פאַר מיר ביזן גרויען קאָפּ. דערזעענדיק די יידן, האָב איך דערפילט אַ טיפע ערלעכקייט, איך האָב דאָס דערפילט מיט אַלע חושים, דערפאַר האָס איך און וועל ביז דער לעצטער שעה פיינט האָבן יעדע אַסימילאַציע.

אונזער טלאָמאַצקע דרייצן האָט געזאָלט זיין אַ פעסטונג קעגן דער אַסימילאַציע. אונזער ליד, אונזער פאָלקס-ליד, אונזערע באַגעגענישן מיט די בחורים און מיידלעך, יעדער שמועס מיט זיי, יעדער פאַרברענגען מיט זיי, יעדער לחיים, אַלץ איז דאָס געווען אַ רוף צו זיך אַליין. נאַריש און פּוסט האָבן מיר אויסגעזעען די עטלעכע רוסישע לידלעך, וואָס איך האָב ווען אָנגעשריבן. איך האָב זיי אַרויסגעוואָרפן פון זכרון און פון אַרכיוו... איך בין געגאַנגען אין יידיש שטעטל.

אָפט האָט מען געזען אַן אַלטע שול און גאָר אַן אַלטן פּרוכת, אַלטע סדורים, מחזורים, אַזעלכע מאָדנע אַלטמאָדישע קופּערנע לייכטער, מנורות און אַלטע מצבות אויף די שטילע בית-עולמס. אַלץ צוזאַמען האָט עס דורכגענומען. אַלץ צוזאַמען מיט די געדיכטע וועלדער אַרום די שטעטלעך, מיט די סעדער, מיט די טייכן. אָבער ערד און הימל! וועמען איז דאָס

איינגעפאלן צו טראכטן, אז דאָס וועט אלץ פארשווינדן, אז קין סימן פון דעם וועט נישט פארבלייבן. מען איז געפאָרן אהין, גערעדט צו די יידן, גערעדט מיט די יידן, פארבראכט און דורכגעפילט די סביבה. נישט איינ-מאָל זיך איבערגעמאטערט פון די דאָזיקע פראָווינץ-רייזעס. פלעגט מען קו-מען צוריק קיין ווארשע, צוריק אויף טלאמאצקע דרייצן. פאר חברים פלעגט מען דערציילן קוריאָזע געשיכטעס פון דער פראָווינץ, אָנלאכן זיך אביסל און זאָגן: — ניין! מער פאָר איך נישט, דאָס מאטערט אויס, א שאָד די כוחות, שוין גענוג מיט די שטעטלעך. מען איז אָבער ווידער געפאָרן אויף נייע און אַלטע מארשרוטן, פון סאַן ביז דער בזורא, פון דניעסטער ביז דער ווארטא, ביזן בוג און נארעוו און די גאנצע לענג פון ווייסל. מען איז ווידער געפאָרן...

עס האָט געצויגן.

* * *

וואָס ווייטער דאָס שטעטל איז געלעגן, אלץ שווערער איז געווען דאָס פאָרן, אָבער אין דער זעלבער צייט איז געווען מער נייגעריקייט, פונקט אזוי ווי מען גייט אין א וואלד און מען וויל קומען אלץ טיפער און טי-פער. עס האָט שטארק געצויגן דער שטח, אויף וועלכן אזוי פיל יידישע ישובים זענען געווען פארזייט, איצט רופט עס צו ריידן וועגן זיי, דערמא-נען און כסדר דערציילן...

דערביי וויל איך נישט אויסמיידן און דערציילן א פאָר קאָמישע געשיכטעס פון מיינע אמאָליקע רייזעס איבער דעם גרויסן ישוב אונזערן אין פוילן. טלאָמאצקע דרייצן האָט געהערט צו אלע געשיכטעס, וואָס מיט אונז האָט פאסירט אין וועג. דאמאלט האָט מען געלאכט, היינט וועט מען שוין מער נישט לאכן...

די ערשטע געשיכטע האָט פאסירט אין אָסטראָוו-מאַזאָוויעצק:

צען מינוטן פאר מיין פאָרלעזונג איז געקומען א מעלדונג פון דער פאָליציי, אז די פאָרלעזונג ווערט צוליב עפּעס א פאָרמאַליטעט אָפּגערופן און מען קאָן גיין אהיים. מיין פּלאַן איז געווען, אוועקגיין אויפן וואָקזאַל, קויפן א בילעט און פאָרן קיין ווארשע: נישט געלייענט, נישט פארדינט, אָבער דערפאר וועל איך זיין אין ווארשע. אָבער מיינע באַגלייטער, די איינ-

אָרדענער פון רעפעראַט, האָבן זיך איינגעשפּאַרט: איך מוז בלייבן, מאָרגן וועט די פאָרמאַליטעט דערליידיקט ווערן, די פאָרלעזונג וועט באַשטימט פאָרקומען און אַלץ וועט גוט זיין. זיי וואָלטן ביי מיר ניט אויסגעפירט, נאָר דאָ בין איך געשטרויכלט געוואָרן צוליב אַ פרוי... אין דער גרופּע פון די, וואָס האָבן מיר באַגלייט, איז געווען אַ יונג מיידל.

— בלייבט!

מען האָט געדאַרפט זיין אַ שטיק טעמפּ אייזן, איך האָב פאַרגעסן וואַרשע, איך האָב פאַרגעסן אַלץ אין דער וועלט. איך בין פאַרבליבן אויף נאָך אַ מעת לעת אין שטעטל. געהייסן האָט עס, אַז איך בלייב צוליב דער פאָרלעזונג, צוליב אַ פאַרדינסטל, צוליב קולטורעלע צוועקן. אָבער אין דער אמתן... אין דער אמתן בין איך דאָרט פאַרבליבן צוליב דעם מיידל, צוליב איר שעלמישן „בלייבט".

מיר האָבן גענומען אַלע צוזאַמען שפּרייזן איבערן שטעטל. דאָס מיידל איז געגאַנגען גלייך מיט מיר. אַלס גאַסט און אַלס „דיכטער" האָב איך זיך דערלויבט זי צו נעמען אונטער דער האַנט און זי האָט געלאַכט און גערעדט גוטע רייד צו מיר, פונקט ווי מיר וואָלטן שוין לאַנג באַפריינדעט געווען. אין שטעטל איז געווען פינסטער, אויף אַנדערע פּלעצער איז געווען האַלב פינסטער. מיר זענען געגאַנגען אָן אַ ציל. עס איז זייער גוט צו גיין אָן אַ ציל. אָבער ווען איז דאָס גוט? דאַמאָלט ווען מען שפּאַצירט אָן דער סוויטע. די סוויטע בלייבט מיט אונז. איינער פון די בחורים לייגט פאָר, מען זאָל גיין אין פּאַרק. גוט! אַלע שטימען איין. עס איז אַ זומערדיקע נאַכט, פאַרוואָס זאָל מען נישט גיין אביסל אין פּאַרק? און אין פּאַרק איז פינסטער, אַי, ווי פינסטער, עס פעלט אָן אַ זיסער פּחד. דאָס מיידל, וואָס טוליעט זיך צו מיר, מאַכט דעם פּחד זיס. אין „פּאַרק" איז פאַראַן איין באַנק, מער איז נישטאָ. מען האָט מיר געזאָגט, אַז אינגיכן וועט דער מאַגיסטראַט אוועקשטעלן נאָך עטלעכע בענק, אָבער דערווייל האָבן זיך אַ טייל פון אונז אוועקגעזעצט אויף דער באַנק און אַ טייל איז געשטאַנען לעם דער באַנק, לעם אונז. מען האָט גערעדט, מען האָט געשפּאַסט, מען האָט געזונגען און ווען מען האָט אויפגעהערט צו זינגען, איז מען פּלוצלינג אָן אַ סיבה שטיל געוואָרן... גאָר אָן אַ סיבה, דאָס פּאַסירט אין יעדער סביבה און אין יעדער צייט: מענטשן ווערן פּלוצלינג

שטיל . . . און אין דער שטילקייט האָט זיך פּלוצלינג דערהערט אַ געזאַנג פון נאַכטיגאַל, אַ טרעלן-קנויל האָט זיך אַ שאָט געטאָן פון די געדיכטע קוסטעס . . . הא-הא ! עס איז דאָך מאַי און אין מאַי זינגט דער נאַכטיגאַל. עס האָט זיך דערמאַנט די פאַרגאַנגענהייט, אַז אַמאָל איז מען יונג געווען, אַז היינט וויל מען אַלט נישט ווערן און אַ טרייסט, אַ שמחה אין האַרצן איז, וואָס לעם מיר זיצט דאָ אַ שיינס, אַ יונגס . . . דאָס שענסטע פון שטעטל. איך פיל איר נאָענטקייט, אַלץ גוט ! אָבער ווו האָט איר דאָס געזען און ווען האָט איר דאָס געהערט, אַז אַ סוויטע זאָל אַרומרינגלען אין אַ פּאַרק אַ פּאָרל, בעת עס זינגט אַ נאַכטיגאַל?

ווילע בחורים. דאָס, וואָס זיי האָבן גערעדט, איז גאָרנישט נאַריש געווען, אָבער אין דער רגע האָבן זיי מיר אויסגעזען, ווי די ערגסטע נודני-קעס אויף דער וועלט. אַן אָנשיקעניש — נישט פּטור צו ווערן. איינס, צוויי, דריי, פיר, פינף . . . איך האָב שוין איבערגעציילט וויפיל פינגער מיין שכנטע פאַרמאָגט אין איר רעכטער האַנט. פינף פינגער — אַלע מענטשן האָבן אַזוי פיל פינגער אויף איין האַנט אָבער פינגער צו פינגער זענען נישט גלייך . . .

עס איז אַוועק אַביסל צייט. דער סוויטע איז לאַנגווייליק געוואָרן דער פינסטערער פּאַרק מיט דער נאַכטיגאַל, מיט אַלע ריידערייען און מיט אַלע וויצן. דערצו האָבן נאָך אַ סך געמוזט שטיין די גאַנצע צייט. עס איז לאַנגווייליק געוואָרן און איינער האָט זיך אָנגערופן :

— חברה, לאָמיר ערגעץ אַריינגיין . . .

און אַ צווייטער האָט זיך אָנגערופן :

— לאָמיר אַרויפגיין צו די „הונדערט און צוואַנציק יאָר". דאָרט וועט מען מאַכן טיי, מען וועט דאָרט גוט פאַרברענגען.

איך בין געוואָרן אויפמערקזאַם :

— וואָס איז דאָס פאַר אַ „הונדערט און צוואַנציק יאָר"?

האָט מען מיר געגעבן צו פאַרשטיין : די „הונדערט און צוואַנציק יאָר", דאָס זענען דריי פאַרזעסענע מוידן, וואָס אַלע צוזאַמען האָבן הונ-דערט און צוואַנציק יאָר. קיין עלטערן האָבן זיי שוין נישט, אָבער זיי זענען געגנוג פאַרמעגלעך, זיי האָבן הייזער און פון דעם לעבן זיי. זיי

ווארטן נאָך אַלץ אויף חתנים. פריער האָבן זיי קיינעם נישט געוואָלט און איצט ווייל מען זיי נישט... פארזעסענע.

איך האָב זיך אָפּגעזאָגט צו גיין אהין. מיך ארט נישט, וואָס זיי זענען אַלטע מוידן און וואָס אלע צוזאמען רופט מען זיי אָן די „הונדערט און צוואנציק יאָר". אלט בין איך אליין און איך פיל זיך נישט גוט צווישן אַלטע. איך האָב זיך שטארק געוואָלט ארויסדרייען פון דעם ענין, אָבער „דאָס", וואָס איז אזוי נאָענט לעם מיר אויף דער באנק געזעסן, האָט זיך צו מיר הארציק אָנגערופן:

— עס פּאסט נישט, טייערער! קומט ארויף צו זיי...

צי דערפאר, ווייל איך האָב זיך נישט געוואָלט שיידן מיט איר, צי דערפאר, ווייל זי האָט געזאָגט „טייערער!" — איך בין געגאנגען צו די „הונדערט און צוואנציק יאָר" און האָב דערזען דריי דיקע פריילנס. אסור, אויב איך וואָלט געקאנט פון זיי אונטערשיידן, וועלכע איז יינגער און וועלכע עלטער? קענטיק, אז זיי זענען א סך אין זייער לעבן אין די ווייכע פערנעס געשלאָפן, אויסגעפּאשעט און אויסגערונדלט און דערצו מיט א געוויסער זעלבסטזיכערקייט: רייכע מוידן.

מען האָט מיך אויפגענומען מיט דרך-ארץ, מען האָט געמאכט טיי און א טיש האָט זיך באדעקט מיט גוטע זאכן, אָבער דאָ איז נישט דער פּארק, דאָ איז ליבטיק. איך וואָלט שוין גערן געלאָפן אין מיין האָטעל. דאָרט, אין איינזאמען צימערל קאָן מען חלומען אפילו פון קלעאָפּאטראָן, אָבער דאָ מוז איך כסדר קוקן און ריידן צו די „הונדערט און צוואנציק יאָר".

דערנאָך האָט ווער פאָרגעלייגט, מען זאָל אביסל טאנצן. א גראמאפאָן איז דאָ, פּליטן זענען דאָ... פארוואָס זאָל מען זיך אביסל נישט אויס-טאנצן?

מיין צארט שווארץ מיידל האָט מיר הארציק אריינגעקוקט אין די אויגן און געפרעגט, צי איך טאנץ? „יאָ", האָב איך געענטפערט. ווען דאָס פרעגט ביי מיר איינע פון די „הונדערט און צוואנציק יאָר", וואָלט איך באשטימט געענטפערט „ניין!", ווייל טאנצן מיט אזא איינער איז נישט פון די לייכטע זאכן.

איינמאָל, צוויי מאָל, שוין דריי מאָל געטאנצט מיט איר. די אייבע-

## ז. סעגאלאָוויטש

ריקע האָבן געטאַנצט מיט אַ הונדערט-און צוואַנציקער-האַרמאַטן. איך האָב זיי נישט מקנא געווען, איך האָב פיינט קנאה...

פלוצלינג רופט זיך אָן צו מיר מיין מיטטענצערין:

— איר מוזט אויך מיט זיי טאַנצן, מיט די באַלעבאָסטעס, זיי זענען ליידנשאַפטלעכע טענצערינס, און אויב איר וועט מיט זיי נישט טאַנצן, וועלן זיי זייער גאַנץ לעבן זיין באַליידיקט אויף אייך... זעט, ווי בייז זיי קוקן אויף אונז.

מען מוז זיין אַ דזשענטעלמען, און איך בין עס געווען. איך האָב געטאַנצט מיט די „הונדערט און צוואַנציק יאָר". מיט יעדער איינער פון די דריי שוועסטער געטאַנצט און צו עטלעכע מאָל געטאַנצט, ווייל אַזוי האָט פאַרלאַנגט דאָס מיידל. אין איינס בין איך זיכער: פריער, צי שפּע-טער, אויף דער וועלט, צי אויף יענער וועלט: פאַר יענעם טאַנץ-אָוונט וועל איך באַשטימט אַמאָל אַ פּריז באַקומען. איך בין עס ווערט. איך האָב ריזיקירט מיט מיינע לעצטע כוחות און מיט מיין לעצט ביסל געמיט. איך האָב זיך געהאַלטן פאַר אַ פאַרלאָרענעם אין אַ סך מינוטן פון יענעם טאַנצן. עס איז געווען אַ מאָמענט, ווען מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז איך טרינק זיך...

* * *

נאָך איין פּראָווינץ-רייזע, וועלכע איך האָב לאַנג געדענקט. צו מיר אין ליטעראַטן-פאַראיין איז געקומען אַ שליח פון שערפּץ און האָט מיך פאַרבעטן אויף צוויי פאַרלעזונגען, איינע פון זיי טאָקע אין שערפּץ און די צווייטע קיין טשעכאַנאָוו. איין שטעטל פון דעם צווייטן איז געלעגן גאַנץ ווייט. אָבער די אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט מיך איינגעלאַדן, האָט געוואָלט, איך זאָל לייענען אין דיביידע ערטער. כ'האָב דעם פאָרשלאָג אָנגענומען און זיך געלאָזן פאָרן כמעט אַ גאַנצע נאַכט קיין שערפּץ. דער וועג האָט זיך אַרויסגעוויזן ווייטער, ווי דער שליח האָט מיר איינגערעדט. זיי האָבן שוין געהאַט אַ טבע, די שליחים, זיי פלעגן שטענדיק זאָגן, אַז דער וועג איז אַ קירצערער, כדי אונז אַריינצונאַרן. פון הונדערט פופציק קילאָמעטער מיט באַן פלעגט ווערן צוויי הונדערט. פון צען קילאָמעטער מיט אַ טעקסי פלעגט ווערן פערציק, אָדער פופציק. מיר האָבן עס אויף טלאַמאַצקע דרייצן גערופן: גומענע קילאָמעטערס...

ארום זעקס באַגינען געקומען קיין שערפּץ, אַ נישט דערשלאָ-
פענער, אַ צעבראָכענער. איך האָב געהאַט אַן אדרעס צו דעם פּאָרזיצער
פון דער אָרגאַניזאַציע. איך האָב אים אויפגעוועקט און דאָס גאַנצע הויז-
געזינד אויפגעוועקט. מען האָט מיך אַריינגעוואָרפן אין אַ וואַרעם בעט,
אין אַ היים אָנגעוואַרעמטן צימער. איך בין׳געשלאָפן אַ גאַנצן טאָג. די
גאַנצע משפחה האָט מיט דרך-ארץ געשוויגן:

— שאַ! דער דיכטער שלאָפט...

און דער דיכטער האָט זיך אויפגעכאַפּט זעקס אין אָוונט. געווען איז
שוין גרייט אַ טיש מיט אלדאָס גוטס. אָפּגעגעסן׳ און געלאָפן לייענען. עלף
אין אָוונט בין איך שוין געווען פאַרטיק מיט מיין ערשטער פאָרלעזונג.
איצט באַדאַרף מען לויפן צו דער באַן און פאָרן קיין׳טשעכאַנאַוו. אויפן
וועג באַדאַרף איך נאָך האָבן אַן איבערשטייגונג אין נאַשעלסק. געקו-
מען אין נאַשעלסק, ווייזט זיך ארויס, אַז אַ באַן-פארבינדונג מיט טשע-
כאַנאַוו וועל איך ערשט באַקומען צען אין דער פרי און איצט איז ערשט
צוויי ביינאַכט. דער נאַשעלסקער וואָקזאַל איז גרויס, ווי אַן אויטאָבוס.
דער נאַשעלסקער וואָקזאַל איז אָנגעפּאַקט מיט זעלנער, מען קאָן זיך
קיין ריר נישט טאָן. נישטאָ ווו צו זיצן, נישטאָ ווו צו שטיין,׳ נישטאָ קיין
לופט. וואָס טוט מען דאַ? גיי איך צו צו אַ באַן-באַאמטן און פרעג ביי
אים, אפשר ווייסט ער, ווו מען קאָן דאָ איבערנעכטיקן. ענטפערט ער מיר:

— פון וואַקזאַל ביזן שטעטל איז פיר קילאָמעטער. עס פאַלט אַ
נאַסער שניי, עס איז גליטשיק און אויסער דעם איז היינט שבת, די יידן
שלאָפן געשמאַק. אָבער׳דאָ נישט ווייט פון וואַקזאַל איז פאַראַן אַ קריסט-
לעכער שענק. איצט איז ער פאַרמאַכט דער שענק אָבער קלאַפּ אָן, אפשר
וועט דער באַלעבאָס דיך לאָזן איבערזיצן די נאַכט אויף אַ באַנק.

זאָל זיין אַ שענק, זאָל זיין אַ באַנק, אבי נישט דאָ מיט די שרייאיקע
זעלנער, מיט אַזאַ לופט. איך בין ארויס פון וואָקזאַל און אריין אין אַ שניי-
דיקע, אין אַ נאַסע זאַווערוכע. איך בין בלויז אָפּגעגאַנגען צען טריט און
איך האָב שוין גאָרנישט געזען. נישט דעם געזוכטן שענק און נישט
דעם פאַרלאָזענעם וואַקזאַל. דער שניי האָט פאַרקלעפּט מיינע אויגן און
די פיס האָבן געזונקען אין אַ נאַסער ווייכקייט, דאָס איז דאָך געווען צווישן
פורים און פסח. דער שניי׳איז איינצייטיק געפאַלן און געשמאָלצן. איך

האָב געבלאָנדזשעט אין דער פינסטער, עס איז מיר קאַלעמוטנע געוואָרן אויף דער נשמה און דאמאלט האָב איך זיך דערמאָנט טלאמאצקע דרייצן. ווען נישט דער פאַראיין צו די אלדי גוטע יאָר, וואָלט נישט געווען קיין אדרעס צו אונז און איך וואָלט איצט רואיק געשלאָפן אין ווארשע. איך האָב געזוכט א וועג, איך האָב עפּעס געטראַכט און אזוי זוכנדיק און טראכטנדיק האָב איך זיך אָנגעשטויסן אָן א פארקאן פון שטעכעדיקע דראָט. איין האנט, אין וועלכער איך האָב געהאלטן מיין טעקע, האָט זיך פארטשעפּעט און איך האָב דערפילט א ווייטיק, דערפילט א שטראָמעלע בלוט אויף מיין האנט. ווייל איך לאַנגזאם ארויסציען פון די דראָטן די פארוואונדעטע האנט, פאַל איך שוין אויך מיט דער צווייטער האנט אויף די דראָטן און דערפיל נאָך א ווייטיק. דערשרעק איך זיך, דער דראָט איז דאָך פארזשאווערט, וועל איך באקומען א בלוט-פארגיפטונג, וועל איך שטארבן...

ווייל איך נישט שטארבן... פאר אלע לארבער־קראנצן, פאר דעם בעסטן פּלאַץ אויפן פארנאס — איך וויל נישט שטארבן און איך רייס זיך אָפּ פון דער פינסטערניש, פון שטעכיקן דראָט. איך נעם שפּרייזן מיט דעם גאנצן האסט, איך גיי, איך לויף און... איך פּאַק דעם שענק. איך זע אפילו דעם שילד. דאָך, דער שענק איז געשלאָסן. נעם איך פּויקן אין טיר און באלד קומט ארויס א קריסט מיט א פארשלאָפענעם קול. ער שרייט, ער פרעגט:

— ווער איז דאָ? וואָס איז געשען?

גיי און דערצייל אים וועגן מענדעלע מוכר ספרים, וועגן שלום עליכם, וועגן דער יידישער ליטעראטור, וועגן טלאמאצקע, וועגן שטעטלעך מיט פאַרלעזונגען, גיי און דערצייל אים.

— יאַד! — האָב איך א געשריי געטאָן. — איך באַדאַרף יאַד, איך האָב צוויי פאַרוואונדעטע הענט, איך בין געגאנגען און זיך פאר־טשעפּעט... א פארקאן, שטעכעדיקע דראָט... איך באדארף יאַד.

ער האָט מיך פארשטאנען, אָבער קיין יאַד האָט ער נישט געהאַט, דערפאר האָט ער מיר געגעבן אַן עצה, איך זאָל גיין צוריק און אריבערגיין די רעלסן, דאָרט שטייט א הייזקע, אין דער הייזקע לעבט א קריסטין, אַן אלמנה, זי גיט ארויס מיטאָגן צו די באַן ארבעטער און אזוי ווי די אר־

בעטער קאַליעטשען זיך אָפּט, האָט די אַלמנה פאַר זיי אַ גאַנצן טאָפּ מיט יאַד...

אַ גאַנצן טאָפּ מיט יאַד. פליגלען האָבן מיך פּשוט געטראָגן צום דאָזיקן רעטונגס-טאָפּ, ביז היינט איז מיר נישט קלאָר, ווי אַזוי איך בין צוגעקומען צו יענער געבענטשטער הייזקע. ווידער געקלאַפּט אין אַ טיר, אין די לאָדנס און אויפן שוועל האָט זיך באַוויזן די אַלמנה. אויף זיך האָט זי געהאַט אַ גרויסן פעלץ פון שעפּסן-פעל, אַ פרישער פעלץ, דער פעל־ריח האָט געריסן די נאָז-לעכער.

— ווער איז דאָ? וואָס איז געשען?

איך דערציי̆ל איר אויף שנעל, אַז איר שכן, דער שענקער האָט מיך געשיקט אַהער... יאַד, איך באַדאַרף יאַד.

אין עטלעכע מינוט שפּעטער בין איך שוין געזעסן אויף אַ טאַ־בורעט, לעם אַ הארטן טיש. אויפן טיש איז געשטאַנען אַן ערדענער טאָפּ מיט יאַד, עס איז געלעגן אַ שטיק לייוונט, איך האָב פון לייוונט אָפּגעשניטן אַ שטיקל און מיט דעם געשמירט מיינע צוויי פאַרבלוטיקטע הענט. די אַלמנה האָט געבראַכט טיי. איך האָב עס געטרונקען און זי, אַן עלטערע און צעבראָכענע פרוי, האָט דערציילט פון איר לעבן. איר מאַן, געווען אַ באַן-אַרבעטער, מיט די וואַגאָנעס געהאַט צו טאָן, האָבן זיך איינמאָל צוויי וואַגאָנעס אָנגעקלאַפּט, דער מאַן אירער איז צעקוועטשט געוואָרן אויף טויט און איר לעבן איז אויך צעקוועטשט געוואָרן... עס קאָן זיין, אַז איך בין געווען דער איינציקער, פאַר וועמען זי האָט אַזוי אָפנהאַרציק אויסגערעדט איר האַרץ און מאָדנע האָט עס אויסגעזען פאַר מיר. איך בין געפאָרן לייענען אַ רעפעראַט וועגן דער יידישער ליטעראַטור, קיין שצרפּץ געפאָרן און קיין טשעכאַנאָוו געפאָרן און דאָ בין איך גאָר אַריינגעפאַלן קיין נאַשעלסק אין אַ כאַטע פון עפּעס אַן אַלמנה, וועלכע לייענט פאַר מיר א י ר רעפעראַט, וועגן איר קלאָגעדיק לעבן.

צען אינדערפרי בין איך שוין געזעסן אין צוג, וואָס גייט אָפּ קיין טשעכאַנאָוו. איך האָב באַמערקט, אַז אַלע פּאַסאַזשירן פון וואַגאָן קוקן עפּעס מאָדנע אויף מיר און שמייכלען... איך בין געווען אינגאַנצן אויס־געשמירט פון בלוט און יאַד, דאָס גאַנצע פּנים, ווייזט אויס, אַז איך האָב דאַמאָלט פיין אויסגעזען — מענטשן שמייכלען נישט אומזיסט. נו...

און אין צוויי שעה שפּעטער בין איך שוין אויפן וואָקזאַל פון טשעבאָקסאַרי.
אַ גאַנצע מחנה בחורים און מיידלעך זענען מיך געקומען באַגעגענען:
— גוט מאָרגן, גוט יאָר...
— ווי איז דער דיכטער געפאָרן?
איך באַווייז זיי מיינע פאַרוואונדעטע הענט, איך דערצייל זיי, וואָס פאַר אַ נאַכט איך האָב געהאַט און קוים, וואָס איך האָלט זיך אויף די פיס. און דאָ ווייזט זיך אַרויס, אַז פון וואָקזאַל ביזן שטעטעל טשעבאָקסאַרי איז אַ פינף קילאָמעטער, מען באַדאַרף גיין צו-פוס. עס איז דאָך שבת און יידישע בעלי-עגלות פאָרן נישט, קיין גויאישע זענען נישטאָ.
— וואָס? גיין צו-פוס? איך האָב נישט קיין כח און וואָס ווילט איר פון מיינע יאָרן מיט אייערע שטעטלעך? צו וואָס באַדאַרפט איר ליטע-ראַטור מיט רעפעראַטן? וואָס קרענקט אייך, אַז אַ יידישער שרייבער שלאָפט אויף זיין געלעגער?
איך בין אַרויס מיט פּרעטענזיעס און זיי זענען שטיל געוואָרן, ווי די טויבן. מען האָט געגומען גיין, איך האָב געברומט און געוואָרפן בייזע ווערטער און זיי, מיינע טייערע לייענער, האָבן געשוויגן, ווי פאַרשעמטע. איך בין נישט שולדיק געווען, דאָס האָט אין מיר געברומט מיין שלאָפלאָזע נאַכט, מיינע פאַרוואונדעטע הענט, מיינע נערוון...
מיר האָבן געשפּרייזט אויף דעם שאָסיי. אַלץ איז געווען מיט שניי פאַרדעקט, איבער נאַכט האָט זיך דער שניי איינגעלייגט און זיך איינגע-פּרעסטלט, פּונקט ווי עס וואָלט זיך אַ נייער ווינטער אָנגעהויבן. איך האָב עס ליב אַזאַ ווייסקייט. ווי דאָס לעבן האָב איך דאָס ליב, נאָר דאַמאָלט, נאָך אַזאַ נאַכט, מיין גוף האָט ווי געטאָן, איך האָב געוואָלט שרייען און פּראָטעסטירן, געוואָלט שרייען און אַנטשוויגן געוואָרן. געשפּרייזט דער ערשטער און נאָך מיר חברה יונגוואַרג מיט לאַנגע קאַפּאָטקעס און אָן לאַנגע קאַפּאָטקעס, מיידלעך מיט היט, אָדער טיכלעך אויף די קעפּ, זיי האָבן אויך געשוויגן, אַ מאָדנע פּראָצעסיע איז דאָס געווען.
מען האָט מיך אַריינגעפירט אין טשעבאָקסאַרי אין אַ קאַלטער אכסניה. אַ צימער מיט אַ בעט און אַ גרויסן שפּיגל, ווי ביי אַ פריזירער. איך בין אַ פאַל געטאָן אויפן בעט אין פאַלטאָ מיט דער טעקע, מיר געווען ביז חלשות.

— קאַלט . . .

איז מען געלאָפן זוכן דעם שבת-גוי, ער זאָל איינהייצן אין אויוון. האָט מען דעם אויוון אָנגעהייצט נישט מיט קוילן, נאָר מיט אזא קאַשע פון די שטיין-קוילן, האָט זיך די קוילן-קאַשע צו שטאַרק צעפלאַקערט און פון פלאַקער האָט אַ שטיק אויוון אויפגעריסן און די גאַנצע אַש האָט, ווי אַ שוואַרצע כמארע, זיך אַ שאָט געטאָן אויף מיר, אויף מיין פנים. איך בין אָראָפּגעשפּרונגען פון בעט כמעט אַ בלינדער. איך האָב שוין געהאַט אַ קללה אויף די ליפּן, נאָר מיט אַ פּיצעלע אויג האָב איך זיך דערזען אין שפּיגל, ווי איך האָב דאַמאָלט אויסגעזען. איך האָב אַזוי אויסגעזען, אַז איך האָב אַליין אָנגעהויבן צו לאַכן און די שטעטלשע בחורים האָבן אויך געלאַכט.

דערנאָך, ווען מען האָט זיך שוין אויסגעלאַכט, האָב איך געזאָגט צו זיי:

— הערט זיך איין, טייערע! איצט איז איינס אַזייגער, דער רעפּעראַט וועט זיך אָנהויבן פיר אָדער האַלב פינף, בעט איך אייך, איר זאָלט מיך לאָזן שלאָפן ביז פיר אַזייגער, איך מוז שלאָפן, איך וועל שטאַרבן, אויב איך וועל נישט שלאָפן נאָך אזא נאַכט. אויב איך וועל נישט שלאָפן, וועט קיין רעפּעראַט נישט זיין, איך וועל נישט קאָנען ריידן.

— גוט . . .

זיי זענען איינשטימיק. אין דעם עפנט זיך די טיר און עס קומט אריין אַ יונגערמאַן און רעדט צו מיר:

— מיטאָג וועט איר עסן ביי מיר.

— מיטאָג? איך וויל נישט עסן, איך וויל שלאָפן . . . איך מוז שלאָפן.

— אָבער . . .

— איך וויל שלאָפן, איר פאַרשטייט? די וועלט מעג אונטערגיין.

רוקט זיך דער יונגערמאַן נענטער צו מיר צו און שושקעט מיר אריין:

— מיין ווייב וועט זיך פאַר חרפּה באַגראָבן, זי איז נעכטן אויפגעשטאַנען באַגינען, געלאָפן אויפן מאַרק, אַלץ צוגעגרייט, דאָס שטעטל וועט דאָך לאַכן פון איר, צוגעגרייט אַ מיטאָג פאַר אזא ליבן גאַסט און דער גאַסט איז נישט געקומען.

דער ארגומענט איז געווען א צו שטארקער. איך וויל נישט, אז צוליב מיינס אביסל שלאָפן זאָל א שטעטל לאכן פון אן אומשולדיקער פרוי.

איך בין געזעסן, ווי א טויטער, כאָטש איך ווייס נישט, צי טויטע זיצן. איך האָב געשטאָפּט אין האלדז, וואָס מען האָט מיר דערלאַנגט און אין קאָפּ איז, ווי אין א קאשמאר, געשפּרונגען שטעכעדיקע דראָט און יי־דישע ליטעראטור, יאָד און זאוויערוכע, שווארצע סאזשע און ציכטיקע ווייסקייט פון שניי.

באלד נאָכן עסן האָט מען מיך אוועקגעפירט צום טעמפּל, ווו איך האָב באדארפט האלטן מיין רעפעראט, צוליב וועלכן איך בין שוין אויס־געשטאַנען אזוי פיל צרות. אָבער דער טעמפּל האָט זיך ארויסגעוויזן פאר א שפּייכלער פון די פייערלעשער. אין פיל פּוילישע שטעטלעך איז אונז אויסגעקומען צו האלטן אונזערע רעפעראטן אין א סך אזעלכע שפּייכלערס. דאָ האָבן אויך געשפּילט טעאטער די יידישע און די פּוילישע אמאטאָרן־טרופּעס. אין דעם שפּייכלער, ווו איך האָב אין טשעכאנאוו געלייענט, איז צו יענער צייט פּאָרגעקומען א רעמאָנט. אויף דעם אָרט פון דער עסטראדע איז געווען אויסגעגראָבן א גרוב, דאָרט האָט עס געזאָלט זיין די בודקע פאר דעם סופליאָר. דאָך, ווי לייענט מען אין א גרוב, איז באשלאָסן גע־וואָרן אראָפּצונעמען א פאס פון די פייערלעשערס א וואָגן. אויף דעם פאס וועל איך שטיין און ריידן פאר א פינף הונדערט מענטשן, די זאַך איז מיר געפעלן געוואָרן. א מענטש וויל זיין אָריגינעל, קאָן איך זיך באַרימען, אז שעקספּיר האָט צום עולם נישט גערעדט אויף אזא אופן, און בייראָן אויך נישט, פּושקין אויך נישט... קיינער נישט. בין איך ארויפגעקראָכן אויף דעם פאס, וואָס האָט זיך אביסל געשאָקלט, האָט מען אוועקגעשטעלט צוויי געזונטע יונגען פון דער רעכטער זייט און פון דער לינקער זייט. זיי האָבן שוין דאָס פאס איינגעהאלטן און אלץ איז דורכגעגאַנגען נישקשה. נאָך דער פּאָרלעזונג האָט מען מיר געמאָלדן, אז טשעכאנאָוו אָרדנט איין פאר מיר א באנקעט, עס וועלן זיין פארטרעטער פון אלע אָרגאניזאציעס, עס וועלן זיין די שענסטע און די בעסטע פון די פּני העיר...

איך האָב עס אויסגעהערט און געענטפערט איין וואָרט:

— שלאָפן...

— גוט, וועט איר גיין און איר וועט שלאָפן דריי שעה, ביז צען אזייגער, צען וועלן מיר אייך אויפוועקן.

בין איך אוועק אין האָטעל און זיך צוגעכאַפּט צום שלאָף, אז די חברה האָט מיך צען דעם זייגער נישט געקאָנט אויפוועקן, און נאָך צען בין איך געווען אין דער וווינונג פון א דאָקטאָר. סערווירטע טישן, ליכט, קרישטאָל, פיינע מעבל און דעם דאָקטאָרס ווייב אויך א פיינע. עס איז אויף די טישן געווען א סך בלומען, גאָר א סך בלומען, די פרויען און די מענער האָבן געהאט אויף זיך צוגעשפּילעוועט בלומען...

— די בלומען טראָגן מיר היינט צוליב אייך, מיר ווייסן דאָך, ווי איר האָט ליב בלומען.

אזוי האָט צו מיר געזאָגט איינע א באחנטע.

—א דאנק, אָבער איך וויל, איר זאָלט טראָגן בלומען צוליב די בלומען גופא.

שעהן זענען דאָרט אוועק. הארציקע, אינטימע, יידישע סביבה... ווו ביסטו ? אין די קליינע עלנטע שטעטלעך האָבן מיר, יידישע שרייבער, „געלעבט" כמעט אין יעדן הויז, מיר זענען געווען שכנים, פריינט, לערער און אָנווייזער. אין די עלנטע פּוילישע שטעטלעך זענען מיר געווען טרייסט און האָפענונג. אפשר זענען זיי געווען אין דער באַציאונג צו אונז אביסל נאַאיוו. איז עס הייליק די נאַאיוויטעט. מיר ווייסן שוין, אז די נישט-נאַ-איווע בויען מאַידאַנעקס און פארברענען מיליאָנען.

אין יענעם אָוונט האָט גערעדט א בחור צו מיר.

— איך האָב היינט געזען, ווי איר זענט געשטאַנען אויף דעם פּאַס און גערעדט צו אונז וועגן דער יידישער ליטעראַטור, איר האָט אויסגעזען זייער אינטערעסאַנט.

— איר ווילט זאָגן: זייער קאָמיש; — האָב איך איבערגעריסן.

— אפשר א ביסעלע קאָמיש די סיטואַציע: דאָס פּאַס, די צוויי שומ-רים, וואָס האָבן צוגעהאַלטן דאָס פּאַס. אָבער דער עולם האָט פארגעסן דאָס פּאַס, דער עולם האָט אויסגעהערט יעדעס וואָרט מיט נייגעריקייט, מיר האָבן א טייערן עולם, ער ווייסט נישט אַלץ, אָבער ער וויל וויסן.

איך, דער גרויסשטעטישער, האָב אינגאַנצן פארגעסן, אז איך בין אין א קליין שטעטל. „בראָווינץ" פלעגט מען דאָך אויסריידן מיט שמייכל.

מען האָט נעגעסן, געטרונקען, געזונגען און גערעדט. אַלע זייערע ענינים זענען מיינע, גלייכע מיט גלייכע, נאָענטע פון איין גורל. עס האָט זיך נישט געוואָלט אוועקגיין פון יענער שטוב, עס האָבן זיך פארגעסן די וועג-יסורים, וואָס איך בין אויסגעשטאַנען אין די צוויי מעת-לעת.

דערנאָך איז מען מיך געגאַנגען באַגלייטן. כמעט דער גאַנצער עולם פון באַנקעט איז מיטגעגאַנגען מיך אַוועקצופירן ביז מיין אכסניה. כאָטש שניי איז געלעגן רואיק, כמעט ווי זיכער, איינגעפּרעסט, דאָך האָט שוין אין דער לופט געשמעקט מיט פרילינג. אַ שטיק לבנה האָט באַלויכטן טשעכאַנאָוו מיט די ווייסע גאַסן, מיט די ווייסע דעכער. אין בית-המדרש האָט זיך געזען פייער, עמעץ האָט אוודאי געלערנט ביינאַכט. געזען דעם מאַרק, די שילדן פון יידישע קרעמלעך. אויף אַלע מערק פון אַלע פּוילישע שטעטלעך האָט זיך געפילט און געזען דער געקנייטשטער יידישער זיגל. פון אונזער היימישקייט.

די טשעכאַנאָוו-יונגעלייט האָבן אין יענער נאַכט מיט מיר נאָך לאַנג געשמועסט, וועגן אַ סך ליטעראַרישע ענינים האָב איך זיי געענטפערט. גע-שטאַנען מיט זיי לעם דער טיר פון מיין האָטעל, גערעדט מיט זיי, געענט-פערט און מיט די אויגן געבלאָנדזשעט אין דער נאַכט, וואָס איז געלעגן אויף אַלץ, עפּעס אַן אומפאַרשטענדלעכער צער האָט געדריקט די נשמה, געדריקט און אָפּגעלאָזט, עס איז דאָך געווען ערב פרילינג און ערב פרי-לינג בין איך אומרואיק. היינט, ווען איך פאַרבינד דעם צער פון דאַמאָלט מיט דעם תהום פון צער פון איצט, פיל איך אַ שייכות...

ביים אַריינגיין אין האָטעל, שוין אין דער לעצטער רגע, האָט זיך ווידער איינער פון די בחורים אָנגערופן צו מיר:

— ווען איר האָט היינט אין שפּייכלער פון די פייערלעשער גערעדט, ווען איר זענט געשטאַנען אויף דעם פאַס, האָב איך מורא געהאַט פאַר איין זאַך...

— פאַרוואָס האָט איר מורא געהאַט?

—עס זאָל אין שטעטל נישט אויסברעכן אַ שרפה, דאַמאָלט וואָלט מען דאָך געדאַרפט וואַסער און איר וואָלט געמוזט אַראָפּגיין פון דעם פאַס...

די שרפה איז אויסגעבראָכן אין עטלעכע יאָר שפּעטער, אַזאַ שרפה

האָט נאָך די וועלט נישט געזען, נאָך אזא שרפה מעג שוין די גאַנצע וועלט פארברענט ווערן. אָבער וואָס טוט מען, ווען זי ווערט נישט פארברענט און וואָס טוט מען, ווען פאר די אויגן ציט זיך עס, ווי א לענטע, שטענדיק און שטענדיק, בייטאָג און ביינאכט... עס גייען די שטעטלעך פאר די אויגן, מיינע שטעטלעך, אונזערע יידישע מענטשלעכע ישובים. מיט זיי האָבן מיר געלעבט און פאר זיי האָבן מיר געאַרבעט. א וועלט, א לעבן פאר־בראַכט מיט דער וועלט און די דאָזיקע וועלט איז שוין נישטאָ. א שרעקלעכע איבערטייוולשע וועלט אונזערע, ווען גאַנצע וועלטן פארשווינדן.
שטעטלעך.

דאָ פארבראַכט א טאָג, דאָרט צוויי טעג, געגאַנגען צום טייך מיט א גרופע, געשפּילט זיך, געגאַנגען אין איין שטעטל מיט א חברה יונגוואַרג, אין א סאָד אריין און געגעסן עפּל גלייך פון דיביימער, גרויסע, אנטאָ־נאָווער, זאפטיקע עפּל, א צווייטן מאָל זיך געלאָזן גיין צו א נאָענטן וואַלד און אונטער די גאָלדענע סאָסנעס פארבראַכט מיט די לייענער אונזערע. איי־נער פון זיי איז צוריקגעלאָפן אין שטעטל אריין נאָך א פאָטאָגראַפישן אפּאַראַט. מען זאָל זיך פאָטאָגראַפירן „מיטן דיכטער". דערביי האָט א צווייטער פון דער גרופע געזאָגט, אז אזא פאָטאָגראַפיע וועט ער האַלטן א גאַנץ לעבן...

וועמענס לעבן? ווו איז זיין לעבן? ווו זענען די לעבנס פון אזעלכע טויזנטער און טויזנטער טייערע בחורים און מיידלעך? ווו זענען די ביבליאָטעקן, די ביכער, די פאָטאָגראַפיעס, די בריוו פון זייערע פארלי־בענישן... ווו?

4

## זיבן פענסטער...

אונזער גאס זעען מיר דורך אונזער פענסטער. „טלאמאצקע דרייצן", אונזער ליטערארישער לאָקאַל, האָט געהאַט זיבן פענסטער מיט אַ באַלקאָן צו דער גאס. פון אונזערע פענסטער האָבן מיר געזען די טלאמאצקע, אַ שטיק פון דער לעשנאָ - גאס און די גאַנצע לענג פון אַ גאס, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „פּזשעיאַזד". אָט די גאס איז שטענדיק געווען אין גרויס באַוועגונג. פון דאַנעט דער וועג, צי צו נאַוואַליפּיע, צי צו נאַ־לעווקעס און צו דעם גאַנצן יידישן קוואַרטאַל אין זיין געדיכטקייט. דאָ האָט שטענדיק געשוואומען אַ שטראָם פון יענע יידן, וועלכע זענען שוין איצט נישטאָ...

מיר האָבן אויך געהאַט אַ סך פענסטער אין הויף אַריין און ווען איך דערמאָן זיך אונזער לאָקאַל, ווען איך טראַכט זיך אַריין אין די יאָרן, וואָס מיר האָבן דאָרטן פאַרבראַכט, קאָן איך זיך נישט באַפרייען פון איין שטאַר־קע דעראינערונג: אויף דעם זעלבן הויף, וו דער ליטעראַטן־פאַראיין האָט זיך באַזעצט, איז אויך געווען אַ שולע, די אין וואַרשע באַוווּסטע שולע „השכלה". דאָרטן, דאָרטן אויפן הויף האָבן שטענדיק געשטיפּט און גע־שריען די שילערס. מזיקים און שרייערס, זיי האָבן נישט איינמאָל פאַר־טויבט אונזערע שמועסן, די ווענט האָבן זיך געטרייסלט פון זייערע יונגע און שטאַרקע געשרייען. נישט איינמאָל איז זייערע אַ פּילקע פאַרפלויגן דורך דעם פענסטער צו אונז אַריין, נישט איינמאָל איז אַ ייִנגל אַ שטיפער



טלאמאצקע גאס. רעכטס די מויער פון טלאמאצקע 13.
לינקס רונדשטיינס הויז (טלאמאצקע 6).
אין הינטערגרונד ד״ר הורוויטשעס סאנאטאָריום. מען זעט
אויך דעם היסטאָרישן ברונעם, וואָס האָט זיך געפונען
געגנאיבער דער טלאמאצקער שול.



פּזשעיאזד גאס. לינקס לעשנא נומער 2 מיט עפּשטיינס
היסטארישן זייגער.

(ביידע בילדער זענען געמאכט געוואָרן דורך מ. קיפּניסן
פונעם באלקאן פון יידישן ליטעראטן־פאראיין בעת די
קהלה-וואלן אין יוני 1930).

אריינגעלאָפן צו אונז זיך באַהאַלטן, קינדער זענען אַנזאָג און צוזאָג... זיי זענען שוין נישטאָ. אָבער די געשרייען ווידערהאַלן זיך אין מח. וואָס פאַר אַ מאָמענט איך זאָל נישט דערמאָנען פון יענע טעג, די קינדער שפּרינגען ארויס, איין דעראינערונג רופט ארויס די צווייטע און אלע צוזאמען זענען זיי פארבלוטיקט...

אונזער גאַנצער דאָ-זיין, דער קאַלעידאָסקאָפּ, וואָס האָט אַ לעבן געשוועבט פאַר די אויגן. מחנות יידן, זייערע פרויען און קינדער, ווערקשטאַטן, געוועלבער, שילדן, באַלעגאַלעס, סוחרים, מעקלערס, בעלי-מלאכות, פרומע און פרומאקעס, נאציאָנאַלע און אַסימילירטע, פון ווארשע גופא און פון דער פּראָווינץ. מען פלעגט קומען קיין ווארשע צו קרובים, מען פלעגט פאָרן פון ווארשע צו קרובים. שארע, פשוטע און יחסנים, רייכע און אָרעמע, שלעכטע און גוטע. מיר האָבען זיי געזעען די לעבנס דורך אונזערע זיבן פענסטער און דורך אַנדערע פענסטער, מיר זענען געגאַנגען מיט זיי אויף די זעלבע גאַסן, געאָטעמט מיט זיי, פאַרפאָלגט געוואָרן און געגלויבט מיט זיי. מיליאָנען! און איצט האָבן מיר פאַר זיי און פון זיי איין וואָרט: „נישטאָ”... אויף דעם די גאַנצע חכמה און דערפינדונג פון צוויי-פיסיקן, צו שלעפּן מיליאָנען אומשולדיקע מענטשן קיין טרעבלינקע און מאַידאַנעק! זאָלן די קללות אַליין פון זיך נעמען שילטן.

אַנטקעגן אונזער פאַראיין איז געווען אַ זייגער-מאַכער, אַן עלטערער שטילער איד, עפּשטיין האָט ער געהייסן, האָט ער געוואָלט מיט עפּעס דינען דעם כלל, האָט ער איינגעמויערט אין וואַנט אַ גרויסן, גאָר אַ גרויסן ציפער-בלאַט, אַ זייגער פאַר אַלעמען, פאַר דעם גאַנצן קוואַרטאַל, פאַר אַלע פאַרבייגייער. ער האָט געזאָרגט, אַז דער זייגער זאָל גיין פּינקטלעך און מענטשן זאָלן קיין טעות נישט האָבן אין דער צייט. דער זייגער איז געגאַנגען ביז מען האָט גענומען וואַרפן באָמבעס אויף די הייזער, ביז די מערדערייען האָבן זיך אָנגעהויבן און די לעצטע, וואָס האָבן נאָך געלעבט, האָבן זיך איבערצייגט, אַז עפּשטיינס זייגער איז נישט ריכטיק געגאַנגען. די צייט איז נישט געווען קיין ריכטיקע, די צייט פון היטלערן איז אַ פאַרבלאָנדזשעטע פון אוראַלט, אַ צייט פון חיות, איידער מענטש איז נאָך געבוירן געוואָרן.

איך אַליין לויף אַרום פון איין פאַרברענטן פּונקט צום צווייטן. איך

גריבל זיך אין דעם אַש. דאָס מאָל אין דעם אַש פון טלאמאצקע דרייצן. פון גאנצן פּויליש - יידישן לעבן איין בית - עולם, מער איז גאָרנישט פאַר-בליבן. אין אונזער צער אָבער צעטיילן מיר אָפּטמאָל דעם בית - עולם אויף קלענערע, באַזונדערע, אַ בית - עולם פון דער חסידישער וועלט, אַ בית-עולם פון יידישן ארבעטער, פון יידישע סוחרים, פון יידישע אונטערנעמער און פאבריקאנטן, אַ בית - עולם פון אַ מיליאָן קינדער, אונזער צוקונפט זענען זיי געווען. מיר גייען אויך נענטער צו צום בית-עולם פון יידישן גייסט, פון יידישע שולן און ביבליאָטעקן. יידיש טעאטער, מוזיק און מאלעריי, יידישע פּרעסע און ליטעראטור. פון קיין איינעם פון די בית-עולמס קאָן מען נישט אוועקגיין און מען קאָן אויך גאָר נאָענט נישט צוגיין. עס ציט אראָפּ אין לעצטן אָפּגרונט. שרייען?... די טויטע וועלן נישט הערן און די לעבעדיקע וועלט איז נאָך טויטער פאר דער טויטער וועלט. איך וואָלט וועלן ארומקריכן אין דעם כאָאָס פון די פארבליבענע שטיינער און אויסקריצן אויף די שטיינער די טייערע נעמען פון די קרובים און פריינט...

זאָל כאָטש דער ווינט זיי לייענען.

דער ווינט...

איך האָב שטענדיק ליב געהאַט דעם ווינט, נאָר איצט איז ער מיר הייליק געוואָרן. מיינע קרובים און מיינע פריינט זענען מיט געוואלט גע-שלעפּט געוואָרן צום פייער, פון זיי איז אַש פארבליבן און דער ווינט טראָגט דעם אַש, ער טראָגט אים איבער בערג און ימען. שטויבלעך שוועבן אין דער לופט. קוקט זיך צו צו די שטויבלעך, הערט זיך צו, אפשר וועט זיך לאָזן כאַפּן אַ צענטל פון אַ ליד - קלאַנג, אַ זיפץ פון אַ תפלה, פון דער לעצטער תפלה, אויב אזא שטויבעלע פאלט אראָפּ אויף אַ שטיין, ווערט הייליק דער שטיין. אויב עס פאלט אראָפּ אויף אַ מענטשנס נשמה, זאָל דער מענטש וויינען אַ גאנץ לעבן און זאָל דער דאָזיקער זיך נישט פאַר-ענטפערן, אז לעבן איז שטארקער פאר אלע אומגליקן. יסורים זענען שטאַר-קער פאַר אַלע אומגליקן. יסורים זענען שטאַרקער פאַר אַלע לעבנס.

* * *

צוואַנציק יאָר פון מיין לעבן זענען דורך און דורך פארבונדן מיט טלאמאצקע דרייצן, דעריבער דערלויב איך זיך צו שרייבן וועגן דעם דאָזיקן

בנין. איך האָב דאָרטן געהאט פרייד און פאַרביטערניש, איך האָב זיך אַפּילו אַמאָל שטאַרק געבייזערט אויף דער „בודע”. איך וואַרף אָבער איצט קאַטעגאָריש אָפּ דאָס פּערזענלעכע. איך וויל בלויז אַרויסרופן די געשטאַלטן, יעדערן מיט עפּעס דערמאָנען. יעדערער פון זיי האָט עפּעס געוואָלט דער-גרייכן אין דער יידישער קולטור און זיין דערגרייכונג איז דאָך געווען אין דער זעלבער צייט אַ דערגרייכונג פאַרן גאַנצן פאָלק...

פריילעכע און אומעטיקע געשטאַלטן. יעדער איינער פאַר זיך געגוג ערנסט צו פאַרשטיין און פאַרנעמען, וואָס דאָס איז לעבן, וואָס דאָס איז פאָלק. אין פאַראיין האָט מען דיספּוטירט, אין פאַראיין האָט מען זיך אויך אָפּט געוויילט, אַפּילו זיך נאַריש געמאַכט. אָבער אָט עפנט זיך די טיר און עס באַווייזט זיך די ווירדיקע געשטאַלט פון הלל צייטלין. מען ווערט רואיקער, איינגעהאַלטענער. פון גרוים דרך-ארץ צו אַ תּלמיד-חכם...

מען איז נישט געווען ביי אונז ווי די שעפּסלעך, מען איז נישט געווען הכנעהדיק. קיינער האָט עס נישט פאַרלאַנגט און קיינער האָט דערצו נישט געצוואונגען. בעסער זיך רייסן און בייסן אַביסל איידער זיין אונטערטעניק און נאָכגיביק. מען איז געווען פריי. פריי אין אָנערקענען וועמען און פריי אין מבטל מאַכן אַ צווייטן... אָבער וואָס איז דאָ די נפקא-מינה? יידישע שרייבער און זשורנאַליסטן האָבן פאַרבראַכט צוזאַמען. דער עיקר איז געווען דער „צוזאַמען”. און געווען ביי אונז אַ טיפער ווילן, אַז דער צוזאַמען זאָל אָנהאַלטן און אָנהאַלטן. מיר פון אונזער דור, יידישע שריי-בער, וועלכע וועלן קיינמאָל נישט גיין צו די פרעמדע, מוזן מיר דאָס אייגענע פעסטער מאַכן. אָט דאָס איז געווען דער ציל פון דער בודע. אַ באַוווסטזיניקער, אָדער אומבאַוווסטזיניקער ציל... אַלץ איינס.

אויף צו שרייבן זכרונות מוז מען זיך שטאַרק קאָנצענטרירן און אַרויסרופן געשטאַלטן, די סביבה פון די געשטאַלטן, די קלאַנגען פון דער סביבה... אויפגעציטערט ווער איך, ווען איך פּרוב דאָס טאָן, דער גע-דאַנקען - גאַנג רייסט זיך איבער. „זיי זענען נישטאָ”. נישט די יידן, נישט די הייזער זייערע, נישט די גאַסן. טלאָמאַצקע גאַס איז נישטאָ און די זיבן פענסטער זענען אויך נישטאָ. איך קוק אין דער פאַרגאַנגענהייט דורך די פּוסטע לעכער פון דער צעריסענער נשמה. איך מוז עפּעס אויסקוקן, איך מוז עפּעס זען, ווייל איך וויל עפּעס דערציילן. איך שרייב דאָ נישט קיין

קונסט - ווערק. נאָך טרעבלינקע און מאַידאַנעק קאָן מען דאָס וואָרט „קונסט" נישט הערן. אין דעם אַש פון מאַידאַנעק זענען אַריין אַזוי פיל געשטאַלטן, אַזוי פיל טייערע נאָענטקייט, אַזוי פיל עלטערע און יינגערע זשורנאַליסטן און שרייבער. פון גרעסערן פאַרנעם און פון קלענערן מאַס-שטאַב — איצט זענען זיי שוין אַלע גלייך. מען מוז אָבער עפּעס פאַרצייכע-נען. אין לאָקאַל פון אונזער פאַראיין האָט געהערשט אַ מענטשלעכע גלייכ-הייט. קיין יחסנים זענען דאָרט נישט געווען. מען האָט זיך פיינט געהאַט, צי מען האָט זיך ליב געהאַט. אַלץ איינס. קיין יחסן האָט מען נישט געקאָנט ווערן אויף טלאָמאַצקע דרייצן. דאָס איז געווען איינס פון דאָס שענסטע, וואָס דער פאַראיין האָט פאַרמאָגט. אַ געזעץ, אַ נישט געשריבענער איז דאָס געווען: נישט אַרויסשפּרינגען אויבן און נישט בלאָזן פון זיך. דער פאַראיין האָט געהאַט זיינע גרויסע מעלות און זיינע גרויסע חסרונות. אָן חסרונות קאָן אויך נישט זיין, אָבער איין מעלה איז אים אַמשטאַרקסטן פאַרבליבן. אָט די גלייכהייט, עפּעס אַ קלוגע יידישע גלייכהייט, אַ דזשענ-טעלמענישקייט פון בטלנים, וואָס קומען אין זייער בטלנישער בודע און פאַרברענגען האַרציק. דו ביסט אַ גוטער ברודער! און אויב דו האָסט צו דערציילן אַ גוטן וויץ, ביסטו גאָר אַ גוטער ברודער. מאַכן אַ פּאַראָדיע אויף דעם צווייטן, אויסלאַכן גוטמוטיק. דאָס יאָ. אָבער נישט ווייזן די אייגענע העכערקייט. אַ יחסן אין גאַס, אין רעדאַקציע, אַ יחסן אין ביבליאָטעק, ביי די לעזער, אָבער נישט אין שרייבער - קלוב. דאָ האָט מען זיך נישט גע-טאָרט באַרימען, ווייל מען ווערט גלייך אויסגעלאַכט. אָנפאַנגער און אַלטע פען - מענטשן — מען איז געזעסן ביים זעלבן טיש און מען האָט געהאַט די זעלבע רעכט.

אַמבעסטן האָט קוואַליפיצירט די מיטגלידער פון אונזער פאַראיין, דער באַלעבאָס פון אונזער בופעט. דאָס איז געווען אַ ייד אַ הויכער, אַ שלאַנקער, זייער ענלעך צו אַ דייטש, געהייסן האָט ער נייקראָן. ער איז נישט געווען ענלעך צו אַ פּשוטן דייטש, נאָר טאַקע צום קייזער ווילהעלם דעם צווייטן אַליין. זיינע גרויסע וואָנסן האָט ער געהאַט און זיין שנעלן בליק. ער האָט געהאַט צו טאָן מיט וויכטיקע לייט, מיט דיכטער און רעדאַק-טאָרן, אָבער גרויס בי אים איז געווען דער, וואָס האָט מער געגעסן און מער געצאָלט. קיין אַנדער מאָס האָט ער נישט געהאַט.

די קעלנערין האָט געהייסן מאַניע. אַ פרוי פון עטלעכע און דרייסיק יאָר, אַן אַלמנה מיט צוויי קליינע מיידלעך. אַן אַלמנה און זי האָט גע-וואָלט אַ צווייטן מאָל חתונה האָבן. אין פאַראיין זענען געווען עטלעכע פאַרעלטערטע בחורים און די מאַניע האָט זיי בעסער באַדינט, ווי די אַנ-דערע חברים. זי האָט אַלץ געטראַכט און געהאַט האָפענונג, אַז איינער פון זיי וועט ווערן איר מאַן. האָט זי אים דערלאַנגט מער זופּ אין טעלער און אַ בעסער שטיקל פלייש. די „בטלנים" האָבן דאָס פלייש אויפגעגעסן און זיך געמאַכט נישט וויסנדיק. האָט זי זיך געבייזערט און נישט גע-קאָנט פאַרשטיין, וואָס דער אָדער יענער בטלן וויל זיך מיט איר נישט פאַרקנסן. וועגן אַלץ האָבן זיי גערעדט, נאָר נישט וועגן אַ שידוך... מאָדנע מענטשן די שרייבער! סוף כל סוף האָט זי זיך צוגעוווינט צו דער לאַגע. זי האָט אונז אַלעמען איגנאָרירט און אַלעמען געגעבן גלייכע פּאָרציעס שפּייז, נישט געווען מער קיין יחסנים. אַפילו זאַקס, דער איינ-זאַמסטער פון אַלע איינזאַמע, ער איז אויך נישט געווען קיין בעלן צו חתונה האָבן מיט דער אַלמנה.

דער בופעט מיט דער קיך, וואָס האָט שטענדיק פונקציאָנירט, האָט צוגעגעבן זייער פיל געמיט פאַר אונזער פאַרזאַמלט וועלטל... דאָס וועלטל איז געווען גאָרנישט קליין. ביז דריי הונדערט מיטגלידער האָט פאַרמאָגט דער פאַראיין, אַ סך פון די מיטגלידער האָבן געהאַט פרויען, פלעגט מען קומען מיט די פרויען, מיט באַקאַנטע. ביי די טישלעך איז שטענדיק גע-ווען דיספּוט, שפּאַס און אַנעקדאָט... צום טישל האָט מען געמוזט מיט עפּעס קומען. מען האָט געמוזט עפּעס רעדן, דערציילן. די גרעסטע צאָל מיטגלידער פון דעם ליטעראַטן-פאַראיין האָט געשטאַמט פון די שטעטלעך און יעדעס שטעטל האָט געהאַט אירע חכמים און אירע נאַראָנים, האָט דאָך יעדער איינער געהאַט צו דערמאָנען, וואָס ביי אים אין שטעטל איז פאָרגעקומען. האָט מען געהאַט עפּעס אַ פאָלקס-ליד, אַן אומבאַקאַנט ליד, האָט מען געהאַט אַנעקדאָטן, קאָמישע פאַקטן און מעשיות פון אַ מלמד, צי פון אַ שוחט...

פיל האָבן טאַקע געקאָנט גוט דערציילן, האָט דאָס ליטעראַרישע וועלטל געשלונגען מעשיות פון דער גרויסער וועלט און פון די קליינע שטעטלעך...

נישט איינמאָל האָט זיך דאָס אויג געפרייט, ווען חברים האָבן פול גע-

מאַכט דעם לאָקאַל, אַ ליטעראַרישער יריד, אַ קיבעצאַרניע, אַ גאַרקיך פאַר די פען-מענטשן — אַלץ צוזאַמען און עס איז גוט געווען, היימלעך געווען. האָט מען טאַקע געזאָגט:

— אָן פאַראיין וואָלטן מיר נישט געקאָנט עקזיסטירן.

— אָן פאַראיין — אַ וויסטעניש...

מען זיצט מיט דר. זשיטלאָווסקין ביי אַ טיש. ער האָט געלייענט ביי אונז אַ סעריע רעפעראַטן. געלייענט האָט ער אין אַ גרויסן טעאַטער און געהאַט דערפאָלג ביי טויזנטער. אָבער נישט וועגן דעם רעדט מען מיט אים. מען פרעגט אים, ווי געפעלט אים אונזער מיטאָג? ענטפערט ער:

— דער מיטאָג איז נישט בעסער, ווי אין ניו-יאָרק, אָבער דאָ עסט זיך געשמאַקער.

מיר האָבן שטאַרק געוואָלט, אַז ביי אונז זאָל זיך עסן געשמאַקער. עסן געשמאַק, גוט זיך פילן, פריי פאַרברענגען... אָט די דריי ביי דעם ווייטערן טישל. אַזוי ווי אָפּגעזונדערטע, זיי האָבן זיך זייערע ענינים, זיי פירן לאַנגע שמועסן. איינער פון זיי מיט דעם צעקנייטשטן גמרא פּנים איז איסר איינהאָרן, אַ ברודער פון „היינט"-דירעקטאָר אהרן איינהאָרן. אויסער גמרא האָט ער געלערנט אין „סאָרבאָן", אַ צייט געווען אין ארץ-ישראל, אין מקוה-ישראל אַלס שילער פון באַראָן ראָטשילד. אַ טיפער געלערנטער. קונסט און תלמוד, נאַטור - וויסנשאַפט און פראַנצויזישע ליטעראַטור. אַ בקי, אַ גאון. דער פאַראיין ווייס וועגן דעם. דער צווייטער איז דאָקטאָר קאַמעניעצקי, באַריכט געווען אַלס למדן און פאָרשער פון די אַראַמעאישע ווערטער אין דער העברעאישער שפּראַך. דער דריטער מיט זיי איז שאַפּירא. שאַפּירא — אָדער דער עילוי פון דער זיבעטער מלוכה. אַ לעבעדיקע ענציקלאָפּעדיע אין פּוילן זין פון וואָרט. ער האָט אַמאָל געענדיקט די מירער ישיבה, ער האָט געלייענט און געלערנט פאַר צען לעבנס. בעלעטריסטן און פאָרשער האָבן ביי אים באַשטעלט ידיעות היסטאָרישע און וויסנשאַפטלעכע, ווייל ער האָט געוווסט, וווּ אַלץ אויסצוזוכן און געפינען. ער איז געווען אַ באַראַטער אין די גרויסע מלוכה-ביבליאָטעקן און ער האָט אויך געאָרדנט פּריוואַטע ביבליאָטעקן ביי די פּוילישע פירסטן און אַריסטאָקראַטן. ער האָט דער ערשטער „אונטערגערוקט" פּרצן די ביכער פון אַנרי בערגסאָן און נאָמבערגן האָט ער רעקאָמענדירט — טשעס-



די ערשטע פארוואלטונג פון ווארשעווער יידישן ליטעראטן און זשורנאליסטן־פאראיין
(יאָר 1917) פון רעכטס צו לינקס: ב. קארלינסקי, דוד דרוק, י. ח. זאגאראדסקי, יוסף
העפטמאן, נ. פרילוצקי, מ. קיפּנים, יעקב דינעזאָן, א. ל. שאלקאוויטש (בן אביגדור), פּ.
לאכאָווער, גאוזע און הענעך איש.

טערטאַנען. אַליין אַ שטילער, זיינע טריט האָט מען נישט געהערט, זיין וואָרט איז געווען רואיק, געלאַסן. אַ בלאַסער פּנים מיט אַ שוואַרץ-גרויע באָרד. מער שוואַרץ, ווי גרוי. אַ געהייליקטער פּנים פון אַ מענטש, וואָס ווייסט אַ סך. פון אַזעלכע געשטאַלטן האָט דער פאַראיין אויסגעזען חשובער. אָבער קיינער האָט נישט אונטערגעשטראָכן די חשיבות און קיינער האָט זיך נישט געוואָרפן מיט פּראַזן. יעדער איינער האָט געהאַט זיין פּלאַץ, נאָר קיינער האָט אים אויף דעם פּלאַץ זיינעם נישט אוועקגעזעצט, אַלץ איז אָנגעגאַנגען לייכט ביז פריייקייט.

די טיר אונזערע האָט זיך זייער לייכט געעפנט. פּראָפעסאָר באַלאַבאַן האָט זיך אָפּגערעדט צו באַגעגענען מיט דעם פּאָרשער מתיתיהו מיזעס. זלמן רייזין פון ווילנע באַגעגנט זיך מיט דעם יונגן היסטאָריקער עמנואל רינגעלבלום. יעדן טאָג, יעדע שעה — נייע פּנימער. דאָס האָט אונז שוין נישט געוווּנדערט. אומעטיק וואָלט אונז געוואָרן, ווען דאָס וואָלט אַנדערש געווען.

געווען זענען נישט איינמאָל פאַלן, ווען געסט פון אַנדערע שטעט און אַפילו אַנדערע לענדער זענען גלייך פון וואָקזאַל צו אונז אַראָפּגעפאָרן מיט זייערע וואַליזעס און דערנאָך זענען זיי געגאַנגען אין האָטעל אַריין. אונזער אַדרעס האָט מען שוין נישט באַדאַרפט פאַרשרייבן, מען האָט אים געהאַלטן אין זכרון: „טלאָמאַצקע דרייצן", אַן אָפענע טיר, אַ סך טישלעך מיט גאָר אַ סך שטולן. אַ וועלטל אַזאַ און זאָלן קומען געסט, וועלכע האָבן אַ שייכות צו דער דאָזיקער וועלטל, און זאָלן זיי זיין, ווי אייגענע...

אונזער וועלטל האָט געשאַפן די יידישע פּרעסע און געשאַפן ביכער. וואַרשע און די פּראָווינץ פלעגן צוזאַמען אַרויסוואַרפן אין פאַרלויף פון דער וואָך אַנדערטהאַלבן מיליאָן עקזעמפּליאַרן יידישע צייטונגען, דערצו נאָך זשורנאַלן, ביכער בראָשורן. דער הויפּט-שטאַב פון דער דאָזיקער צייטונגס-אָפּענסיווע איז געווען טלאָמאַצקע דרייצן.

אין דעם דאָזיקן לאָקאַל זענען געווען כמעט אַלע שרייבער פון אונזער דור. אין 1919, ווען איך בין צוריקגעקומען פון רוסלאַנד, האָב איך ביי אַ טישל געטראָפן יעקב דינעזאָן, שוין אַ גאָר אַלטיטשקער געווען, מיט לאַנגזאַמען שפּרייזן פלעגט ער אוועקגיין פון לאָקאַל און אַזוי האַרציק מיט יעדן איינעם זיך געזעגנט, ביז ער איז מער שוין נישט געקומען. ש. אַנ-

סקי האָט די לעצטע וואָכן פון זיין לעבן ביי אונז פארבראכט. ער האָט זיך
נישט דערוואַרט צו דער פּרעמיערע פון זיין באַרימטן „דיבוק", וועלכער איז
דאַמאָלט שוין באַלד פאַרטיק געווען ביי די „ווילנער". מען האָט אים בא-
גראָבן לעם פּרצן און דינעזאָן, ווייל דער פאַראיין האָט אַזוי געוואָלט,
ווייל אַנ-סקי איז געווען ערלעך און געטריי די יידישע מאַסן...
איך געדענק זיין לויה. צענדליקער טויזנטער יידן האָבן אוועקגע-



ש. אַנסקי ביי י. דינעזאָנס קראַנקן - בעט

(געצייכנט דורך העריק בערלעווי צוויי טעג פאַר דינעזאָנס טויט)

וואָרפן זייער אַרבעט און באַשעפטיקונג, די נאַלעוווקעס האָבן צוגעמאַכט
די געשעפטן... אַנדערע האָבן נישט געוווּסט, ווער עס איז אַנ-סקי, האָבן
זיי געפרעגט, האָט מען זיי געענטפערט:
— אַ יידישער שרייבער איז געשטאָרבן.
און דאָס איז גענוג, אַז דער פרעגער זאָל שוין נאָכגיין ביזן בית-עולם.
אין דעם טאָג פון אַנ-סקיס לויה איז צו מיר אין פאַראיין אַריינ-
געקומען אַלטער קאַציזנע, וועלכער איז געווען אַנסקים בעסטער פריינט אין



ש. אנסקי האלט א הספד ביים אָפענעם
קבר פון יעקב דינעזאָן.

(צייכנונג פון יעקב אדלער)



ש. אנסקי אויפן טויטן-בעט

(צייכענונג פון
יוסף זיידענבייטעל)

וואַרשע. ער האָט געהאַלטן אַ שטעקן און צו מיר האָט ער זיך אָנגערופן מיט אַ געבראָכענער שטימע.

— טייערער! דעם דאָזיקן שטעקן האָט פּרץ געטראָגן. פּרץ איז געשטאָרבן, האָט אים אַנסקי גענומען, איצט האָב איך דיר גע-בראַכט דעם שטעקן, נעם עם!

— אָבער, קאַציזנע! א י ך וויל נישט שטאַרבן.

מען האָט דאַמאָלט אַ שפּאַר ביסל געלאַכט.

דעם שטעקן האָט מען אַריינ-געשטעלט אין אַ שראַנק פון קאַנ-צעלאַריע. ער איז דאָרט לאַנג געשטאַנען. יאָרן לאַנג. מלך ראַוויטש האָט אים נאָך געפונען, ווען ער איז געוואָרן סעקרעטאַר ביי אונז. מען האָט דעם שטעקן געוואָלט אָוועקשענקען וועמען פון אונזערע חברים, נאָר קיין בעלנים אויף אים האָבן זיך נישט געפונען.

* * *

דער פאַראיין האָט זיי געזעען, די יידישע מאַסן, דורך זיינע זיבן פענסטער, וועלכע זענען אַרויסגעגאַנגען אויף דריי גאַסן. אין אונזערע לאַנגווייליקע און אונזערע אומעטיקע שעהן זענען מיר זייער אָפט צוגעגאַנ-גען צו די פענסטער און געקוקט. צי מען האָט געוואָלט, צי מען האָט נישט געוואָלט, די שאָטנס זענען געקראָכן אין די נשמות אונזערע. אָט די יידן, וואָס לויפן דאָ פאַרביי מיט די האַנט-וועגעלעך, די יידן מיט פּעק און פּעקלעך, מיט פאַרזאָרגטע פּנימער — זיי זענען אונזערע און מיר זענען זייערע, זיי זענען אונזער לאַסט און אונזער האָפענונג, אונזערע לייענער. און ווי דאָס לעבט און שוועבט און ווי דאָס וויל נישט אונטערגיין. פיל

מאָל פּלעגט מען זיך פאַרטראַכטן, פיל מאָל געשלונגען צער פון דער גאַנצער סביבה. קאָן דאָס זיין אַן צער ביי אונז?

אז מען ווערט געבוירן און מען לעבט, מוז מען האָבן פון וואָס צו לעבן, האָט זיך אַ גרויסער טייל פון די פּוילישע יידן געראַנגלט ביטער מיט פּרנסה, מען האָט געמעקלערט, מען איז געקראָכן אויף די ווענט און געלעבט פון לופט און פון זייפן-בלאָז, מען האָט זיך איינער דעם צווייטן גענאַרט און קוים געבראַכט אויף אַ שטיקל ברויט פאַר דער משפּחה. איך וואָלט וועלן זען, ווי אַן אַנדער פאָלק וואָלט עס געמאַכט אַ „לעבן" ביי אַזעלכע באַדינגונגען. די יידן אונזערע זענען נישט געווען באַ-ליבט ביי די פּאָליאַקן. אַלע שלעכטע עפּיטעטן האָט מען זיי אָנגעוואָרפן, די דייטשן האָבן אונז מיט האַס אָנגערופן „מזרח - יודן" און אונזערע אייגענע יידן, די אַסימילירטע, האָבן נאָך צוגעגעבן אַזוי פיל האַס צו די נאַלעווקעס. איך האָב געלעבט אין ראַיאָן פון די נאַלעווקעס. יעדן טאָג פלעג איך גיין אין רעדאַקציע אריין און זיך דורכשטופּן קוים אויף די טראָטואַרן, וועלכע זענען פּשוט אָנגעשטאָפּט געווען מיט יידן. פאַר מיר זענען זיי נישט געווען קיין „גנבים און שווינדלער". פאַר מיר און פאַר אונז אַלעמען פון טלאָמאַצקע דרייצן זענען זיי געווען מזיקים, וועל-כע ראַנגלען זיך ביים אָפּגרונט און ציען די ביטערע יניקה פון דעם ראַנג-לען זיך. איך האָב אויך געזען דעם צווייטן צד, דעם קריסטלעכן, זיי האָבן דאָס געזאָלט זיין די מלאכים אנטקעגן די נאַלעווקער יידן. איך האָב זיי געזען, זיך גוט צוגעקוקט און צוגעהערט צו זיי. איך בין צוויי יאָר געזעסן אין פּוילישן סיים אַלס ציטונגס-באַריכטער און דאָרט האָב איך זיך דערוווסט וועגן די נידערטרעכטיקסטע אינטריגעס, וועגן כסדרדיקן קאַ-ריעריזם, וואָס האָט געהערשט אין דער פּוילישער געזעלשאַפט. מען האָט איינער דעם צווייטן געמסרט, פאַרפאָלגט, אויסגעלאַכט. ביכער זענען שוין אָנגעשריבן געוואָרן און וועלן נאָך אָנגעשריבן ווערן. וועגן דעם, וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אין פּילסודסקים צייט, אַרום פּילסודסקין. וויפיל מיליאָ-נען זלאָטעס זענען אַוועקגעגעבן געוואָרן צו שכורים און טויגעניכצן, זיי זאָלן עפּענען קראָמען און קאָנקורירן מיט די יידן. וויפיל באַקשיש און אַפּערע אין די פּוילישע אַמטן ... דאָך זיי זענען פאַרבליבן שמענדיק די פיינע לייט. מיאוס געווען זענען בלויז די נאַלעווקעס. פאַרשריגן און פאַר-

טויבט זענען מיר געווען פון זייערע רכילות. אַזוי פאַרשריגן, אַז אונזערע אייגענע שוואַכלינגען און פלאַך-קעפּ האָבן זיך אויפגעהערט צו קאָנטראָ-לירן און זיי האָבן שוין אויך געהאַסט די נאַלעווקעס. אין אונזערע יידישע פּאַרטיי - פּראָפּאַגאַנדעס און דעמאַגאָגישע שטרייטן זענען נישט איינמאָל די נאַלעווקעס בלוטיק אָנגעגריפן געוואָרן. אָבער יידישע זשורנאַליסטן און שריפטשטעלער האָבן זיך דאָס קיינמאָל נישט דערלויבט. נישט אַ הערש דוד נאָמבערג, נישט אַ הלל צייטלין, נישט אַ יהושע גאָטליב. קיין איינער פון די אמתע יידישע זשורנאַליסטן, פּובליציסטן און שריפטשטעלער האָט זיך קיינמאָל נישט דערוועגט צו באַליידיקן און אויסלאַכן יידיש שווער לעבן. די נאַלעווקעס, די יידישע לופט - געשעפטן, די ענגשאַפט, אַלץ איז דאָס געווען יידישער וויטיק און אַזאַ האָט מען עס באַדאַרפט טיפער באַנעמען, אַזוי און נישט אַנדערש.

דער פאַראיין איז געוואָרן אונזער אָבסערוואַציע-פּונקט. פון אונזער באַלקאָן האָבן מיר זיך צוגעקוקט צו דער יידישער באַוועגונג, צו אַ סך זאַכן, מיר האָבן געזעען מאַניפעסטאַציעס, מיר האָבן דאָ געזעען קאַטוילישע פּראָצעסיעס מיט די קאָשטשאָל-בילדער. פון אונזער באַלקאָן האָבן מיר אין צוואַנציקסטן יאָר געהערט, ווי די האַרמאַטן הילכן ביי קאַרטשעוו און אָטוואָצק. די רוסן זענען דאַמאָלט געגאַנגען אויף וואַרשע און דאַמאָלט זענען זיי אויך צוריקגעגאַנגען. דער פאַראיין האָט אַלע קלאַנגען און אָפּ-קלאַנגען פון דער גאַס פאַרנומען, פאַרטייטשט און דעבאַטירט וועגן יעדן פאַל, וואָס האָט אָנגערירט די יידישע אינטערעסן. צו ערשט האָט עס געזאָלט זיין אַזוי, אַז דער פאַראיין זאָל זיך פאַרנעמען בלויז מיט די פּראָ-פעסיאָנעלע און עקאָנאָמישע אינטערעסן פון זיינע מיטגלידער. אָבער עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז נישט געווען דער עיקר. עס האָט זיך געוואָלט האָבן אַן אייגענעם ווינקל. די יידישע שרייבער און זשורנאַליסטן האָבן געזוכט שוץ ביי זיך אַליין, אין אַן אייגענער היים, אין אַ יידישן קלוב. אַ זאַמלפּונקט, אַ טריבונע פאַר זיך, אַ שוץ פון דער אַסימילאַציע, אַ שוץ פון דער אַרומיקער פרעמדשאַפט. פון דער הויך, פון די רייכע און רייך געוואָרענע, איז זי געקראָכן די אַסימילאַציע, פון די ערב-שמדניקעס. שלעכט איז דאַמאָלט, ווען פרעמדע ווילן אונז איבערמאַכן, אָבער נאָך ערגער איז, ווען דאָס ווילן טאָן אייגענע, אין זעלבן גורל געבוירענע, די

איינגענע קריכן נאָך מער אריין אין די ביינער, זיי לאָזן אויס ביטערער, ווי די פרעמדע און עס פּארדריסט מער, ווען אן איינגענער לאַכט אויס דיין שפּראַך, דיין תפילה, דיין מנהג, דיין בגד. די פּארמאסקירטע ווילן, אַז דו זאָלסט אויך אָנטאָן אַ מאסקע. פון דער הויך, פון די רייכע עטאַזשן, איז זי געקראָכן די אסימילאַציע אַן אויסגעפּוצטע, אַ צוגעפּאסטע צו פרעמדן לעבן און אין דער זעלבער צייט אַ פּחדנישע, אָן אַן איינגענער נשמה. נישט ווערט איז זי געווען איין פאָלקס-ליד, וואָס איז געקומען פון קעלער. נישט ווערט איז זי און זי וועט קיינמאָל נישט אָפּנארן דעם, וואָס האָט האַרץ און מענטשן-ווירדע. איין ליד פון דוד איינהאָרן, און איין ליד פון משה קולבאַק, צי פון איציק מאַנגער, איין עכט ליד פון אַ יידישן דיכ-טער, וועגט איבער אַלע שקרים פון דער אסימילאַציע. סביבה האָט מען געזוכט אין פּאראיין. און גאַנץ שנעל איז טלאַמאַצקע דרייצן געוואָרן נאָר אַ היים פאַר יידישע דיכטער און זשורנאַליסטן, נאָר דאָרט איז אויך געוואָרן אַ שטאָם - גאַסט דער יידישער אַקטיאָר, דער יידישער מאָלער און דער יידישער מוזיקער. אַלע יידישע קינסטלער פון פּוילן און ווייטער פון פּוילן זענען געווען ביי אונז. צוליב די פיל געסט האָט מען געמוזט פאַר-גרעסערן דעם לאָקאַל, ארויסנעמען אַ דיקע וואַנט און מאַכן מער פּלאַץ, מען האָט געקויפט נייע מעבל און שטענדיק געהאַלטן אין איין פוצן די צימערן. די מאָלערס, יעדער מאָלער האָט דעם פּאראיין געשאָנקען אַ בילד, אַזוי אַז מיר האָבן שוין געהאַט אַ גאַנץ פיינע גאַלעריע פון בילדער... טלאַמאַצקע דרייצן, די „בודע", האָט זיך געמענטשלט. שוין געווען עטלעכע „משוגעים", וועלכע האָבן דעם פּאראיין אָפּגעגעבן זייער גאַנצע פרייע צייט. דער שטאַרקסטער „משוגענער" אין דעם הינזיכט איז געווען דער פאָלקס-זינגער מנחם קיפּניס, אַ וווּנדערבאַרער דערציילער. יאָרן-לאַנג נאָכאַנאַנד האָט ער פאַר אונז דערציילט קאָמישע מעשיות פון זינגער און חזנים און דאָס האָט זיך ביי אים קיינמאָל ניט אויסגעשעפּט. ער האָט געהאַט אַ קוואַל פון פאָלקס-לידער, וואָס אין קאָנצערט-זאַל האָט מען זיי נאָך קיינמאָל נישט געהערט.

דאָס, וואָס פאָלק האָט געשאַפן אין משך פון דורות, איז געווען צופיל, אַז איין דור זאָל עס צונויפזאַמלען און קאָנצענטרירן. קיפּניס איז אין דעם הינזיכט געווען דער גרעסטער זאַמלער. ער האָט פיל לידער באַארבעט

מוזיקאַליש און ליטעראַריש, ער האָט אַליין די לידער געזונגען און אַליין זיי אַרויסגעגעבן אין זאַמלביכער. פיל מאָל האָט ער אויך גערופן צו זיך אַהיים און געוויזן גאַנצע אוצרות, וואָס האָבן געוואַרט זייער תיקון, גע־וואַרט, אַז יידיש עולם זאָל זיי דערהערן, פיל פון די לידער האָט ער פאַר מיר געזונגען און געלייענט. געווען אין די לידער פון פאָלק פיל טיפע אי־בערראַשונג, אַ געליטערטער יידישער חן. נשמה יידישע... דאָס איז אַלץ פאַרניכטעט געוואָרן צוזאַמען מיטן פאָלק.

קיפּנים איז געווען אין אונזער קרייז אַ טייערער שפּאַסער, דאָך נישט קיין אָפּשפּאַסער. דאָרט ווו ער איז געזעסן, צו זיין טיש האָט זיך דער עולם געזאַמלט, איינס האָט מען געוווסט, אַז זיצנדיק מיט קיפּ־ניסן און שמועסן, וועט מען אין עצבות נישט אַריינפאַלן.


מ. קיפּניס
(צייכענונג פון משה אַפּעלבוים)

ווען פאַר די צוואַנציק יאָר, וואָס טלאַמאַצקע דרייצן האָט עקזיסטירט, וואָלט דאָרט געזעסן אַ סטענאָגראַף און אויפגעכאַפּט די אַלע מעשיות, וואָס חברים האָבן דערציילט, ׳אַלע זכרונות פון זייערע היימען, מעשיות פון יידי־שע קרעטשמעס, פון ישובניקעס, מעשיות פון וואַלד-יידן, טערפּענטין-יידן, מילך־יידן, פון יידי־שע באַלעגאָלעס, פון טייך־יידן, און מיל-יידן. ווען דאָס וואָלט אַלץ פאַרשריבן געוואָרן, אַלע די אויסדרוקן און אַלע די לידער פון יידישן דלות און פון יידישן בטחון און יום-טוב. עס איז געווען אין דעם אַלעם אַ געוועב פון דורות. מיט איינמאָל ווערט עס נישט באַשאַפן. דער ייד פון קליינעם שטעטל האָט תמימותדיק ליב געהאַט דאָס לעבן און די נאַטור. עס איז געווען אַ יידישער פאַנטעאיזם. יידישע מעלאָ־דיעס געוועבט מיט קלאַנגען פון דער אַרומיקייט. עס זענען געווען יידישע מוזיקאַנטן, וועלכע האָבן די מעלאָדיעס אויסגעשפּילט, עס האָט זיך שוין באַוויזן דער דיכטער, דער יידישער, וועלכער, האָט עס אַלץ גע־וואָלט אויסזינגען. דער פאָלקס-זינגער מנחם קיפּנים איז געווען, ווי אַ פאַר־מיטלער צווישן פאָלק און דיכטער...

ער האָט ליב געהאַט דעם פאַראיין, ווי דאָס לעבן און אַריינגעבראַכט האָט ער דאָרט אַ סך לעבן. שוין געווען נישט יונג, האָט ער דאָך גע- האַט אַ שוואַרצן קאָפּ מיט האָר, שוואַרץ דערפאַר, ווייל ער האָט זיי געפאַרבט און אין וואַרשע האָט מען זיך אויף דעם חשבון געוויצלט, מען האָט געזאָגט, אַז אין שטאָט געפינען זיך זקנים, וועלכע געדענקען נאָך, ווען קיסנים איז גרוי געווען...

וויפיל פרייד האָט געגעבן דעם יידישן פאַרבענקטן און נייגעריקן צוהערער באָרים אייסוראָוויטש. ער האָט געאַרבעט אין „אָרט", איצט איז ער אין אַמעריקע. אין פוילן איז ער געווען אַ לייִדנשאַפטלעכער באַרג- גייער, פלעגט ער אָרגאַניזירן גרעסערע גרופּן פון יידישע מיידלעך און בחורים און געקלע- טערט מיט זיי אויף די געפערלעכע שפּיצן פון די טאַטרען, בעסקידן און קאַרפּאַטן. אָבער נאָכמער באַוווּסט איז ער געווען אַלס גוטער דערציילער פון דער טריבונע. ער איז גע- ווען ביי אונז אַן אָפטער גאַסט און איז זייער אָפט אַרויסגעטראָטן מיט זיינע פאָרלעזונגען וועגן עקזאָטישע לענדער. דאָס בעסטע ביי אים איז געווען זיין דערציילונג וועגן אינדיע. דאָ האָט ער דערגרייכט דאָס העכסטע אין שטי- מונג און מאַלערישקייט. אונזערע לצים האָבן זיך אפילו געשושקעט, אַז אייסוראָ- וויטש איז קיינמאָל אין אינדיע נישט געווען און וועגן די אַלע זאַכן האָט ער אויסגעלייענט פון ביכער, אָדער אַליין אויסגעטראַכט. אויב דאָס איז טאַקע אמת, איז אייסוראָוויטש ביי מיר נאָך העכער אויסגעוואַקסן. מיט אַזאַ פאַנטאַזיע קאָן מען איבערשטייגן אַלץ, וואָס מען זעט אין באַן, שיף און עראָפּלאַן. בעת אייסוראָוויטש האָט דערציילט, האָב איך נישט געקוקט אויף אים, נאָר אויף זיינע צוהערער. זיי זענען געזעסן פאַר- כאַפּט, מיט דער טיפסטער נייגעריקייט. די בחורים און מיידלעך פון וואַר- שעווער אָרעמע קוואַרטאַלן, זיי האָבן זיך געגוויטיקט אין אַזעלכע לעגענ- דאַרישע מעשיות פון די וווייטע לענדער, שעהן-לאַנג האָבן זיי געהערט,



ב. אייסוראָוויטש

(קאָפּיע פון
אַ צייכענונג)

א גרופּע יידישע שרייבער פאָטאָגראַפירט אין
ליטעראַטן - פאַראיין דורך מ. קיפּנים



עס זיצן פון רעכטס: י. מאַסטבוים, י. ראָזענבלעלד,
ב. קאַרלינסקי, ז. סעגאַלאָוויטש, י. פּערלע.

עס שטייען: פון רעכטס: א. קאַציזנע, א. קאַגאַנאָווסקי,
י. מ. ניימאַן, מ. ראַוויטש.

ווי אַ מענטש דערציילט וועגן דער שענסטער פרוי, וואָס ער האָט אויף זיינע רייזעס באַגעגנט, וועגן דעם שענסטן בוים, וואָס ער האָט געזען און וועגן שענסטן פּאַלאַץ, וואָס ער האָט אָנגעקוקט... אונזערע בחורים און מיידלעך האָבן הנאה געהאַט פון אייסוראָוויטשעס פאַנטאַזיעס און עס האָט זיי אוודאי שפּעטער אין שלאָף געקלונגען:

— שוואַרץ, ווי די נאַכט, הייס, ווי די מדבר-זון, זיס, ווי די לאָטאָס-בלום...

און טאַקע דערפאַר, ווייל זיי האָבן קיינמאָל קיין לאָטאָס-בלום נישט געזען...

* * *

איך האָב נישט געציילט, וויפיל מאָל אין טאָג עס פלעגט אַריינקו-מען אין בודע יואל מאַסטבוים. ער מיט זיין קינסטלער-קאָפּ האָט זיך אָנגעזעען אין גאַנצן זאַל... אַ קאָפּ! איך ווייס נישט צו וועמענס קאָפּ עס איז ענלעך. בעטהאָווען, ליסט, שובערט. יואל מאַסטבוים, וועלכן איך זע דאָ אויף אַלענבי... ער דערמאַנט מיר גלייך דעם וואַרשעווער ליטע-ראַטן-פּאַראיין. אַ טאַלאַנטירטער, נאָר טאַלאַנט איז נאָך ווייניק. יואל מאַסטבוים האָט שטענדיק געהאַט געניאַלע פּלענער וועגן אַזעלכע ווערק, אַז די גאַנצע וועלט וועט אַ כפּרה גיין. נאָר נישט ליטעראַטור אַליין. יואל מאַסטבוים איז זייער מוזיקאַליש. ער קען שטיקער סימפאָניעס אויף אויסנ-ווייניק און אפשר גאַנצע סימפאָניעס. מיר האָבן תפלה געטאָן, ווען ער איז געווען אין פאַראיין, ער זאָל נישט כאַפּן אַ צווייטן אַזאַ מוזיקאַלישן חבר. ווייל דאַמאָלט גייט עס אויף שעהן אַוועק אַזאַ טורניר, ווער עס גע-דענקט מער פון בעטהאָווען, פון מענדעלסאָן, פון טשאַיקאָווסקין... דאַ-מאָלט איז שוין געווען צופיל מוזיק, כאָטש נעם און אַנטלויף.

מוזיקאַליש איז אויך געווען י. י. פּראַפּוס. ער איז געווען אַ יחסן אין דעם וועלטל. ער האָט שוין געאַרבעט אין אָנהויב פון אונזער יאָרהונ-דערט אין אַ יידישער צייטונג, אין פּעטערבורג, אין „פריינד״ גופא האָט ער געאַרבעט. לעצטנס איז ער געווען רעדאַקציע-סעקרעטאַר פון „מאָ-מענט״, אַן אַלטער בחור, האָט ליב געהאַט גוט אָפּצועסן און גוט זיך אויס-

צושלאָפן, האָט ליב געהאַט מוזיק און שטענדיק געברומט א שורהלע פון א וועלט-קאָמפּאָזיציע. האָט ליב געהאַט צו באַרימען זיך:

דערביי פלעגט ער פון וועסטל-קעשענע אַרויסציען א בילעט אויף דעם נאָענטסטן קאָנצערט.

— דו זעסט...

ער האָט זיך פּשוט נערייצט דערמיט. ער האָט שוין א בילעט. ער



י. מאַסטבוים

(ציכענונג פון פ. פרידמאַן)



מ. שניאור

(קאָפּיע פון א ציכענונג)



י. י. פּראָפּוס

(ציכענונג פון ש. פייגענבוים

וועט הערן די סימפאָניע און וואָס איז וועדט דער צווייטער, וואָס ווייסט אפילו נישט, וואָס דאָס איז אַזוינס סימפאָניע?

אַמאָל פלעגט עס ווערן ביי א טישל אַזאַ מין „פילהאַרמאָניע". העגעך קאַן, דער טאַלאַנטירטער קאָמפּאָזיטאָר, וואָס געפינט זיך איצט אין אמע-ריקע, דער דיריגענט שניאור, יואל מאַסטבוים, פּראָפּוס און אַנדערע, איינער דעם צווייטן האָט איבערגעשטיגן אין מוזיקאַלישקייט. דערביי קומט צו דער קליינער קיפּנים און רופט זיך אָן:

— חברה! איך בין שוין גאַרנישט?

— האַ! קיפּנים! חזנות, אהער אביסל חזנות!

און קיפּנים הויבט אָן צו דערציילן מעשיות פון חזנים און ער דער־מאָנט זיך ניגונים...

אַי, ווײ, אַי ווײ... איך דערמאָן זיך אויך... די אַלע טעג, די אַלע נאָכמיטאָגס. אַלץ און אַלעמען דערמאָן איך זיך...

מיר האָבן שטענדיק געוואָלט וואָס ווייניקער פּאָליטיק און מער חבר־שאַפט און דאָך האָט מען פיל מאָל געמוזט רעאַגירן פּאָליטיש. ווען אין לעמבערג האָט זיך געענדיקט דער פּראָצעס פון שטייגערן, וועלכער איז פאַלש באַשולדיקט געוואָרן אין ווילן דערמאָרדן דעם פּוילישן מלוכה־פּרעזידענט און די דאָזיקע באַשולדיקונג איז שטאַרק אויסגענוצט געוואָרן פון די אַנטיסעמיטן פאַרן פּראָצעס און בעת דעם פּראָצעס. ווען שטייגער איז באַפרייט געוואָרן, האָבן מיר טעלעגראַפיש אַרויסגערופן דעם באַפרייטן מיט זיין באַרימטן פאַרטיידיקער לייב לאַנדאו צו אונז אין בודע. מיר האָבן אויסגעשטעלט אונזערע טישן און שטולן און געפּראַוועט א באַנקעט, א דע־מאָנסטראַטיוון באַנקעט קעגן דער פּוילישער רעגירונג און פאַר דער אייביקער גערעכטיקייט.

א צווייטן מאָל האָבן מיר אָפּגעטאָן א צולהכעיס דער פּוילישער רעגירונג צוליב דער באַרימטער זינגערין איזאַ קרעמער. איזאַ קרעמער איז געקומען קיין וואַרשע זינגען אויף פראַנצויזיש, דייטש, ענגליש, פּויליש, אי־טאַליעניש, רוסיש און... יידיש. עס קאָן זיין, אַז צוליב דעם „יידיש" טאַקע האָט זיך אָנגעהויבן אין דער רעכטער פּוילישער פּרעסע א גרויסע העצע קעגן איר. זינגען האָט זי געזאָלט אין דעם רייכסטן זאַל פון פּוילן, אין דעם פילהאַרמאָניע־זאַל. דעם דאָזיקן זאַל האָט א ייד רייכמאַן אויסגע־בויט פאַר זיין געלט און ער האָט עס אָוועקגעשענקט צו דער שטאָט וואַרשע. האָט מען אָנגעהויבן שרייבן אין די צייטונגען, אַז איזאַ קרע־מער איז א קאָמוניסטישע אַגענטין, אַז זי איז א שונא פון פּוילן און אין טאָג פון קאָנצערט, עלף אין דער פרי, האָט מען געגעבן צו וויסן דעם אימפּרעסאַריאָ פון דער זינגערין, אַז דער קאָנצערט וועט נישט פאָרקומען, פאַרבאָטן און א סוף. די רעפּאָרטערן האָבן אונז די נייעס געבראַכט אין דער בודע צום מיטיק און אזוי עסנדיק און שפּאַסנדיק האָט זיך איינער פון אונזערע אָנגערופן:

— זאָל זי זינגען ביי אונז, אויב די רעגירונג דערלויבט נישט, טאָ זאָל זי זינגען ביי אונז, פאַר אייגענע מענטשן...

— און אַ דערלויבעניש?

— אַ דערלויבעניש וועלן מיר זיך אַליין געבן.

קיין איין אונטערנעמונג אונזערע האָט נישט געטאָרט דורכגיין אָן אַ דערלויבעניש פון רעגירונגס-קאָמיסאַר. דאָס האָט געדראָט מיט אַ פּראָ-צעס און מיט פאַרמאַכן דעם פאַראיין... דאַסמאָל האָבען מיר באַשלאָסן צו פייפן אויף דער דערלויבעניש און זאָל זיין, וואָס עס וויל... מען איז מיט דעם פּלאַן אַריינגעלאָפן אין קאַנצעלאַריע צו אונזער סעקרעטאַר. מען איז באַלד אוועק צו איזאַ קרעמער אין „האָטעל אַנגעלסקי". זי האָט איינגעשטימט. דאַמאָלט האָבן מיר טעלעפאָניש איינגעלאַדן אונזערע בעס-טע כלל-טוער, אַלע פאָרזיצערס און סעקרעטאַרן פון די פּראָפעסיאָנעלע און געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, אַלע מיטגלידער פון אונזער פאַראיין. עס האָט זיך אָנגעקליבן אַן עולם פון הונדערטער מענטשן און איזאַ קרעמער האָט פאַר אונז געזונגען עטלעכע שעה נאָכאַנאַנד. זי געדענקט נאָך אוודאי איצט אין אַמעריקע דעם נישט דערלויבטן קאָנצערט אירן. איך האָב איזאַ קרעמער געהערט נאָך אין אַדעס ביי איר אָנהויב. איך האָב זי געהערט אין לאָנדאָן און אין פּאַריז, נאָר אַזאַ „די מיזשינקע אויסגעגעבן", ווי דאַמאָלט ביי אונז אויף טלאָמאַצקע דרייצן, האָט זי אפשר קיינמאָל נישט געזונגען. זי געדענקט נאָך אוודאי דעם באַנקעט פאַר איר ביז באַגינען, די שטימונג די יידישע אין אַזאַ סביבה פון פאָלקס-אינטעליגענץ, אַזאַ יום-טובדיקע שטימונג...

דער פיינער אויפטו איז דורכגעגאַנגען בשלום. די רעגירונג האָט זיך געמאַכט נישט זעענדיק.

* * *

מיר האָבן זיך נישט פאַרשלאָסן פון דער גאַס. אונזערע זיבן פענ-סטער האָבן דערצו נישט דערלאָזט און ווען מען האָט זיך אויף אַ מינוט פאַרגעסן, זענען געקומען די רעפּאָרטערן און דערציילט אַלץ, וואָס עס טוט זיך אין דער יידישער וועלט און נישט בלויז אין דער יידישער. אָבער מיר

האָבן בעסער געוואָלט זיין א קרעטשמע, ווי א סעקטע און דאָס האָבן מיר טאַקע א לאַנגע צייט אויסגעפירט אויף צו להכעיס אַלע סעקטאַנטן, וועלכע האָבן אונז אַטאַקירט פון פיל זייטן.

א קרעטשמע, אָדער א גאַסט־הויז פאַר אַלע חברים. דאָך אין לאָקאַל גופא האָט זיך יעדערער אויסגעוויילט, וועמען ער האָט געוואָלט. עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך שטענדיק געהאַלטן צוזאַמען. אָט דער קאַרלינסקי האָט זיך נישט געקאָנט שיידן מיט דעם רעאַליסטישן דער־ציילער דוד קאָסעל און זיי ביידע האָבן געמוזט זיין צוזאַמען מיט דעם טונקעלן און די דריי האָבן אויך געהאַט שטענדיק א פּערטן צו זייערע שמועסן. דער פערטער איז געווען דער העברעאישער לערער ראַקאָווסקי, וועלכער האָט פון צייט צו צייט געשריבן אַרטיקלען אין די צייטונגען. די אַלע פיר האָבן זיך פשוט נישט אָפּגעלאָזן. זיי האָבן געהאַט טעמעס צו ריידן וועגן אַלט־וואַרשע, וועגן אַלטע עסקנים, משכילים, רעדאַקטאָרן, וועגן פּרצס הויז, ווו זיי זענען געווען אָפטע געסט, זיי האָבן געהאַט א באַזונדער מיי־נונג וועגן דער יונגער יידישער ליטעראַטור. זיי האָבן רואיק דיספּוטירט. עס האָט אויסגעזען, אַז זיי זענען שטענדיק איינשטימיק אין זייערע אָפּ־שאַצונגען. איינשטימיק אפילו דאַמאָלט, ווען מען איז אַבסאָלוט נישט איינ־שטימיק געווען...

י. י. זינגער מיט זיין ברודער זענען קיינמאָל נישט געזעסן צוזאַ־מען. מען האָט זיי געזעען ביי באַזונדערע טישלעך, מען האָט זיי געזעען און שטאַרק געזען, צוליב די גלאַטע שאַרפע קעפּ... די צוויי זענען גע־ווען געבווירענע אָפּלאַכערס, נאָר נישט קיין לאַכערס.

איטשע מאיר ווייסענבערג האָט געהאַט זיין טישל מיט זיינע חסידים. דער ערשטער חסיד זיינער איז געווען האַראַנטשיק, שפּעטער האָבן זיי אויפגעהערט מיט זייער חברשאַפט, ווייל ווייסענבערג האָט נישט ליב גע־האַט, אַז איינער פון זיינע חסידים זאָל ווערן צו זעלבסטשטענדיק. דאָך, ווייסענבערג האָט זיך פון דעם נישט גענומען צום האַרצן, ער האָט יעדן טאָג אַנטדעקט נייע טאַלאַנטן און זיי געהאַלטן פעסט לעם זיך, זיי זאָלן נישט אַנטלויפן. שלמה שיינבערג, א יונגער פּראָזאַאיקער, א ווילער, א שטילער, ער האָט געהאַט א זעצעריי אין פּולאַוו און איז יעדע וואָך געקומען נעמען ביי די פאַרלעגערס נייע קאָפּיע. ער איז אויך שטענדיק

געזעסן מיט ווייסענבערגן און געהאַט פאַר אים גרויס דרך-ארץ. איך פאַר-
גורע דעם זכרון אין יענע טעג. איך זע די מענטשן, איך הער זייער שמועס.
ווי ווייניק פון זיי זענען פאַרבליבן און די פאַרבליבענע זענען צעזייט און
צעשפּרייט, אַזוי משונהדיק ווייט איינער פון צווייטן. די, וואָס זענען פאַר-
בליבן, האָבן באַקומען אַ שרעקלעכע ירושה, דעם אַש פון זייערע פאַר-
ברענטע משפחות. מיט אַזאַ ירושה וועט מען זיך שטיקן ביז דער לעצ-
טער שעה.

טלאַמאַצקע דרייצן איז אַ לאַנגע צייט געווען אַ טראַנזיט-פּונקט פאַר
די יידישע שרייבער פון אַמעריקע, וועלכע זענען דורך פּוילן געפאָרן בא-
זוכן רוסלאַנד. אַט אַזוי משה נאַדיר, לייוויק, אָפּאַטאָשו, מחנם, הלל ראַ-
גאָף. מיר האָבן קיינמאָל נישט דורכגעלאָזן די געלעגנהייט אויפצונעמען אַ
חבר מיט וואָס מיר קאָנען און מיר האָבן דאָך אַ סך שטולן, האָט מען
געמאַכט באַנקעטן. מיט איינעם האָט זיך דער באַנקעט אַביסל פאַרהאַ-
טשעקט. ער האָט נישט געוואָלט קיין באַנקעט. דאָס איז געווען אונזער ליב-
האַרציקער פריינט, אונזער אַלעמענס פריינט אברהם רייזין. איך האָב צו
אים אַ ספּעציעלן סענטימענט: פון אים באַקומען דאָס ערשטע בריוול וועגן
מיינע לידער, פון אים די ערשטע אַנערקענונגס-ווערטער אין אַ זשורנאַל.
אברהם רייזין! איך לאָז נישט דורך קיין געלעגנהייט צו דערמאָנען זיין „אַ
געזינד זאַלבע אכט", זיין „אין קישן באַהאַלט איך דאָס פּנים" און „דער
שטויב פון דער ערד איז געפאַלן אויף מיר". מיין טייערער רייזין! מיר
ווילן מאַכן אַ באַנקעט פאַר אייך. ענטפערט ער:

— איך וויל נישט, מען דאַרף נישט...

— פאַרוואָס?

— מען דאַרף נישט.

— מיר ווילן חבריש פאַרברענגען מיט אייך עטלעכע שעה, מיר האָבן
אייך ליב.

— וואָס וועט דאַרט זיין?

— עס קאָן זיין אַ גלעזל טיי און עס קאָן זיין פיש, און וויין.

— ניין! נישט דאָס מיין איך. איך מיין, ווער וועט דאַרט זיין?

— חברים, אייגענע מענטשן, ליטעראַטן... מען וועט ריידן און
זינגען...

## טלאָמאַצקע 13

— וואָס וועט מען ריידן?

איך האָב אים פאַרשטאַנען. ער האָט מורא געהאַט, מען זאָל נישט ריידן קעגן ראַטן־פאַרבאַנד. איך האָב אים פאַרזיכערט, אַז ער מעג זיין רואיק. איז געווען אַ באַנקעט און רייזין איז געפאָרן קיין רוס־לאַנד. מען האָט אים אין מינסק, ביי זיין אָנקומען, אויפגענומען מיט פּאַראַד. קאַוואַלעריע און אינפאַנטעריע מיט אַרטילעריע, מען האָט אים אויפגענומען מיט מיליטער. מען האָט גערעדט צו אים די בעסטע ווער־טער. ער, דער דיכטער פון פאָלק, האָט עס פאַרדינט כשר. אָבער נאָך רוסלאַנד, נאָך זיין צוריקקומען קיין אַמעריקע, איז ער גלייך אַריינגע־טראָטן אַלס מיטאַרבעטער אין אַנטיקאָמוניסטישן „פאָרווערטס". די „בודע" האָט זיך וועגן דעם דערוווּסט און די „בודע" האָט געשמייכלט. וואָס מער, ווי שמייכלען? עס זענען געווען אַ סך קאָמישע און אין דער זעלבער צייט טראַגי־קאָמישע געשיכטעס, וואָס נישט פאַר אונזערע כוחות איז דאָס געווען צו אַנטשיידן... האָט מען אָנגעשטעלט דעם פּאַטעפאָן און זיך גוט אויסגעטאַנצט. און יעדער איינער פאַר זיך האָט געטאָן זיין אַרבעט. געשריבן, וואָס ער האָט געפילט און איבערגעליטן און געוואַרט און געבענקט...

און מען איז געווען היימיש...

דאָך פון צופיל היימישקייט האָט מען זיך איינגעוווינט דעם פּאַראַיין גרינגצושעצן און אפילו זידלען, אָנגרייפן... אייגענע חברים האָבן דאָס פיל מאָל געטאָן. איך געדענק, ווען דער באַוווּסטער זשורנאַ־ליסט בערנאַרד זינגער איז געפאָרן באַזוכן דעם ראַטן־פאַרבאַנד, האָבן מיר איינגעאָרדנט פאַר אים אַ געזעגענונג. טישן, שטולן און אַביסל משקה. דאַכט זיך אַלץ איז פיין, די דרשות אויך פיין. דעם שלום־וואָרט האָט זינגער. ער דאַנקט נישט פאַר די גוטע ווערטער, ער דאַנקט נישט פאַר דער משקה. ער זידלט אונז, ער זאָגט, אַז מיר זענען צעפּוילטע קליין־בירגער, אַז מיר זענען פאַרקויפט ביי דער יידישער בורזשואַזיע און מיר דינען אירע אינטערעסן. ווי געזאָגט, ער האָט אונז געמאַכט אויסצודרייען. גערעדט האָט ער שנעל, געענדיקט שנעל און פאַרלאָזן זיין פּלאַץ, דורכגעלאָפן דעם גרויסן זאַל און אַ קלאַפּ געטאָן מיטן טיר, מיט כעס אַ קלאַפּ געטאָן...

## ז. סעגאלאָוויטש

— וואָס איז דאָס? — האָט איינער פון אונזערע געפרעגט.

— גאָרנישט... אז מען פאָרט קיין רוסלאַנד, באַדאַרף מען זיד-לען דעם ליטעראַטן-פאַראיין...

דאָס זעלבע האָט אויך געטאָן משה קולבאק... איינער פון די בעסטע און איינער פון די עכטסטע יידישע פּאָעטן. אַ טייערער יונג. ער איז אַוועק פון אונז קיין רוסלאַנד מיט אַ גוטן, ריינעם ווילן, מיט גלויבן... ער איז געווען אַ סמאַרגאָנער און געלעבט אין ווילנע. געליבט געווען ביי דער יידישער יוגנט ביז גאָר. זיי האָבן דאָרט געוויינט אין ווילנע, בעת ער איז אַוועקגעפאָרן. דאָך ער האָט זיך איינגעשפּאַרט: רוסלאַנד. דאָרט איז זיין פּלאַץ און דאָרט איז זיין צוקונפט. פאַר זיין אַוועקפאָרן פון פּוילן איז ער געקומען צו אונז זיך געזעגענען. מיר האָבן אים פיין באַגלייט, פיין, וואָס פיינער קאָן שוין נישט זיין. די בעסטע סעודה און די בעסטע ווערטער. ער האָט עס פאַרדינט מיט זיינע „ליט-ווישע מאָטיוון", מיט זיינע „וועלפישע לידער". עס איז גוט, ווען מען קאָן מאַכן אַ מענטשן קאָמפּלימענטן פאַרדינטע, ערלעכע... משה קולבאַק איז געווען אַזאַ מענטש... אָבער, ווי איבערראַשט זענען מיר געוואָרן, ווען אין יענעם אָוונט האָבן מיר פּלוצלינג דערהערט פון אים:

— איר זענט דאָ אַלע פאַרפוילט, איר זענט אַ קנעכטישער עלעמענט אין דער יידישער ליטעראַטור, אַ שעדלעכער עלעמענט, מען דאַרף אייך אַלעמען אויסראָטן...

מיר האָבן זיך ביי די טישן דאַמאָלט איבערגעקוקט און מיר האָבן געשמייכלט: אַז מען פאָרט קיין רוסלאַנד, באַדאַרף מען זידלען דעם ליטעראַטן-פאַראיין. די „בודע" האָט נישט רעאַגירט. די בודע האָט זיך געלאָזן זידלען און באַליידיקן, מן הסתם באַדאַרף אַזוי זיין. עס איז נישט קיין אומגליק, אַז מען ווערט באַליידיקט. אַבי דער באַנקעט איז געווען אַ שיינער, אַן אויפריכטיקער. קולבאַק איז אין רוסלאַנד געוואָרן אויס. פאַרוואָס און פאַר ווען ווייסן מיר ביז היינט נישט. פאַרוואָס תפיסה און פון וואָס געשטאָרבן? פרעג דעם ווינט!...

די שאָטנס און די ליכטיקע זייטן, אַלץ צוזאַמען איז דאָס טייער געווען. אַפילו די אַרויסגעבערס, די באַלעבאַטים פון אונזערע צייטונגען

## די גרינדער און ערשטע רעדאַקטאָרן פון „היינט"



(פון רעכטס צו לינקס): ש. י. יאַצקאַן, נחמיה פינקעלשטיין, נח פינקעלשטיין.
(עס שטייען): א. גאָלדבערג און א. גאָוויזע.

— איך געדענק פאַר די צוואַנציק יאָר קיין איין ביטערן קאַמף מיט זיי, איך געדענק נישט קיין לאַנגע שטרייקן, קיין געשרייען. נישט געווען צווישן זיי קיין פאַרביסענע, נישט געווען קיין עקספּלאָאַטאַציע. פאַר-קערט, די גרעסטע צאָל צייטונגס-אַרבעטער האָבן געמאַכט אַ פיין לעבן.

די באַלעבאַטים פון די יידישע צייטונגען זענען אַביסעלע געווען ברוגז אויף דער „בודע". דער פאַראיין האָט געקעמפט פאַר זיינע מיטגלידער און האָט אויסגעקעמפט פאַר זיי, וואָס נאָר עס איז מעגליך געווען. אין דעם קאַמף מיט די באַלעבאַטים האָט ביי אונז געהערשט אַ גרויסע דיס-ציפּלין. נישט געווען אַזאַ מיטגליד, וואָס זאָל די דיסציפּלין ברעכן. אַ וואָרט פון אונזער פּראָפעסיאָנעלער סעקציע איז געווען הייליק און „שטרייק" איז געווען דאָס בעסטע געווער. גלייכצייטיק מוז מען צוגעבן, אַז די באַלעבאַטים אונזערע זענען נישט געווען קיין פאַרביסענע „באַסן". מען איז כמעט שטענדיק דורכגעקומען אין אַלע קאָנפליקטן. די באַלעבא-טים פון „היינט", די אַרויסגעבערס ש. י. יאַצקאַן, די ברידער נח און נחמיה פינקעלשטיין, פון זיי איז יאַצקאַן געווען אַביסל איינגעשפּאַרט, ער האָט געהאַט זיין אייביקן מאָטיוו: איז אַ מיטאַרבעטער פעאיק, אָדער טאַלאַנטירט — קומט אים צו צאָלן, וויפיל ער וויל, איז ער אָבער אַ טויגניכץ — באַדאַרף מען אים שנעלער אָוועקשיקן. אין פּראַקטיק איז אָבער געווען אַנדערש, מען האָט געמוזט אַ סך טויגניכצן שיצן און פאַרטיידיקן. נח און נחמיה פינקעלשטיין, די צוויי איידעלע געשטאַלטן פון אונזער פּרעסע-וועלטל, זענען ווערט דערמאָנט צו ווערן מיט רעס-פּעקט. זיי וועלן נישט פאַרגעסן ווערן ביי אונזערע געראַטעוועטע זשור-נאַליסטן און שריפטשטעלער. זייער פאַרנעם אין דער אַרבעט, זייער באַציאונג צו די מיטאַרבעטער...

נח פינקעלשטיין איז איצט אין פּאַריז, אַלט און קראַנק. פראַנצויזן האָבן אים געראַטעוועט. נחמיה... אין קאַלך-אויוון.

עס איז געווען ביי דער יידישער פּרעסע סוחרישע קאָנקורענץ, אַביסל צופיל געטומלט אָפט, געווען, געווען... ווו איז דאָס נישט פּאַ-ראַן? אָבער לאָמיר אַרויפליינן רואיק די האַנט אויפן האַרצן און זאָגן, וואָס עס ווילט זיך זאָגן: מען איז געווען מענטשלעך איינער צום צווייטן. איך וואָלט עס אויסגעדריקט און איינגעפּאַסט אין אונזערס אַ ווערטל,

„יידישע גזלנים". איך געדענק, ווען די „אגודה" האָט נישט געהאַט קיין דרוקעריי פאַר דעם „יידישן טאָג-בלאַט", זענען זיי געגאַנגען, די אָרטאָדאָקסן, צו דער בונדישער „פאָלקסצייטונג" און געבעטן, מען זאָל זיי דערלויבן צו דרוקן זייער פרומע צייטונג אין דער אפיקורסישער דרוקעריי. אין פינף מינוט איז די טראַנזאַקציע געמאַכט געוואָרן און דער חבר נח, נח פּאָרטנאָי, דער פירער פון „בונד", האָט זיי געוווּנטשן „מזל" מיט דעם טראַדיציאָנעלן „גאָט זאָל העלפן"...

ווען איינער פון די אָרטאָדאָקסישע פירער האָט דאַמאָלט געפרעגט נחן:

ווי וועט עס איצטער זיין? מיר וועלן דרוקן ביי אייך אונזער צייטונג און מיר וועלן אייך, בונדיסטן, קריטיקירן, מיר וועלן אייך אפשר אויך זידלען.

אויף דעם נח פּאָרטנאָי:

— קלאַפּט, וויפיל עס גייט אריין.

געווען ביי דער יידישער פרעסע קאָנקורענץ, דאָך, ווען עס פלעגט קומען אַן ענין, וואָס באַלאַנגט דעם גאַנצן יידישן כלל, דאַמאָלט איז מען געווען אייניק. ווען דאָס געריכט האָט פאַרמשפּט כאַסקעליעוויטשן צום טויט פאַר דערמאָרדן אין בריסק אַ פּוילישן זעלנער אין געראַנגל, דאַמאָלט האָט אויך דאָס זעלבע געריכט געגעבן מאָטיוון צו דעם פּסק. מאָטיוון בייזע, אַנטיסעמיטישע מאָטיוון, וועלכע האָבן סטימולירט צו פּאָגראָם. די יידישע פרעסע האָט געמוזט רעאַגירן, אָבער ווי רעאַגירט מען, ווען קריטיקירן אַ געריכט-אורטייל טאָר מען נישט. און דאַמאַלט נאָך, ווען דער אַנטיסעמיטיזם האָט אַזוי ווילד געבושעוועט, דאַמאָלט, צוויי יאָר פאַר דעם נייעם הורבן... עס האָט ממש געדראָט, אַז די גאַנצע יידישע פרעסע זאָל פאַרמאַכט ווערן. האָט מען זיך בעראַטן אין ליטעראַטן-פאַראיין, ביז צוויי ביינאַכט. אַנטייל האָבן אין דער באַראַטונג גענומען: ה. ערליך, פּנחס שוואַרץ, נח פּרילוצקי, לאַזאַר קאַהאַן, משה אינדעלמאַן, דוד פלינקער, בערנאַרד זינגער, ב. כילינאָוויטש, אלחנן צייטלין, נתן שוואַלבע, מאַרק טורקאָוו, חיים פינקעלשטיין און בער ראַזען. די אָנגענומענע רעזאָלוציע, וואָס האָט שאַרף קריטיקירט דאָס געריכט מיט דער פּוילישער רעגירונג אינאיינעם איז געווען אָבליגאַטאָריש

**די לעצטע פארוואלטונג פון ווארשעווער זשורנאליסטן-סינדיקאט (יידישע סעקציע).**



עס זיצן פון רעכטס צו לינקס: חיים פינקעלשטיין, בערנארד זינגער, נתן שוואלבע, בן-ציון כילינאָוויטש און מארק טורקאָוו. עס שטייען דוד פלינקער, ש. קלעץ, פנחס שווארץ און בער י. ראָזען.

פאַר אַלע יידישע צייטונגען און איז אָפּגעדרוקט געוואָרן. אַלע זענען באַוווסטזיניק אויף דעם געגאַנגען און ריזיקירט צו ברענגען אַ קרבן די גאַנצע פּרעסע אונזערע פאַר עטלעכע ווירדיקע ווערטער... מען האָט געקעמפט מיט די שוואַכע ווערטער פון וואָרט-קאַמף. די אַטאָם-באָמבע איז נאָך דאַמאָלט נישט געווען. אויף דער פּוילישער רעגירונג, וועלכע האָט זיך דאָך געמוזט רעכענען אַביסל מיט דער וועלט, האָט אונזער אָפּגעדרוקטע רעזאָלוציע שטאַרק געווירקט. דאָך די פּרעסע, די יידישע, איז נישט אָפּגעשטעלט געוואָרן. די געהיים-פּאָליציי, די פּוילישע, האָט בלויז געזוכט און געוואָלט דערגיין, ווער עס זענען די מחברים פון דער רע-זאָלוציע, זיי האָט מען געוואָלט צוציען צום געריכט. צוויי יאָר ביז דער מלחמה איז די אויספאָרשונג געווען אין גאַנג און די אַגענטן פון דער פּאָליציי האָבן זיך גאָרנישט דערוווסט.

אין ליטעראַטן-פאַראיין האָט מען געבטלט, געטאַנצט, געטריבן אַביסל רכילות, אָבער קיינער פון אונזער חברה האָט נישט געוואָלט אַריינקומען אין פאַראיין מיט אַן אָרגאַניזירטע קאָפּ. פאַר אַזאַ איי-נעם, וואָס האָט נישט רעאַגירט ווירדיק אַלס מענטש און ייד, אַ „מאָש-קע" האָט ביי אונז קיין פּלאַץ נישט געהאַט, קיינמאָל נישט. מיר האָבן יעדע איינלאַדונג פון די פּאָליאַקן געוויגן און געמאָסטן. מיר זענען געווען פּאָרזיכטיק מיט אונזער כבוד. נישט דערפאַר, ווייל מיר האָבן געוואָלט זיין יחסנים, נאָר מיר האָבן נישט געוואָלט, אַז די יחסנים זאָלן אונז טאָן אַ טובה. מיר האָבן געוואָלט זיין געבעטענע, נאָר נישט קיין איינגעבעטענע. אין די פּוילישע זשורנאַליסטישע און ליטעראַרישע קרייזן האָט מען גאַנץ גוט געוווסט וועגן דעם און זיי האָבן זיך באַמיט צו זיין מיט אונז אין אָרדענונג.

5

# שטולן...

אויף טלאמאצקע דרייצן אין אונזער לאָקאַל זענען געווען אַ סך שטולן. אַ שפע פון שטולן, אַן איבערפלוס. אַזעלכע טונקעלע, לייכטע, ווינער שטולן. ביז פינף הונדערט שטיק אַזעלכע, אויף אַ פאַרלעזונג האָבן מיר באַדאַרפט אויסנוצן ביז דריי הונדערט שטיק מאַקסימום. זע־נען צוויי הונדערט בענקלעך פאַרבליבן אין רעזערוו. מיר זענען פשוט געווען באַלאַגערט פון שטולן, מען האָט זיי געשטופּט צו דער וואַנט, אין די ווינקלען, אין קאָרידאָר זיי געשאַרט און קיינמאָל פון זיי נישט פּטור געוואָרן.

פאַר די צוואַנציק יאָר פון פאַראיינס עקזיסטענץ זענען אין דעם גרויסן זאַל פאָרגעקומען אַ סך פאַרלעזונגען, געזאַנג־אַרויסטרעטונגען, אַקטיאָרישע אַרויסטרעטונגען.

אויסער די אַלע פאַרלעזונגען אין לאָקאַל גופא, האָט דער פאַראיין אויך איינגעאָרדנט אַ סך גרעסערע אונטערנעמונגען אין פאַרשידענע טעאַטערס, שטאָטישע זאַלן און אַפילו אין דעם צירק, וועלכער האָט אַריינגענומען איבער זיבן טויזנט מאַן. דער ברייטער עולם האָט געהאַט אַ סך צוטרוי צו אונז און אויך אַ סך... פּרעטענזיעס, ווען אַן אימפּרעזע האָט זיך נישט איינגעגעבן. די קלענערע, מער אינטימערע אַרויסטרע־טונגען זענען פאָרגעקומען ביי אונז, אין אונזער ליבהאַרציקער היים. דאָ האָט מען זיך דורכגעשמועסט מיט אונזערע צוהערערס אויפן שענסטן

אופן. געווען אין ווארשע אזעלכע יידן, וועלכע האָבן באַזוכט אַלע אונ-טערנעמונגען פון ליטעראַטן-פאַראיין אָן אויסנאַם, דאָס זענען געווען חסידים פון טלאָמאַצקע דרייצן, איבערגעגעבענע. חדשים לאַנג נאָכאַנאַנד האָט דאָרט געשפּילט דאָס מאַריאַנעטן טעאַטער „מאַדיקאַט" פון אַמע-ריקע. עס האָבן דאָרט געטאַנצט אויף דראָט די „ליאַלקעס" פון דעם מאַלער וויצעק ברוינער, עס זענען דאָרט פאָרגעקומען הונדערטער באַנ-קעטן. איך רעכן, אַז אַ סך מער, ווי טויזנט אונטערנעמונגען האָט דער פאַראיין דורכגעפירט פאַר זיינע צוואַנציק יאָר. די שטולן האָבן גוט זיך אויסגעדינט, אַ סך פון זיי האָבן געגומען הינקען, זיי האָבן פאַרלאָרן די הילצערנע פיס. די קאַליע געוואָרענע שטולן האָבן זיך געוואַלגערט צו-זאַמען מיט די גאַנצע. אָנגעוואָרפענע איינס אויפן צווייטן, געפלאָכטענע פּיראַמידן פון זיץ-בענקלעך.

פון וואַנעט אַזוי פיל שטולן ?

מיר האָבן זיי געבאָרגט ביי דעם אַרויסגעבער פון „היינט", ביי נחמיה פינקעלשטיין און צוריק נישט אָפּגעגעבן. נחמיה פינקעלשטיין איז געווען דער פאָרזיצער פון „הזמיר". דער „הזמיר" איז ליקווי-דירט געוואָרן פון די דייטשן אין דער ערשטער וועלט-מלחמה. דאָס פאַרבליבענע פאַרמעגן פון דער ליקווידירטער אינסטיטוציע האָט מען אַריינגעשטעלט אין אַ שפּייכלער אויף דער גאַס כלאָדנע, דאָרט ווו עס האָט זיך געפונען די רעדאַקציע פון „היינט". אין דעם פאַרמעגן זענען אויך אַריין שטולן. זענען זיי אַריינגעפאַלן צו אונז. אַ ים מיט שטולן, מען האָט זיי געשאַרט פון איין צימער אין צווייטן. אָבער עס האָט געלוינט צו האָבן פון זיי אַזוי פיל צרות. געלוינט האָט עס אפילו צוליב הערשלען אַליין. ווען הערשעלע דאַניליעוויטש האָט נישט געהאַט קיין געלט און ער האָט מורא געהאַט צו פאָרן אין זיין הענריקאַוו, צו זיין ווייב, פלעגט ער נעכטיקן אין דער בודע און דער געלעגער איז טאַקע געווען אויף עטלעכע שטולן...

איך קוק איצט אַריין אין דעם שטולן-לאַבירינט, איך זע זיי אָנגע-וואָרפן און איך זע, ווי זיי זענען אויסגעשטעלט סימעטריש, ווי אין אַ פאַראַד, ערב אַ פאָרלעזונג, אָדער ערב אַ באַנקעט אַרום די טישלעך. איך רייד מיט די שטולן, ווייל די גרעסטע צאָל פון די חברים, וועלכע זענען

געזעסן אויף זיי, זענען שוין נישטאָ. דער פאַראיין האָט זיי אַלע אריינ-
גענומען, דער זכרון האָט זיי איינגענעסטלט אין זיך, אָבער א בוך איז א
באַשרענקטער ענין... פערציק יאָר צוריק האָב איך זיך באַקאַנט מיט
לאַזאר קאהאן. נעכטן באַקומען א ידיעה, אז ער איז געשטאָרבן אין פאַר-
וואָרפענעם שאנכאי. יאָרן האָבן מיר דורכגעמאכט צוזאמען אין לאָדזש,
אין דער דאָרטיקער פּרעסע, אין „הזמיר", „דראַמאַטישע קונסט" און
אין דער „האַרפע". יאָרן צוזאמען אין וואַרשע און טאַקע אין דער
„בודע". איך פלעג לייכט צוגיין צו זיין טיש, ווייל א לייכטער מענטש
איז ער געווען, א פריינדלעכער. זיין ברודער ישראל דערמאָרדעט בעס-
טיאַליש פון די דייטשן, זיינע קינדער פאַרלאָרן אין לויפן קיין רוס-
לאַנד. יעדער איינער, וואָס רוקט זיך ארויס פון זכרון, דערמאַנט גלייך
זיינע צרות. דער מיטאַרבעטער פון „פאָלקסצייטונג" לייזער לעווין, ער
איז געשטאָרבן אין קאָוונע פון בענקשאַפט צו זיין קינד, וואָס איז פאַר-
בליבן אין געטאָ, אין וואַרשע... דער פריילעכער דרייקורס פון „רויטן
עקספרעס" פאַרברענט געוואָרען, ליפע קעסטין פון „מאָמענט" דערשאָסן
געוואָרן אָנהויב מלחמה אין מעזריטש. האַראַנטשיק האָט זיך אליין
איבערגעשניטן דעם האַלדז, ווען ער האָט געזען, ווי די דייטשן פּייניקן
די יידן. דער בעלעטריסט רייזפעדער — פאַרשוואונדן אין אש. וואָלמאַן
דער קאָרעקטאָר, כאַיקין דער קאָרעקטאָר, לערמאַן דער רעפּאָרטער — די
בּנימער האָט מען געזען יעדן טאָג. יעדער איינער פון זיי האָט אין אמאָלי-
קע טעג צוגעשאַרט א שטול צום ערשטן טיש און פאַרבראכט אין שמועס,
אין שפּאַס, אין לצנות... און גאנץ אָפט האָבן זיי ביי די טישלעך גע-
שריבן, יעדער איינער דאָס זייניקע.

דאָס, וואָס מיר האָבן געהאַט אזוי פיל שטולן, האָט אויסגעזען
ווי א סימבאָל: עס באַדאַרפן קומען נייע טאַלאַנטן, זיי מוזן קומען און
איבערנעמען די ירושה פון פּרץ, שלום-עליכם און מענדעלע. זיי מוזן קו-
מען פון די שטעט די יידישע און פון די שטעטלעך און אויב זיי וועלן זיך
ערגעץ-ווו באַווייזן, וועלן זיי זיין ביי אונז, מיט אונז צוזאמען, מיר
האָבן צוגעגרייט א לאָקאַל פאַר זיי און שטולן האָבן מיר אוועקגעשטעלט
פאַר זיי.

אין אונזער געזעמל זע איך נח פּרילוצקין... א זשורנאַליסט, א

פּאָעט, אַ פּראַקטיקער רעדנער, אַ דעפּוטאַט אין סיים, אַ פירער פון דער „פאָלקס-פּאַרטיי", אַ פילאָלאָג. שטענדיק אין יום-טובדיקן בגד מיט דער פיינער באָרד. נישט קיין גרויסע באָרד, דאָך אַן אויסגערעכנטע, זי זאָל צוגעבן חשיבות און ערנסטקייט. ער וואָלט באַשטימט געלעבט רואיקער, ווען ער פּאַסט זיך צו צו אַן אַנדער אידעאָלאָגיע, אַן עקשן געווען. קיין טאָג-טעגלעכער באַזוכער פון פאַראיין איז ער נישט געווען, דאָך פון צייט צו צייט איז ער געזעסן ביי אַ טיש מיט זיינע מענטשן, מיט די פאָלקיסטן. זיין נאָענטער פריינט אשר פּערעלמאַן, דער מיטאַר-בעטער פון „מאָמענט", איז שפּעטער אַוועק קיין רוסלאַנד און דאָרטן פאַרשוווּנדן. דעם זעלבן סוף האָט אויך געהאַט אין רוסלאַנד דער יונ-גער היסטאָריקער מאַקס עריק... אין קאַליידאָסקאָפּ פון די בודע-גע-שטאַלטן שוועבן פרויען-געשטאַלטן... די דריי רחלס: רחל פייגענבערג, רחל קארן און רחל אויערבאַך. צום גליק זענען זיי אַלע דריי צווישן די לעבעדיקע. אַ פערטע רחל, די רחל האַלצער, די באַוווּסטע אַרטיסטין, גע-פינט זיך אין אויסטראַליע. די האַרמאַטן און די עראָפּלאַנען קאָנען גאַנץ שנעל צעשמעטערן גאַנצע גאַסן און קוואַרטאַלן, אָבער דאָס, וואָס איז איינגעבאַקן אין האַרצן, קאָן אַפילו אַזאַ חורבן אויך נישט צע-שמעטערן. דער פאַרברענטער נעכטן הויבט זיך אויף פון אַש און קומט אַריין אין קליינעם צימער. דער נעכטן ווידערהאַלט זיך אין אַלע דע-טאַלן, דו הערסט די פריערדיקע געשפּרעכן, הערסט ערנסטע ווערטער און לייכטן שפּאַס, זעסט פּנימער, אויגן, דו זעסט דעם גאַנצן צוזאַמען פון אַ נומער דרייצן פון אַ טלאַמאַצקע גאַס, פון וועלכע עס איז שוין קיין סימן נישטאָ. דו זעסט די שטולן...

זיי האָבן געדינט דעם פאַראיין פון וואַרשעווער ליטעראַטן און זשורנאַליסטן, זיי האָבן געדינט אַלע קלענערע און גרעסערע אַקטיאָרן פון יידישן טעאַטער, וועלכע זענען געווען אונזערע שטענדיקע געסט, אַלע מאָלער און מוזיקער, אַלע געסט, וואָס זענען געקומען צו אונז פון די אַמע-ריקעס. אַ גרויס פאַרגעניגן איז דאָס געווען צו דערלאַנגען אַ שטול דער מאַמען פון יידישן טעאַטער, אסתר-רחל קאַמינסקאַ. מיט גרויס דרך-ארץ פאַר איר. מען האָט זי גערופן די מאַמע פון יידישן טעאַטער, אָבער איך וויל דאָ זאָגן, אַז מיט דעם זעלבן רעכט האָט מען זי געקאָנט אָנ-

רופן „די מאַמע פון אַלע מאַמעס". זי מיט איר הדרת־פּנים האָט קודם כּל דערמאַנט „מאַמע". נישט „באָבע" און נישט „מומע", נאָר בפירוש מ א מ ע. שווער צו איבערגעבן דעם קאָלאָריט פון איר קול. וואָס האָט צו איר אַזוי געצויגן? האַרציקייט, יידיש־מענטשלעכע באַציאונג צו יעדן איינעם, פרומקייט געקרוינטע און אין דער זעלבער צייט פריי־קייט און פאַרגעבונג צו יעדן איינעם. אָפט קוקן מיר צו אַ גערדיכטן בוים און מיר קאָנען זיך נישט אָפּרייסן פון זיין זאַפטיקער גרינקייט, מיר געניסן פון זיין שאָטן. אַזאַ טייערער בוים, האָט אַזוי פיל פרוכט גע־געבן און איצט באַהאַלטן מיר זיך אונטער זיינע געדיכטע צווייגן...
אסתר־רחלס געבענטשטע לעבן האָט אונז אַזאַ בוים דערמאַנט. אָט רעדט זי אַזוי מונטער־פריינדלעך:

— געקומען צו אייך אַביסל, קינדערלעך!

די „קינדערלעך" זענען געווען די חברים פון ליטעראַטן־פאַראיין און נישט איינער פון זיי האָט שוין אַליין געהאַט אַ גרויען קאָפּ. די „קינדערלעך" זענען געווען די הערשער פון געדרוקטן וואָרט פון יידישן פּוילן, אָבער עס איז געווען אַ מחיה צו פאַרברענגען מיט דער פרוי, וואָס האָט זיך אָוועקגעזעצט אויף אונזערם אַ שטול און גענומען יעדן אויספרעגן, ווי ער לעבט און וואָס ער מאַכט. געווען אַ פריינט פאַר אַלעמען. דאָס האָט יעדער איינער געפילט, געווען אַ שוישפּילערין פון גאָטס גנאָד און געווען עפּעס מער, ווי אַ שוישפּילערין, — אַ געבענטש־טע פרוי. דער נאָמען אסתר־רחל קאַמינסקאַ האָט אין פּוילן געקלונגען, ווי אַ מוזיקאַלישע שורה...

אַ מאָדנע גוטסקייט איז געלעגן אויף איר פּנים, נישט קיין ווייך־צעקראָכענע גוטסקייט פון אַ פלאַפּלערקע אַ יידענע. אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקן, באַדאַרף מען זאָגן, אַז אסתר־־רחל האָט געהאַט אַ שטאָלצע גוטסקייט, וואָס איז געגאַנגען פון אינערלעכע ווירדע און מענטש־לעכקייט.

זי פלעגט קומען צו אונז מיט איר טאָכטער, מיט אידאַ קאַמינסקאַ, מיטן אייניקל... צו אונז פלעגט מען קומען אָפּרוען און פאַרברענ־גען. די יידישע אַקטיאָרן האָבן ביי אונז פאַרנומען אַ סך שטולן. פון טלאָמאַצקע דרייצן, פון אונזער פענסטער, האָבן מיר געזען דעם נומער

צוויי פון לעשנא גאס. דאָרט אויפן דריטן שטאָק איז געווען דער פאַר-
איין פון יידישע אַקטיאָרן. אַ טומלדיקער פאַראיין, מיט אַ סך מיטגלידער,
אָבער דאָס איז זיכער, אַז פיל פון די יידישע אַקטיאָרן זענען מער גע-
זעסן ביי אונז, ווי אין זייער אייגענעם לאָקאַל. ביי אונז איז געווען
הימלעכער, אַ טייערער פונקט געווען, די טלאמאצקע דרייצן. פון איין
זייט די סינאַגאָגע מיט דער באַרימטער טלאמאצקער ביבליאָטעק, פון
דער צווייטער זייט, אויף לעשנאָ „איינס", דאָס יידישע טעאַטער
„צענטראַל", דער אַרטיסטן-פאַראיין אויף לעשנאַ צוויי, אונטן אין אונ-
זער הויז דער גרויסער באַר „מעטראָפּאָל", אַנטקעגן דער רעסטאָראַן
„גערטנער". ליכט, באַוועגונג בייטאָג און ביינאַכט און מיר מיט אונ-
זער בודע, מיט אונזער אָפענער טיר, מיט געסט אריין און אַרויס. ביז דעם
יאָר טויזנט ניין הונדערט דריי און צוואַנציק איז אין וואַרשע געווען „די
ווילנער טרופּע", דאָס שענסטע, וואָס יידיש טעאַטער האָט ווען עס איז
פאַרמאָגט. די גאַנצע טרופּע, אַלע חברים אָן אויסנאַם, זענען אין די
פרייע שעהן געזעסן אויף אונזערע שטולן. דער פאַראיין איז געווען
זייער היים, פונקט ווי עס איז געווען אונזער היים. און אַזוי זיצנדיק
און פאַרברענגענדיק מיט זיי צוזאַמען, האָט מען אָפּט געפּראַוועט טעאַ-
טער פאַר זיך. צו אַלע פאַראָדיעס און קאַלאַמבורן, צו אַלע אַנעקדאָטן
און קליין-שטעטלשע מעשיות האָט קיין סוף נישט גענומען. דער אָנפי-
רער פון די שפּאַסן איז כמעט שטענדיק געווען נאכבוש, דער באַרימטער
משולח אין דער ערשטער אויפפירונג פון „דיבוק". אין פאַראיין, אין
אונזערע פאַרברענגענישן, פלעגט מען לייכט איבערגיין פון ערנסט צו
לייכטזין. דאָס איז דאָך נישט געווען קיין אַקאַדעמיע און אויך נישט קיין
מאָנאַסטיר. דאָס איז געווען אַ פרייע היים: זיי, ווי דו ווילסט.

ווייזט אויס, אַז דאָס ביסל לייכטזין איז געווען אַ נויטווענדיקייט
פון אונזער חברה, ווייל שטענדיק, ווען די בודע פלעגט צוליב אַ געוויסע
סיבה ווערן צו ערנסט, דאַמאָלסט זענען אַ סך שטולן נישט געווען פאַר-
נומען, דער עולם איז דאַן ווייניקער געקומען. די וואָס ריידן אַ גאַנץ לעבן
דורך זייער שרייבן פאַר אַנדערע, האָבן אויך געוואָלט פאַר זיך אַביסל
ריידן און די אַקטיאָרן אונזערע, וואָס שפּילן יעדן אָוונט פאַר אַנדערע,
האָבן אויך געוואָלט פאַר זיך אַביסל שפּילן, דאָס איז אַ פאַרשטענדלעכער

און א באַרעכטיקטער ענאַאיזם. אין שפּאָס און לייכטזין זענען די אַק-טיאָרן ביי אונז געווען א מער נוצלעכער עלעמענט, זיי האָבן געליפערט דעם אמתן מאַטעריאַל. צוערשט האָבן זיי געלאַכט פון אַלעמען, פון די טעאַטער-באַזוכער, פון זיין געשמאַק און דערנאָך האָבן זיי געלאַכט איי-נער פון צווייטן, קאָפּירט מאַרעוואָסקין מיט זיין הייזעריקע שטימע און נאָכגעמאַכט די אינטאָנאַציע פון משה קאַרפּינאָוויטש. משה קאַרפּינאָ-וויטש איז געווען א ווילנער, אַן אימפּרעסאַריאָ. ער האָט גערעדט זייער איינגעהאַלטן און זייער לאַנגזאַם. מען האָט אויף אים געזאָגט, אַז איי-דער ער רעדט ארויס א וואָרט, האַלט ער עס פריער א שעה צייט אין זיין שוואַרצער באָרד. אַז ער איז געקומען אַנגאַזשירן אַן אַקטיאָר, איז צו-גענאַנגען אַזאַ שמועס:

— איר וועעט ביי מיר ספּילן „דעער, וואָס קריגט די פּעטש"...

— וואָס הייסט איך וועל שפּילן? — פרעגט דער אַקטיאָר פאַר-וואונדערט...

— איר וועעט ספּילן און א סוף...

— וואָס הייסט?

— עס הייסט, אַז אויף ביאַליסטאָקער גאַסן הענגען סוין אַפּיסן מיט אייער נאָמען...

— אָן מיין וויסן?

— איר דאַרפט ניסט וויסן, איר דאַרפט ספּילן... דער צוג גייט אָפּ האַלב דריי, די פאָרסטעלונג הויבט זיך אָן האַלב ניין.

און דער אַקטיאָר איז טאַקע געפאָרן און טאַקע געספּילט...

משה קאַרפּינאָוויטש האָט געהאַט זיין משפּחה אין ווילנע. אַהיים פלעגט ער קומען צוויי אָדער דריי מאָל א יאָר. פון זיינע קורצע באַזוכן האָט זיך אָנגעזאַמלט א פולע שטוב מיט קינדער, א סך קינדער. משה קאַרפּינאָוויטש האָט נישט געוווסט וויפיל קינדער ער האָט און ווי זיי הייסן. איינמאָל, ווען ער איז געקומען אַהיים, האָט אים דאָס ווייב אָנגעזאָגט די טרויעריקע בשורה, אַז יאָסעלע איז קראַנק...

— וואָס הייסט? — האָט קאַרפּינאָוויטש געפרעגט אַן איבערראַש-טער — איך פאַרסטיי ניט... מיר האָבן א יאָסעלע אויך?

* * *

די יידישע אַקטיאָרן זענען מייניסטנס געקומען פון קעלער, פון אָרעמ-קייט און פון דער הפקר-גאַס. פיל פון זיי זענען געווען פאַרביסן און בייז אפילו. דער קאַמף פאַר עקזיסטענץ האָט אויסגעאַרבעט ביי פיל פון זיי א פאַרניכטנדיקע גרינגשעצונג צום צווייטן. קעגנזייטיק האָבן זיי זיך אָנגערופן „קאַיאַף". דאָס איז א ספּעציעל אַקטיאָרישער אויסדרוק. „קאַיאַף" באַדייט טאַקע „פאַרביסענער", ניִשט חברישער. מען קאָן גלויבן, אז דאָס צונויפקו-מען זיך מיט אונז, מיט די שרייבער און מאָלער, מיט געזעלשאַפטלעכע טוער, וואָס פלעגן אַריינקומען צו אונז, האָט גוט געווירקט אויף די אַקטיאָרן, אפילו אין זייערע באַציאונגען פון איינעם צום צווייטן. אַביסל חברשאַפט איז דאָך צוגעוואַקסן. אויסער דעם איז צו דער אַקטיאָרישער משפחה אַלץ מער צוגעקומען אינטעליגענץ, אַרטיסטן מיט מער בילדונג און דער טעאַטער-עולם איז אויך געוואָרן אַן אַנדערער, א בעסערער.

נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה האָט דאָס יידישע טעאַטער גוט אָנגעהויבן . . . דאָס יידישע טעאַטער און די גאַנצע יידישע ליטעראַטור האָט שטענדיק גוטע „אָנהויבן" און דערציט קיינמאָל נישט ביזן סוף. פּרץ הירש-ביינס טרופּע איז געווען א טייערער אָנהויב. די לאָדזשער „דראַמאַטישע קונסט" איז אויך געווען א גוטער אָנהויב. דאָס טעאַטער „צענטראַל" אין וואַרשע, די „ווילנער טרופּע". וווּנדערבאַר ליכטיקע אָנהויבן.

און אין דער ליטעראַטור? פּרצס יום-טוב-בלעטער אין וואַרשע און די „ליטעראַרישע מאָנאַטשריפטן" אין ווילנע און צענדליקער, אפילו הונ-דערטער קלענערע און גרעסערע אָנהויבן, וואָס האָבן זיך שנעל געענדיקט. די גאַנצע יידישע קולטור באַשטייט בלויז פון אָנהויבן. איין זאַך איז ביי אונז אין דעם הינזיכט מער ווי אַן אָנהויב: דער ווילן צו שאַפן פאַר יעדן פּרייז און אין אַלע באַדינגונגען. א מאָדנע זאַך מיט אונזער טייערן יידיש. עס גייט כסדר אונטער און מאַכט א לעבן פון אונטערגאַנג . . . יידיש לעבט נאָך אפילו א י צ ט צו לאַנגע גוטע יאָר. עס לעבט נאָך. דער בעס-טער סימן: מען זידלט נאָך אַלץ דיין מאַמע-לשון, ווייל האַרציקע און נשמהדיקע שפּראַך שאַפט מען נישט אָפּ מיט קיין צירקוליאַר און מען שאַפט עס אויך נישט מיט קיין צירקוליאַר.

אין וואַרשעווער ליטעראַטן-פאַראיין האָט מען אַמווייניקסטן דעבאַ-טירט וועגן דער שפּראַכן-פראַגע, דאָס האָט מען איבערגעלאָזן פאַר אַנדערע.

מען האָט אויך נישט דעבאַטירט וועגן דער נאַטירלעכער לופט, מיט וועלכער מען אָטעמט. אברהם רייזין, לייוויק, משה-לייב האַלפּערן, דוד איינהאָרן, איציק מאַנגער, קולבאַק — זיי באַדאַרפן נישט די הסכמה פון קיינעם. פאַר זיי רעדט דער קוואַל, פון וועלכן זיי האָבן געשעפּט, דער קוואַל, פון וועלכן מען וועט אפשר ווייטער שעפּן. כאָטש דער קוואַל איז איצט געוואָרן אַזוי רויט פון אונזער בלוט. אין אַ שריפט וועגן טלאָמאַצקע דרייצן מעג מען זאָגן אַזעלכע עטלעכע ווערטער. זי שטייט פאַר מיר, די געשאָכטענע וועלט אונזערע. מיר האָבן דאָרט אַזוי פיל יאָרן געקוקט דורך אונזערע זיבן פענסטער.

מיר האָבן דורך די פענסטער געזען אַ ליידיקן פּלאַץ מיט אַ הילצערנעם פּאַרקאַן אַרומגעצוימט. מיר האָבן לאַנג געקוקט אויף דעם ליידיקן פּלאַץ, ביז איינעם פון אונז איז איינגעפאַלן אַ געדאַנק. אָפּקויפן דעם פּלאַץ און אויסבויען אַ פאָלקס-הויז אויף פּרצס נאָמען. מען האָט אָנגעהויבן אַרבעטן אין דער ריכטונג. קיין געלט האָבן מיר נישט געהאַט, דאָך עטלעכע יידן האָבן אונז צוגעזאָגט אַ הלוואה. מיר האָבן שוין געהאַט פּלענער, שוין געהאַט אַן אַרכיטעקט און איינצייטיק האָבן מיר געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט די באַזיצערס פון פּלאַץ, דאָס זענען געווען די יורשים פון אַן אַלטן און רייכן אַסימיליאַטאָר רונדשטיין. מען האָט שוין גערדאַרפט גיין צום רעיענט און דעם היפּאָטעקן-אַמט, אָבער דאַמאָלט איז געקומען צו אונז איינער פון די יורשים, אַ פאַרביסענער אַסימיליאַטאָר און געפרעגט, וואָס ווילן מיר טאָן אויף דעם פּלאַץ :

— מיר ווילן בויען אַ פאָלקס-הויז פאַר יידן . . .

— פאַרוואָס עפּעס ? פ אַ ר יי ד ן. וואָס שטרייכט איר אַזוי אונטער ? פ אַ ר יי ד ן . . .

— ווייל די קריסטן בויען פאָלקס-הייזער בלויז פאַר קריסטן . . .

עס האָט גאָרנישט געהאָלפן. מען האָט דעם פּלאַץ נישט געקויפט, ווייל די משפחה רונדשטיין ווינטשט זיך נישט, אַז אויף זייער פּלאַץ זאָל מען בויען אַ יידיש פאָלקס-הויז. מיר האָבן שטענדיק געהאַט פאַר אונזערע אויגן דעם ליידיקן פּלאַץ און פון זיין ליידיקייט האָט אַ שנאה געטראָגן צו אונז . . . און מיר האָבן געדאַנקלעך געשיקט אונזער שנאה און קללה

צו אַלע אַסימילּיאַטאָרן. זיי, די וואָס האָבן זיך געשעמט מיטן אייגענעם פאָלק, זיי האָבן אַ שיין ביסל פּייער צוגעטראָגן צום גרויסן שייטער... איך געדענק אַמאָל אין בערלין, פאַר היטלערס קומען. איך בין געווען אויף קור־פירסטענדאַם אין אַ וואַריעטע־טעאַטער. דער עולם, פאַרשטייט זיך, אַ דייטשישער, געציילטע יידן. אויף דער סצענע אַ שלאַנקער אַקטיאָר. זיין נומער: „מיט וואָס אַלץ האַנדלט אַ ייד?” ער שלעפּט פון קעשענע קעמלעך, שפּילקעס, זייגערלעך, אַקציעס, פאַלשע וואַליוטע, דאַמען־זאָקן, ביוסטן־האַלטערס. דער ייד האַנדלט מיט רפואות, מיט קאָנדענסירטע מילך...

דער דייטשישער עולם, די ביר־בייכער זענען צעזעצט געוואָרן לאַכנדיק.

און צום סוף ציט דער אַקטיאָר אַרויס פון זיין טאַש אַ צלם... אַ צלם אויף אַ שטריקעלע און ער ענדיקט מיט דער פראַזע:

— מיט וואָס אַלץ האַנדלט אַ ייד?

איך מיט מיין באַגלייטער האָבן שנעל פאַרלאָזן אונזערע פּלעצער, מיר זענען אַרויס אויף דער גאַס:

— מיאוס, — האָב איך געזאָגט...

— דו ווייסט אָבער, ווער דער אַקטיאָר איז?

— אַלץ איינס, אַ געמיינער אַקטיאָר...

— ער איז אַ ייד, אַ זון פון אַ באַוווסטן דאָקטאָר און אַ באַוווסטן אַסימילּיאַטאָר.

אויך פון די דאָזיקע אייגענע ווערעם האָבן מיר זיך באַהאַלטן אין אונזער בודע.

געווען זענען פיל טעג, ווען מען האָט געאָטעמט אין איין געזעמל. מען האָט געקאָנט אָפּמעסטן, וואָס מיר פאַרמאָגן און געצווינגן האָט מען יניקה פון דער ליבער אַרומיקייט.

מיר, איינזאַמע יידישע שריפטשטעלער, אַקטיאָרן און מאָלער. מיר האָבן זיך געמוזט האַלטן צוזאַמען. מיר האָבן נישט געהאַט קיין רעגירונג, וואָס זאָל אונז שטיצן אין אונזער אַנטוויקלונג, נישט געהאַט קיין סובסידיעס. די רייכע יידישע אינטעליגענץ האָט געשטיצט דאָס פּוילישע טעאַטער, דעם פּוילישן שרייבער און מאָלער. די אָרעמע יידישע אינטעליגענץ איז געווען מיט אונז, אָבער קיין מאַטעריעלע הילף האָבן מיר דאָך פון איר

נישט נעקאָנט דערוואַרטן. אויסלאַכערס און גרינגשעצערס מיט די ביליק-סטע אַרגומענטן האָבן מיר שטענדיק געהאַט און דאָך האָט זיך אונז נישט איינמאָל איינגעגעבן צו איבעררײַשן די ערנסטע קעגנער אונזערע. מען האָט זיי נישט איינמאָל געהאַלטן אין אַ יידישן טעאַטער שעהן לאַנג. זיי זענען געזעסן מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם און אויסגעהערט. לאַכן האָבן זיי געמוזט און ווײַנען האָבן זיי געמוזט פון די יידישע פּשוטע ווערטער, געפאַנגען זענען זיי געווען.

יידיש טעאַטער, אָנהויבנדיק פון דעם פּורים-שפּיל און ענדיקן מיט בראָדערזאַנס „אַראַראַט". אַלץ איז דאָס געווען מיט האַרציקייט און טרייסט פאַר דעם יידישן עולם, וואָס האָט קיינמאָל אין לעבן נישט געלעקט קיין האָניק. אָבער זיס איז זיי געווען גאָלדפאַדן, טייער און זיס. ער האָט דורות פאַרוויגט צום רואיקן שלאָף: „שלאָף זשע, יידעניו, שלאָף". זיס איז אפילו געווען „דאָס פּינטעלע ייד. און אַלע נאַאיווע אָפּערעטקעס, אַלץ, וואָס האָט אמאָל געגעבן אַביסל פרייד אונזערע מאַסן, זאָל געהייליקט זיין, דאָס יידיש טעאַטער איז קיינמאָל נישט געווען קיין שונד-טעאַטער, גיכער איז דאָס געווען אַן עמך-טעאַטער, אַ טרייסט-טעאַטער, אַ מאָראַל-טעאַטער. פון זיך אַליין אַ געבויטער, פון פרעמדע און אייגענע אויסגעלאַכט, האָט ער זיך דאָך אַליין דערשלאָגן צו זיין אַ קוואַל פון נחת פאַר אונזערע געהויקערטע געסלעך. אפשר איז דאָס בעסער געווען, וואָס אונזערע גרויסע פאָלקס-אַק-טיאָרן זענען נישט געווען אַרומגעשליפן, ווען פאַרקערט, וואָלטן זיי גע-לאָפן צו פרעמדע. שפּעטער, ווען דער יידישער



א. מאָרעװוסקי
(צייכענונג פון
פ. פרידמאַן)

אינטעליגענט האָט דערפילטדעם טייערן טעם צו זיין און בלייבן מיטן פאָלק, דאַמאָלט איז שוין אויך דער אַרומגעשליפענער אַקטיאָר פאַר-בליבן אויף דער יידישער סצענע, דאַמאָלט זע-ען מיר שוין ביי אונז זיגמונט טורקאָוו, אברהם מאָרעווסקין. דאַמאָלט איז שוין מעגלעך געווען אַוועקצושטעלן ביי אונז די גרעסטע, אָבער אויך איינציייטיק, די שווערסטע קאָמעדיע פון דער וועלט, ווי דאָס איז גאָגאָלס „רעווי-זאָר", און טאַקע זיגמונט טורקאָוו האָט עס



זיגמונט טורקאָוו
אלס מישקאַ
ציגאַניאַק
(שאַרזש־ צייכענונג)

רעזשיסירט און אליין האָט ער געשפּילט די שווערע ראָל פון כלעסטאַקאָוון: מען האָט אויך אָפּגעשאַצט מיט גרויס ליבע זיין „מישקאַ ציגאַניאַק" אין „די זיבן געהאַנגע־נע" פון אנדרעיעוון.

יעדע נייע אויפפירונג, יעדע בעסערע אויפ-פירונג איז ממש מיט צוואַנגען ארויסגעריסן גע-וואָרן פון אונזער עלנט און אָרעמקייט. עס איז געגנוג זיך צו דערמאָנען, אין וועלכע געביידעס די יידישע טרופּעס האָבן געשפּילט. קאַמינסקיס טעאַטער אויף אָבאָזשנע גאַס איז געווען א טויבער שפּייכלער אָן אקוסטיק. דאָס „צענטראַל-טעאַטער" איז געווען ענג און נידעריק. „על-דאָראַדאָ" אויף סמאַטשע גאַס האָט דערמאַנט א צירק אין א קליין שטעטל און „סקאַלאַ־טעאַ-טער" אויף דער דזשעלנאַ גאַס איז געווען איין סכנה. ווען דאָרטן ברעכט אויס א שׂרפה, בלייבט קיינער נישט ביים לעבן. אָבער דער טויזנט-קעפּיקער יידישער עולם האָט געשטראָמט אין טעאַטער אריין, ער האָט געוואָלט הערן. שטענדיק געווען אין דערוואַרטונג עפּעס צו דערהערן אַזוינס, וואָס זאָל אים געבן כוח צו וואַרטן אויף דעם מאָרגן. דער ייד אין פּוילן האָט שטענדיק געוואַרט אויף א גוטער בשׂורה, ווייל די שלעכטע בשׂורות האָט ער שוין געהאַט גענוג. ער האָט געוואַרט, אַז זיין צייטונג זאָל אים דאָס גוטע אָנזאָגן. מיט אונזערע צייטונגען האָט דער ייד געאָטעמט, ער האָט זיי פון דער האַנט נישט ארויסגעלאָזט. די גאַנצע האָ-פענונג האָט ער ארויפגעלייגט אויף זיין צייטונג. ז י י ן רעדאַקציע וועט שוין מאַכן אָרדענונג אויף דער וועלט.

אין ז י י ן רעדאַקציע פלעגט ער אריינקומען, ווי אַן איינגענער. איך געדענק, וואָס מען האָט איינמאָל דערציילט ביי אונזערם א טיש: אין דער יידישער רעדאַקציע „דער רויטער עקספּרעס", וואָס האָט דאַמאָלט דערשיינט אויף די נאַלעווקעס, איז איינמאָל פאַרנאַכט אריינגעלאָפן א

פּאַרסאַפּעטער ייד מיט אַ גרויסן פּאַק סחורה... אַ ייד מיט אַ לאַנגער קאַפּאָטע און מיט אַ גרויסער באָרד. דעם פּאַק זיינעם האָט ער אַוועקגע־לייגט אויף דער פּאַדלאָגע, האָט אָפּגעצויגן דעם אָטעם און קוים אַרויס־געריידט:

— גיט מיר אַביסל וואַסער!

האָט מען געמיינט, אַז דעם ייד איז נישט גוט, אַז באַלד וועט ער חלשן, איז מען געלאָפן און געבראַכט וואַסער. דאַמאָלט האָט דער ייד באַ־גאָסן די שפּיצן פון די פינגער און זיך געשטעלט דאַווענען מנחה און ווען ער האָט געענדיקט דאַווענען מנחה, האָט ער צוריק גענומען דעם פּאַק זיינעם אויף די הענט און געזאָגט:

— איך בין אַ פּולטוסקער און איך לייען אייער צייטונג... זייט מיר געזונט.

* * *

עס דערמאַנען זיך די „ווילנער". די „ווילנער טרופּע" איז געווען דער אויסדרוק פון יידישער קולטורעלער אויפלעבונג. אַזאַ טרופּע האָט שוין באַפרידיקט דעם געשמאַק פון אונזער אינטעליגענץ. דאָך צוליב מאַ־טעריעלע שוועריקייטן זענען זיי געצוווּנגען געווען צו פאָרן קיין אַמעריקע, דאָרט איז פון זיי געוואָרן אַ סוף. דאָס, וואָס אין ווילנע איז פאַרזייט געוואָרן, האָט געבליט אין וואַרשע. פאַר דער טומלדיקער אַמעריקע איז דאָס געווען אַ צו איידעלע פּלאַנצונג. מיט זייער אַוועקפאָרן האָט טלאַמאַצ־קע אַ סך פאַרלאָרן און זיי אַליין אָן וואַרשע און אָן „טלאַמאַצקע דרייצן" האָבן אַלץ פאַרלאָרן. איך האָב זיך מיט זיי געזעגנט אין לאָנדאָן, וווּ איך בין צופעליק געווען, ווען זיי האָבן געמאַכט דעם לעצטן טור אין אייראָפּע. איך געדענק זייער דערפאָלג ביי די יידן פון ענגלאַנד און ביי די ענגלענדער גופא. איך געדענק דעם כבוד, וואָס מען האָט זיי אָפּגעגעבן. איך געדענק אויך דעם לעצטן באַנקעט ביי דאָקטאָר קרופּעני אויף העקני. אַ גאַנצע נאַכט האָט מען געטרונקען און געזונגען. דערנאָך אינדערפרי אויף דעם וואַטערלאָאָ־וואָקזאַל האָט מען זיך געקושט און געזעגנט און פון די פענ־סטער פון דעם וואַגאָן האָבן יידישע אַקטיאָרן געשריגן:

— לאָזט גריסן טלאמאצקע דרייצן! וואָס וועלן מיר טאָן אָן טלא-מאצקע?

געווען איז דאָס אין טויזנט ניין הונדערט דריי און צוואנציק, אינ-גאנצן פינף יאָר נאָך דער מלחמה. די וועלט האָט געלייענט „לע פעי״ פון בארבים, שפּעטער אביסל האָט די וועלט געלייענט רעמארקס: „אויף מערב-פראָנט קיין נייעס״. מלחמה איז פאַרדאמט געוואָרן. שטארק פאַר-דאמט געוואָרן. וואָס פאַר א פּנים און ווערט האָבן היינט די ביכער? ווו און ביי ווועמען האָבן זיי היינט אָן אָפּקלאנג? נאָכדעם ווי צענדליקער מיליאָנען יונגע און שטארקע האָבן ווידער גענומען ביקסן. נאָך די היינ-טיקע טאנקס, נאָך די שלאכט-עראָפּלאנען מיט די טאניקע באָמבעס, נאָך דער אטאָם-באָמבע, נאָך טרעבלינקע און מיידאנעק, נאָך די בערג מיט די סקעלעטן פון מיליאָנען פרידלעכע בירגער. און איצטער מיט די נייע ווילדע פּראָפּאגאנדעס. מען וויל שוין ווידער ימען בלוט און טרערן.

— „גריסט די טלאמאצקע דרייצן!״

היינט איז שוין נישטאָ וועמען צו לאָזן גריסן. אָבער די געשטאלטן פון יענע טעג — די שותפים צו אונזער לייד און פרייד שוועבן פאַר די אויגן. „נעכטן״ טרעט נישט אָפּ, נישט אין וואך זיין און נישט אין שלאף. מיר האָבן מיט זיי פאַרבראכט און געשפּאסט און פלענער געבויט אינ-איינעם פאַר א שיין יידיש לעבן... ווו זענען זיי איצטער: עזרא און עלמית, קאדיסאָן און בולאָוו, נאכבוש, פּאָלא וואלטער, שניאור און בעלא-בעלערינא זענען אין אמעריקע, קאוואלסקי און נעמי זענען דאָרט אין ניו-יאָרק געשטאָרבן. מארעווסקי, נארוויד, קאמען און שטיין זענען אין רוסלאנד, גראסבארד — אין ארגענטינע...

ארלעסקא, גאָלדענבערג און מזא״ה — פאַרברענט פון די דייטשן.

די פעדער מוז עס פאַרצייכענען. יעדע מינוט, יעדע רגע אָן אנדער פּנים פאַר די אויגן פון די פאַרברענטע און דערשטיקטע. בלויז איין ווינקל פון אונזער אומגעקומענער וועלט, בלויז איין בנין... אזא טלאמאצקע דרייצן און דו קאָנסט זיך נישט קיין עצה געבן מיט די פארשוווּנדענע חברים און פריינט... וואָלסט וועלן דעם און יענעם ארומנעמען גע-דאנקלעך, וואָלסט וועלן וועגן יעדן עפּעס זאָגן און עס קלעקט נישט קיין בוחות... אָט אזא פיין געשניצטער פּנים פון דער מרים ארלעסקא. א



י. קאַמען
אין לייוויקס „גולם"
(צייכענונג פון י. ראַטבוים)



מרים ארלעסקא און אסתר גאָלדענבערג
אין שעקספּירס „שיילאָק"
(צייכענונגען פון פעליקס פרידמאַן)

מרים, אָבער ענלעך צו דאַ ווינטשעס „דזשאקאנדא", אביסעלע ענלעך. אַ פרוי מיט אַ סך איידלקייט אין לעבן און אויף דער סצענע מרים אר-לעסקא, און דו מוזט אָנשרייבן דאָס פינסטערע וואָרט:

פארברענט...

צוואנציק יאָר האָט טלאמאצקע דרייצן זיך געהאלטן. הונדערטער באגעגענישן און באקאנטשאפטן זענען דאָרט געמאכט געוואָרן. געווענלעכע באקאנטשאפט און איינגעפונדעוועטע פריינטשאפט. מיט שפּיל-ווערטער און מיט ערנסטע שמועסן. אָט אזוי, ווי עס גייט שטענדיק צו אין אַ גרעסערן געזעמל. מענער האָבן דעבאטירט, פרויען האָבן קאָקעטירט. מוטערס האָבן אָפט געבראכט זייערע קלענערע און גרעסערע קינדער. דיכטער האָבן געבראכט זייערע לידער. מען האָט זיך געוועקסלט מיט ביכער, מיט איינדרוקן, מיט געדאנקען. דאָ האָט מען געמאכט פאר-ווײַלונגען, מען האָט געטאנצט ביזן פארטאָג אריין און אזוי פיל לאָמפּן האָבן העל געלויכטן... דאָ איז געווען לעבן. אונזער לעבן לויט אונ-זערע מעגלעכקייטן. מיר האָבן קיינעם קיין שלעכטס נישט געטאָן און אפילו אין זינען נישט געהאט קיין שלעכטס. אויב עס איז געווען אַ ווילן, איז דאָס געגאנגען אויף דעם וועג פון בעסער און שענער לעבן... איז

## טלאָמאצקע 13

דאמאלט שוין געווען דער פּסק און דאמאלט שוין האָבן מיר געלאַכט און געטאַנצט מיט פאַרמשפּטע, געזעסן מיט זיי ביי אַ טישל און אָפּט אביסל ווייַן געטרונקען, פאַר זייער געזונט געטרונקען. מיט מתים געזעסן, מיט די, וואָס זענען דערנאָך געפאַנגען געוואָרן ווי חיות און פאַרברענט געוואָרן. אונזערע פריינט, אונזערע אומשולדיקע פריינט. איך קוק אריין אין טלאַ־מאצקע און איך זע זיי אין באַזונדער און אין צוזאַמען. איך זע דעם שמייכל פון רוטא קארלינסקא... אַ פאַרברענטער שמייכל.

גאָט מייַנער! פאַרוואָס קאָן מען נישט פאַרברענען דאָס, וואָס מען געדענקט. איך בין נישט אזא פרעסער, איך זאָל קאָנען לעבן מיט דער איצ־טיקער רגע. איך בין שוין צו אלט, איך זאָל זיך בויען אַ צוקונפט. פאַר מיר איז אַלץ אין נעכטן און דער נעכטן איז פאַרברענט. עס זענען אביסל פריינט פאַרבליבן. זענען זיי ווייט, זענען זיי צעזייט און צעשפּרייט. פאַר זיי שרייבט מען דאָס די זכרונות. זאָלן זיי אויך דערמאָנען, זאָלן זיי אויפ־ציטערן פון שרעקלעכן „נישטאָ"...

אָט שוועבט פאַר מייַנע אויגן יאנקל דאַנציגער מיט זייַנע קורצע הענט און קורצע פיס, אַ רונדער, ווי אַ פעסל. אַ קאָפּ אָבער האָט ער גע־האַט אַ פילאָזאָפישן. אַ גרויסן קאָפּ מיט אַ וואַזשנעם שטערן. דער דאָ־זיקער מענטש מיטן פילאָזאָפישן קאָפּ איז געווען אַ קנאַפּער למדן, האָט זיך קוים אונטערגעשריבן. פון וואַנענט ער איז געקומען, האָט קיינער נישט געוווסט. מיר האָבן שוין געהאט מזל אין אונזער פאַראיין צו אַזעלכע פאַרבלאָנדזשעטע. יאנקל דאַנציגער האָט זיך איינגעלעבט ביי אונז און רק ביי אונז. ער איז געווען אימפּרעסאַריאָ, האָט געפירט איבער פּוילישע שטעט זינגער און ארטיסטן, מען האָט אים געזעען אויף אַלע באַנען, אין אַלע שטעט פון גרויס פּוילן. מיט זייַן נידעריקן, רונדן וווקס האָט ער אָפּגעשטעלט מענטשן. מען פלעגט שמייכלען. מען האָט דערציילט, אַז איינמאָל איז ער געקומען צו אַ בייזן קאָמיסאַר בעטן אַ דערלויבעניש אויף אַ קאָנצערט. דער קאָמיסאַר האָט גענומען לאַכן און ער האָט צו־נויפגערופן אַלע באַאמטע און זיי אָנגעזאָגט אַ בשורה:

— פאַנאָוויע, מייַנע הערן! עס וועט זייַן פריילעך, ליליפּוטן קומען צו אונז.

מיט דעם, וואָס ער איז געווען אימפּרעסאריאָ, האָט ער זיך שוין איינגעקויפט ביי אונז אין פאראיין. דאָס האָט דאָך עפּעס אַ שייכות צו קונסט, אָבער נישט מיט דעם אליין, יאנקל דאַנציגער האָט געהאַט אַ קינסטלערישע נשמה אין באַציאונג צו געלט. ער האָט שטענדיק אַ סך פאַרדינט און מאָדנע אומגעלומפּערט, פאַרשווענדעריש און באַהעמיש דאָס געלט אויסגעגעבן. מיט דעם שטריך פון זיין כאַראַקטער איז ער אונז ליב געווען. אונזער חברה האָט שטענדיק פיינט אַ קאַרגן נפש.

יאנקל דאַנציגער האָט זיין גאַנץ לעבן פאַרבראַכט צווישן אַקטיאָרן, זינגער און שרייבער. ער האָט אָן זיי נישט געקענט לעבן. ער איז אָבער מיט פיל פון זיי צוזאַמען געשטאָרבן, צוזאַמען פאַרפּייניקט און פאַרברענט געוואָרן, איך האָב זיין נאָמען געפונען אין דעם צעטל פון די אומגעקומענע קינסטלער אין פוילן. אין צעטל פון פאַרברענטע זשורנאַליסטן און שריפטשטעלער, מאַלער און זינגער איז אויך פאַראַן דער נאָמען: יאנקל דאַנציגער. דער, וואָס האָט זיין נאָמען אין אַזאַ צעטל אַריינגעשטעלט, האָט געטאָן זייער אַ שיינע זאַך. יאנקל דאַנציגער איז געווען פון אונזער משפּחה.

איך ווייס נישט, צי נאָך ערגעץ-ווו איז געווען אַזאַ צוזאַמען פון שריפטשטעלער, אַקטיאָרן, מאַלער און מוזיקער. כמעט אַלץ, וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט פון קינסטלער, האָט זיך קאָנצענטרירט אויף איין אָרט. די אַקטיאָרן פון „צענטראַל-טעאַטער" זענען אויך געווען ביי אונז. דער סאַמבערג, וואָס האָט געגעבן אַזאַ פּרעכטיקן גראָאָדניטשני אין גאָרדינס „רעוויזאָר" און דעם „קאַרגן" און אַזאַ „מאָטקע גנב". אַזאַ אַקטיאָר, ווי לאַנדע מיט אַזוי פיל מאָס אין די שווערסטע ראָלן...

אייזיק סאַמבערג מיט זיין פרוי העלענאַ גאָטליב פאַרברענט פון די דייטשן. ראָזען — פאַרברענט. די אַקטיאָרן פון „אַזאַזעל". די טרופּע פון קליין - קונסט - טעאַטער „אַראַראַט" מיט די צוויי מזיקים דזשיגאַן און שומאַכער. די צוויי זענען ערגעץ פאַרוואַלגערט געוואָרן אין אַ תפיסה אין רוסלאַנד. די צוויי האָבן אין פוילן געמאַכט לאַכן צענדליקער טויזנטער יידן. עס האָט געשפּרודלט ביי זיי פון הומאָר. דער יידישער הומאָר און זעלבסט-חוזק. נישט ווייניק פון זייערע פּראָגראַמען

בּאַ אַ טישל אויף טלאָמאַצקע 13:



יאַנקעלע דאַנציגער, מאַרק טורקאָוו, ז. סעגאַלאָוויטש.

זענען געשאַפן געוואָרן ביי אונזערע טישלעך. כמעט אין שפּאַס איז בינע־
שפּאַס געשאַפן געוואָרן.

איך באַצייכן דאָ נישט קיין דאַטעס. איך האָב פאַר די אויגן צוואַנציק
יאָר, אַ לאָקאַל פון פינף צימערן מיט אַ גרויסן זאַל פאַר פאָרלעזונגען, פינף
הונדערט שטולן מיט דריי הונדערט מיטגלידער פון ליטעראַטן און זשור־
נאַליסטן־פאַראיין, אונזערע ווענט מיט די בילדער. אונזערע געסט, וואָס





א. סאַמבערג און העלענאַ גאָטליב
אין ד. בערגעלסאָנס „דער טויבער"

ש. לאנדוי
אין מאָליערס „קאַרגן"

(צייכענונגען פון פעליקס פרידמאַן)

פלעגן קומען צו אונז ווי צו אייגנס. אונזערע געסט, אונזערע פריינט און
אונזערע מיטגלידער. ביי אַ טיש, ווו דער ליטעראַרישער רעדאַקטאָר פון
„מאָמענט" איז געזעסן, בועז קאַרלינסקי, דאָרט איז געווען געמיט און
פיין־געפיל, דאָרט, ווו זיין פרוי, רוטאַ, איז געזעסן, דאָרט איז געווען
שמייכל. רוטאַ קאַרלינסקאַ מיט איר בלאָנדן קאָפּ, מיטן ליכטיקן פּנים, אַ
קליינע זון אין אונזער וועלטל. זי האָט געשטאַמט פון דער באַוווסטער
פּוילישער - יידישער חסידישער משפחה רובינליכט. איר שוועסטער פראַנקאַ
האָט געמאָלט טאַלאַנטירטע דעקאָראַציעס פאַרן פּוילישן טעאַטער, איר
ברודער פעליקס, אַ באַוווסטער סקולפּטאָר... אַלץ איז דאָס אַוועק אין
ברען־אויוון. און ווו נעמט מען כוח דעם גאַנצן „אַלץ" צו דערמאָנען?

## ז. סעגאלאָוויטש

איך האָב דאָ דערמאָנט אונזערע שטולן, זיי ווערן לעבעדיק די שטולן, ווען מען דערמאָנט זיך, ווער עס איז אויף זיי געזעסן. אונזערע פריינט זענען מאַרטירער געוואָרן. אויף אונזערע שטולן זענען געזעסן מענטשן, וועלכע זענען פאַרפּייניקט געוואָרן אָן ווידערשטאַנד און אויך אַזעלכע, וועלכע האָבן אנטייל גענומען אין דעם הייליקן געטאָ-קאַמף. אויף אונזערס אַ שטול איז געזעסן אַ פּשוטער ייד, אַ שטילער, צוריקגעהאַלטענער. איך מיין דאָ דעם בונדיסט, שמואל זינגלבוים, וועלכער האָט זיין אָפּגעראַטע-וועט לעבן פרייוויליק אוועקגעגעבן מיט דעם איינציקן געדאַנק, אַז דאָס קאָן העלפן זיין פאָלק. דאָס האָט גאָרנישט געהאָלפן און ווען מיר פאַרסמען זיך אין די טויזנטער, וואָלט אויך גאָרנישט געהאָלפן. אין אַ דור, ווען מען ברעכט זיך די קעפּ מיט אַלע דערפינדונגען, ווי צו פאַרסמען די אַנ-דערע, אין אַזאַ דור זעען זיך נישט אָן אַזעלכע קרבנות...

ווען דאָס וואָרט „וועלט" שטעכט אַזוי די נשמה, ווילט זיך באמת אוועקגיין פון דער וועלט און עס איז כמעט ווי אַ רעטונג אין אַזאַ רגע צו דערמאָנען אַלע קליינקייטן פון פאַרברענטן נעכטן, אַלע פריינט און נישט פריינט אפילו. דאַמאָלט, ווען מיר האָבן זיי געהאַט, האָבן מיר אויך די וועלט געהאַט און אַ קאַפּעטשקע גלויבן; אפילו אין די ערגסטע טעג איז געווען אַ טראָפּן גלויבן. איצט, נאָכדעם. ווי מען האָט גענומען אַ מיליאָן קינדער, אַ מיליאָן חלומות און געוואָרפן אין קאַלך-אויוון, אָדער אין סם-אויוון... איצט, ווען איינער רעדט וועגן צוקונפט, זעט ער מיר אויס צו זיין, אָדער אַ משוגענער, אָדער אַ שווינדלער, וואָס האַנדלט מיט צוקונפט. מאַידאַנעק און טרעבלינקע זענען גרענעצן, וואָס מען קאָן אַריבערגיין בלויז מיט פאַלשע פּעסער... צום נייעם שקר און צו נייע מאַידאַנעקס...

פאַר אונז זענען פאַרבליבן הייליקע שאָטנס. נעכטן, אַלץ פון דיר איז טייער, אפילו דער לייכטזין.

מיטאַמאָל דעקט זיך עס אויף אין זכרון אַזאַ טאַנץ-קאַראַהאַד פון אונזערס אַ פּרייטיק, פון אונזערס אַ גוטע שעה, נישט לייכט קומט דאָך אונז אָן צו דערגרייכן אביסל זאָרגלאָזיקייט...

טאַנצט מען, איז מען צופרידן, איז מען לייכטזיניק. אין וועלכן פרייטיק דאָס איז געווען, איז דאָך נישט קיין אונטערשייד. דער טאַנץ-



י. מ. ניימאַן

(צייכענונג פון ת. האַנפּט)

עולם אונזערער פארגרעסערט זיך, היינט איז צוגעקומען י. מ. ניימאן, ער איז אויך אריין אין קאראהאד, אמת איז, אז די פעדער זיינע פירט זיך לייכטער אין זיינע טאלאנטירטע פעליעטאָ-נען. די פיס גייען אביסל שווערלעך, אָבער מיט דער צייט, עס וועט גיין גוט. אהרן איינהאָרן טאנצט אויך. אַ קלוגער געווען און אפשר דערפאר טאקע האָט ער אויך געוואָלט כאפּן א טענצל. מיר האָבן אים גערופן דער גע-לער איינהאָרן. מיר האָבן געהאט עטלעכע גע-לע, יהודה ווארשאוויאק, דער יונגער העברע-אישער שריפטשטעלער, איז געווען א געלער. ער איז שוין נישטאָ. דער פּאָעט אורי צבי גרינ-בערג איז אויך אַ געלער. ביי די געלע דער-מאָנט זיך מיר אויך דער לעבנסלוסטיקער אַק-טיאָר פון דער „הבימה" קליאצקין, ווי ער טאנצט מיט קלארען. ער צעלאָזט זיך אין טאנץ מיט דער גאנצער זאָרגלאָ-זיקייט, ער טאנצט מיט פארנעם און דערלאנגט א פּאַטש מיט דער האנט און טרעפט אריין אין אַ שויב פון אַ שראנק מיט ביכער. די שויב צעשפּרינגט אויף פּיצלעך.

איינער שרייט אויס:

— אָי, די שאפע...

קליאצקין אַליין דערלאנגט מיט שפּאַס אַ געשריי:

— אָי, די האנט.

די האנט זיינע איז פארבלוטיקט, אין פלייש שטעקט א שטיק גלאָז. הערץ גראָסבארט שפּרינגט אונטער און ציט ארויס דאָס שטיק גלאָז פון קליאצקינס האנט. מען ברענגט וואסער, מען מאכט אַ באַנ-דאַזש און קליאצקין טאנצט ווידער מיט אַ באנדאזשירטע האנט.

קליינִיקייטן, אָבער צוליב די קליינִיקייטן דערמאנט זיך די גרויסע ווארשע, דער יידישער ישוב פון פּוילן. דער פרייטיק צונאכטס איז פאר-

בונדן מיט דער גאנצער וואָך און די וואָך איז פארבונדן מיט דריי און א האלבן מיליאָן יידן. מיר שרייבן וועגן זיי, פאר זיי, מיר זענען א טייל פון זיי און אפילו איצט אין טאנצן פליען נישט ווייניק רעפלעקסן אין קאָפּ אריין וועגן אן ארטיקל, וואָס מען דארף אָנשרייבן אויף זונטיק, אָדער אויף מאָנטיק. אינגאנצן פארגעסן זיך קאָן מען נישט און מען וועט זיך נישט פארגעסן. קיין צרות פעלן נישט ביי יידן און זיי ווילן אונז, פען-מענטשן, שוין ניכטער מאכן.



הערץ גראָסבארט

(צייכענונג פון מארק שוואַרץ)

ווען עמען דערמאָנען און וועמען נישט דערמאָנען? הונדערטער און הונדערטער פנימער, געשטאלטן, פיגורן. שרייבער, מאלער, אקטיאָרן, פון צוואנציק יאָר באַגעגענישן אין אזא לאָקאל, ווי אויף טלאמאצקע דרייצן.

אונזערע פארלעגערס, זיי זענען אויך צו אונז געקומען. גיטלין און לידסקי, וואָס זענען געשטאָרבן פאַרן קריג, שימין, קאפלאן — פארברענט פון די דייטשן. סרעברעק איז דאָ אין תל-אביב געשטאָרבן. מיר האָבן אויך געהאט פארלעגער מעצענאטן. דער ערשטער פון זיי באָרים קלעצקין, א רייכער און א גרויסער ערד-באזיצער. דער קלעצקין האָט אָנגעהויבן מיט די „ליטערארישע מאָנאטשריפטן" אין 1906 אין ווילנע. ער האָט עס דעם שענסטן יידישן זשורנאל געשטיצט מיט זיין געלט. שפעטער איז געגרינדעט געוואָרן דער גרויסער קלעצקין-פארלאג. קלעצקין האָט קיינמאָל נישט געטראכט צו פארדינען פון זיינע אויסגאבן און ער האָט א שיין ביסל פון זיין מאיאָנטעק געפטרט פאר יידישע ביכער. דאָס זעלבע חיים בזשאָזע. א גאס מיט הייזער האָט זיין משפחה געהאט אין לאָמזשע, האָט מען די הייזער פארקויפט און דאָס געלט געשטאָפּט אין פארלאג. ביי יעדן הויז, וואָס מען האָט פארקויפט, האָט די משפחה געוויינט און ביי יעדן נייע בוך, וואָס איז דערשינען אין

זיין פארלאג, האָט זיך בזשאָזע געפרייט. יידיש איז געווען זיין עולם-הזה. דער דריטער פון זיי, יוסף יאטשקאָווסקי, איז געווען אַ מאנופאַק-טור־סוחר אויף דער געשע גאס אין ווארשע. האָט ער אָנגעהויבן מיט אַ ביכל, וואָס ער האָט אָפּגעדרוקט צופעליק פאר איינעם אַ נישט פאר-מעגלעכן שרייבער. דערנאָך האָט ער ליקווידירט די מאנופאַקטור און זיך אינגאנצן אָפּגעגעבן דער ליטעראטור. געוואָרן אַ פארלעגער מיט פאר-נעם און מיט פארנעם געפּטרט זיין געלט. די אַלע זענען געווען געסט אין אונזער פאראיין, געווען זענען זיי אין אונזער משפּחה. קלעצקין איז גע-שטאָרבן אין זיין ווילנע. בזשאָזע און יאטשקאָווסקי — אוועק אין אַש צוזאמען מיט זייערע פארלאגן, מיט די ביכער, מאטריצן און מיט אַ סך מאנוסקריפּטן, וועלכע וועלן שוין די וועלט נישט זען.

6

# דריי...

שלום אש, ווייסענבערג און נאָמבערג. די דריי האָבן זיך צוגלייך באַוויזן ביי פּרצן אין שטוב. מיט זיי זענען געווען נאָך. געווען איז דער הארציקער אברהם רייזין. געקומען זענען אביסל שפּעטער יואל מאַסט-בוים, שלמה גילבערט, אַלטער קאַציזנע, קאַווע, מנחם, יהושע פּערלע און נאָך אַנדערע. וואָס איז דאַמאָלט געווען פאַר זיי פּרצס שטוב? דער אָנהויב פון שפּעטערדיקן וואַרשעווער ליטעראַטן-פאַריין. דער ערשטער אַדרעס פאַרן יידישן שרייבער: צעגלאַנע גאַס נומער איינס איז געווען דער אַדרעס.

יונגע, אָנפאַנגער זענען פון דער פּראָווינץ געפאָרן קיין וואַרשע. אַזוי שלום אַש פון קוטנע, הערש דוד נאָמבערג פון אַמשינאָוו און אי-טשע מאיר ווייסענבערג פון זשעלעכאָוו. זיי האָבן געזוכט מבינות. י. ל. פּרץ האָט זיי דאָס געגעבן, אַפילו מער. ווי מבינות. ער האָט זיי גע-געבן אָנווייזונג. אַש און ווייסענבערג זענען געקומען פון שטעטל מיט דעם שטעטלשן באַגאַזש, מיט דעם „קוילער-געסל", מיט אַ „מעשה מיט אַ ציג", דער איינציקער נאָמבערג האָט פון שטעטל קנאַפּ וואָס גע-בראַכט. ער האָט זיך גלייך גענומען צו זיין „פליגעלמאַן", צום שטאָטישן אינטעליגענט, וואָס איז פול מיט ספקות, מיט ניהיליזם.

צו יענער צייט האָט נאָך אין פּוילן געהערשט די צאַרישע, די רו-סישע אָקופּאַציע. אין פּוילן זענען אָנגעפאָרן אַ סך רוסישע יידן, צווישן

זיי אַ סך אַסימילירטע, האַלבע-אַסימילירטע, זיי האָבן געבראַכט די רוסישע שפּראַך, זיי האָבן געבראַכט פּושקינען און טאָלסטאָיען און פּוילן אַליין איז אויך געווען נישט אָרעם אין ליטעראַרישע גאונים. פּוילן מיט מיצ-קיעוויטש און סלאַוואַצקין, מיט קראַשינסקין, פּוילן מיט שענקעוויטש, פּרוס, זשעראָמסקי און רעימאַנט. די יידישע אַסימילאַציע איז דאַמאָלט געווען שטאַרק געווען, פון יידישן נאַציאָנאַלן גוף האָבן געריסן שטיקער סיי די רוסן און סיי די פּאָליאַקן און מיט אַמאָל קומען יידישע שרייבער. עס איז



שלום אַש

(צייכענונג פון פ. פרידמאַן)



י. מ. ווייסבערג

(קאָפּיע פון אַ בילד)



ה. ד. נאָמבערג

(צייכענונג פון פ. פרידמאַן)

שוין פאַראַן אַ פּרץ, אַ שטאַרקער אַנזאַגער, אַ שטאָלצער ייד מיט אַ טיפער נשמה, מיט ליבע צו שיינקייט און דער עיקר: מיט ליבע צו יידישע שיינ-קייט. עס קומען שרייבער, זיכערע אין זיך, פאַרליבטע אין יידישקייט, אין שפּראַך און מנהג, זיי באַדאַרפן נישט דורך פאַרגרעסער-גלעזער אַריינקוקן אין דער יידישער נשמה, זיי זענען אַליין יידישע נשמה. זיי זענען שותּפים צו דער ווייסל, ווייל הונדערטער יאָרן שווענקט דער טייך די ברעגן, ווו יידישע ישובים זענען אָנגעפּיקט, ווייל דאָ לעבט אַ גרויסע עדה יידן, וועל-כע דאַווענען באַזונדער, זיי האָבן חתונה באַזונדער און זיי באַגראָבן זייע-רע געשטאָרבענע אויף באַזונדערע בית-עולמס.

האָבן זיך אָנגעזאַמלט מעשיות און לעגענדעס ביי די יידן, איז צו

קליין געוואָרן דער שטעטלשער פנקס, דאָס אַלץ צו נאָטירן, איז געקומען דער שרייבער דער יידישער, דער שרייבער, וואָס נעמט אַביסעלע טיפער די ענינים פון פאָלק און יחיד. דער קינסטלער איז געקומען אויף דער יידי-שער גאַס, אים איז ווייניק אָנגעגאַנגען, וואָס די פרעמדע אַנערקענען נישט זיין שפּראַך און זיין קונסט, ער האָט זיך נישט צוגעהערט צו די אייגענע, וואָס האָבן געצויגן צו פרעמדס, ער איז געגאַנגען צו כּרצן, דער יונגער יידישער שרייבער, און איין גוט וואָרט פון יצחק לייבוש האָט געהאַט מער וואָג, ווי די אַלע בייסיקע און בייזוויליקע אויסלאַכער...

אַזוי נאָמבערג, אַזוי ווייסענבערג און שלום אש...

אָבער שלום אש האָט גלייך פון פּרצס שטוב, גלייך נאָך דעם ערשטן דערפאָלג זיינעם ביים יידישן לעזער, גענומען זוכן אַ וועג צו די קריסטן. ער איז געפאָרן קיין קראָקאָוו צו זשעראָמסקין, געפאָרן מיט זיין „משיחס צייטן" קיין פּעטערבורג, צו דער באַרימטער רוסישער אַקטריסע קאָמיסאַר-זשעווסקאַ, געפאָרן צו ריינהאַרטן מיט זיין „גאָט פון נקמה", אָט אַזוי אַ גאַנץ לעבן, ביז ער איז דערפאָרן צום קריסטלעכן גאָט. דאָס איז נישט קיין פאַרברעכן צו לויפן און זוכן דערפאָלג ביי פרעמדע, אָבער עס איז אויך אַ שיינע זאַך צו בלייבן מיט אייגענע און טיילן זיך מיט די, וואָס האָבן דיר אַלץ געגעבן. פון אַזאַ אַוועקלויפעניש האָט קיינמאָל נישט גע-טראַכט נאָמבערג און ווייסענבערג אַוודאי נישט. זיי זענען פאַרבליבן אין וואַרשע און געצויגן יניקה פון זייער יידישן קוואַל — פאַר דעם יידישן קוואַל. אַש איז שוין געוואָרן אַן אויסלענדער און בלויז פון צייט צו צייט אַראָפּגעקומען קיין פּוילן אַנזאַפּן יידיש לופט און אָנזאַמלען טעמעס יידישע, אַזעלכע טעמעס, וועלכע זאָלן אויך נושא חן זיין ביי די גויים.

מען קאָן נישט זאָגן, אַז שלום אש האָט פיינט באַקומען די יידן, אויף דעם איז ער צופיל קינסטלער און אויף דעם האָט ער צופיל נשמה, אָבער אין אַ נשמה זענען אָפּט פאַראַן מאָדנע ניואַנסן און אין אַשס נשמה איז פאַראַן אַ ניואַנס, וואָס מען קאָן אים אָנרופן: „געיעג אויף גויים". ער האָט אַראָפּגעריסן די צירונג פון שטעטל, די טייערסטע פּערל אָנגע-זאַמלט פון אונזערע טייערע ישובים. ער האָט אין שטעטל געפונען הארץ, נשמה און חן און האָט עס אונז באַוויזן, ווי אַ קינסטלער קאָן עס באַ-

ווייזן. איז ער געגאַנגען מיט די פּערל צו די פרעמדע, האָבן זיי זיך נישט פאַרשטאַנען אויף דעם, אָדער זיי האָבן זיך נישט געוואָלט פאַרשטיין אויף דער אינטימער נשמה פון אַ געלייטערט פאָלק, איז אַש דאַמאַלט געקומען צו זיי מיט זיין „גאָט פון נקמה", מיט אַ פּאַסקוויל אויף זיין אייגענעם פאָלק און אין צענטער פון אייראָפּע, אין בערלין, ביי ריינהאַרטן, געוויזן „יידישקייט". מיר האָבן אַלע דאַמאַלט אויסגעשפּיגן אויף אַזאַ יידישקייט. אָבער אַש האָט זיינס דערגרייכט: מען האָט אים געשפּילט אויף דייטש און טאַקע אין „בערלינער טאַגעבלאַט" און אין נאָך נישט-יידישע צייטונגען האָט מען וועגן אים געשריבן.

די דייטשישע אַנטיסעמיטן האָבן זיך דאַמאָלט פּשוט געפרייט פון אַזאַ „גאָט" און פון אַזאַ „נקמה", אָבער דער יידישער שרייבער שלום אַש האָט זיך אויך געפרייט, וואָס די גויים באַשעפטיקן זיך מיט אים. וואָס פאַר אַ פּנים האָט עס,ווען וועגן אים שרייבט באַגייסטערט דער אייגענער בעל-מחשבות? ... אַלפרעד קער איז וויכטיקער. און עס איז וויכטיקער צו לעבן אין אויסלאַנד, אַביסעלע נענטער צו די נישט-יידישע רעדאַקציעס און צו די גרויסע וועלט-פאַרלאַגן און אַרויסגעבן ביכער און נישט אַרויסשטעלן, פון וועלכער שפּראַך די ביכער זענען איבערגעזעצט געוואָרן. „יידיש" איז ביי אים פאַרשווינגן געוואָרן. אַ קנעכטישער פאַרשווייגן. יידיש איז אים קיינמאָל נישט טייער געווען, ער איז געלאָפן פון אייגענעם קוואַל, כאָטש דער קוואַל איז אין אים אַליין. און היינט מיט זיינע אַלע רעקלאַמעס און מיט זיינע אַלע באַרימקייטן פאַרמאָגט ער נישט מער, ווי דאָס, מיט וואָס ער איז געקומען צו פּרצן. ער פאַרמאָגט די פּערל, וואָס ער האָט צונויפגעזאַמלט אין די שטעטלעך אונזערע און צי ער וויל יאָ, צי ער וויל נישט, ער וועט פון דעם דאָזיקן פאַרמעגן קיינמאָל נישט פּטור ווערן, ווייל בלויז מיט דעם פאַרמעגן איז ער שלום אַש, דער קינסטלער, דער פּאָעט פון אונזער געשאַכטענער וועלט.

זיינע נאָוועלן פון שטעטל.

איך געדענק אין סוף פון אַכצנטן יאָר. איך בין פון קיעוו געפאָרן קיין מאָסקווע מיט דעם פּלאַן זיך צו דערשלאָגן צו ווילנע און פון ווילנע אַנטלויפן קיין וואַרשע. איך בין געפאָרן אין אַ פערד-וואַגאָן מיט קראַנקע

אויף טיפוס. געווען אַפּילו איין טויטער אין וואַגאָן. די פרוי פון דעם פאַרשטאָרבענעם האָט אים נישט געלאָזט ארויסוואַרפן. איך האָב זיך קוים דערשלעפּט קיין מאָסקווע, דורכגעפאָרן בין איך דורך אַן אמתן גיהנום. אומעטום בלוט, מאָרד, רויב און געוואַלט. אין מאָסקווע בין איך געקומען צו מיין פריינט פייוול שאפּירא. היינט איז ער אין תל-אביב. אַ זעלטענער ייד, וואָס האָט אַ מיליאָנען פאַרמעגן געפּטרט פאַר אַנדערע. איך האָב באַדאַרפט איבערנעכטיקן ביי דעם שאפּיראָן, נאָר איך האָב גלייך געמאָלדן, אַז איך בין געפאָרן מיט טיפוס - קראַנקע און עס איז אַ סכנה מיך אריינ-צולאָזן.

האָט ער מיך אריינגעלאָזט אָ־ן אַן איזאָלירטן נישט באַהייצטן צימער. אויב אויף דער גאַס איז דאַמאָלט געווען פינף און צוואַנציק גראַד פראָסט, איז אין שאפּיראס צימער געווען פופציק. אזא קעלט איז נישט צו באַשרייבן. גליווער און אָפּשטאַרבונג, אַן אייז-קעלער, אַן אייז־געלעגער. איך האָב גע־האַט אַ פערענע, איז די פערענע געוואָען געפרוירן, די קישן — געפרוירן, די לופט — געפרוירן, דער לאָמפּ האָט געברענט און באַלויכטן דעם פראָסט אין צימער. איך האָב געטראַכט, אַז אויב שוין דערפראָרן ווערן, איז דאָס אין דער ליכטיקייט. איך האָב געטראַכט פון דעם שווערן וועג, וואָס איך האָב געהאַט, פון די מערדערייען, וואָס איך האָב געזעען אין וועג, פון די צרות, צו וועלכע איך האָב זיך צוגעקוקט. איך האָב געטראַכט: צו וואָס לעבט מען?

מיין בעט איז געשטאַנען לעם אַ וואַנט, אין דער זעלבער וואַנט איז געווען אַן אָפענער ספרים-שראַנק. איך האָב דערזען אַ פאַליאַנט מיט דעם אויפשריפט „שלום אש". איך האָב עס געלייענט. אש... שטעטלשע גע-שיכטעס. איך האָב עס געלייענט מיט מסירת־נפש, ווייל יעדעס מאָל, ווען איך האָב באַדאַרפט איבערמישן אַ זייטל, האָט דער פראָסט געסמאַליעט מיין האַנט. אין יענער נאַכט האָט מיך געראַטעוועט דאָס שטעטל, שלום אשס שטעטל, דאָס פרידלעכע, דאָס נישט באַוואָפנטע יידישע שטעטל... איך וועל עס נישט פאַרגעסן.

* * *

נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה איז אש געקומען עטלעכע מאָל קיין פוילן. אמאָל אויף עטלעכע וואָכן, אמאָל אויף עטלעכע חדשים. דער קוטנער איז געוואָרן א ניו-יאָרקער, צי א פאַריזשער. שטענדיק אויסגע-פוצט, שטענדיק א זאַטער — זאָל דאָס אים וויל באַקומען. דער קלוגער נאָמבערג האָט אים נישט מקנא געווען. איטשע מאיר ווייסענבערג האָט שטענדיק געהאַט א חשד אויף יעדערן, וואָס האָט געלעבט בעסער פאַר אים. האָט ער אויך אויף שלום אַשן געוואָרפן דעם חשד, אַז יענער שווינדלט מיט זיין שרייבן. איינמאָל האָט ער׳אים פאַר חברים אין די אויגן געפרעגט:

— זאָג מיר שלום!

— וואָס זאָל איך דיר זאָגן?

— ווי אַזוי מאַכסטו דאָס דעם טאַראַראַם אַרום זיך, מיט אַלע ריינ-האַרטס און מיט די פאַרלעגערס דיינע? ביסטו א מזיק, קריכסט וואונדער-באַר אויף אַלע פיר.

אש איז א בייזער אַוועקגעגאַנגען.

אויב אש איז געווען דער מאָלער פון שטעטל, איז ווייסענבערג גע-ווען דער סקולפּטאָר. א טאַלענט פון גראַניט. ער איז פאַרבליבן שטיין אין מיטן וועג. גורם זענען דערצו געווען פאַרשידענע נעגאַטיווע באַדינגונגען. שלום אש און ווייסענבערג האָבן דאָך ביידע געענדיקט די זעלבע קליינשטעט-לשע אוניווערסיטעטן. פאַרוואָס איז איינער אַוועק אַזוי ווייט און דער צווייטער איז פאַרבליבן אויף איין אָרט? ביידע האָבן זיך געקאָנט פאַרגלייכן מיט טאַלענט, נאָר נישט מיט מזל. געשפּילט האָבן דאָ אויך א וויכטיקע ראָל די פרויען זייערע. ווייסענבערג האָט חתונה געהאַט מיט א זשעליכאָווער מיידל, געווען איז זי א טאָכטער פון א שענקער, צו א שוסטער, א מויד א ברען, א יאַטישע טאָכטער. זי האָט ווייסענבערגן מער ווי קריגערייי און אַרומרייסעניש נישט געגעבן און ער, דער מזלדיקער שלום אַש, האָט חתונה געהאַט מיט א טאָכטער פון א וואַרשעווער ייד, אַן עכטער אינטעליגענט, א העברעאישער לערער און אין דער זעלבער צייט איינער פון די בעסטע פּאַלאַניסטן אין לאַנד. שלום אַש איז אַריין אין א יחוס-שטוב. זיין פרוי מאַדזשאַ, אָדער מאַטילדאַ, מיט קלוגשאַפט און שיינ-

קיום. דאָס איז שלום אשס גרעסטער גליק אין זיין לעבן. זי, אַ געבילדעטע, זי, מיט עטלעכע שפּראַכן, מיט דערציאונג, און ער מיט טאַלאַנט, מיט אַ נאַטנעבענטשטן. מיט אַזאַ צוזאַמען קאָן מען גיין אין לעבן.

ווייסענבערג האָט געקעמפט מיט אַשן. האָט אַליין רעדאַגירט אַ זשור־נאַל און זאַמל־ביכער, געזידלט שלום אַשן... און וועמען האָט ווייסענבערג נישט באַקעמפט? מיין ווייניקייט האָט אויך געהאַט אויסצושטיין אַ שיין ביסל פון זיינע בייזע פיילן. איך בין נאָך איצטער צופרידן, וואָס איך האָב אים קיינמאָל נישט געענטפערט, קיינמאָל נישט אָפּגעצאָלט. איך האָב אים פאַרשטאַנען און דאָס איז פאַר מיר גענוג געווען. ווייסענבערג איז געווען צע־שמעטערט פון זיין זעלבסט־געפיל, ווען דער גאָלדענער קוואַל פון זיין שטע־טל האָט זיך אויסגעשעפּט. ער האָט זיך אָבער דערצו נישט מודה געווען און אין זיין מאַכטלאָזיקייט האָט ער גענומען זוכן „פאַרכאַפּערס". דער ערש־טער פאַרכאַפּער איז געווען ביי אים שלום אַש. ער האָט צוגעכאַפּט דעם גאַנצן כבוד פון דער יידישער ליטעראַטור און די גאַנצע פּרנסה פון דער יידישער ליטעראַטור. יעדער איינער, וואָס האָט עפּעס פאַרדינט, איז געווען אַ פאַרכאַפּער און די גרעסטע פאַרכאַפּערס פון דער וועלט זענען ביי אים געווען די „ליטוואַקעס". דער עיקר, זיי האָבן פאַרכאַפּט די שפּראַך, די אויס־לייגעכץ, די פאָנעטיק פון אונזער שפּראַך. ווייסענבערג האָט געהאַט זיין זשע־ליכאָווער שפּראַך און פאַר זיין שפּראַך האָט ער געקעמפט ביז זיין לעצטן טאָג. ער איז געווען אַ פּאַטריאָט, אַ שטאַרקער פּאַטריאָט פון פוילישן יידנ־טום. ד י יידן זענען ביי אים געווען די בעסטע און די שענסטע. ער האָט אויך געהאַט אַ טראַגישע הצלחה נישט צו דערלעבן דעם חורבן, אין וועלכן ז י י נ ע פוילישע יידן זענען צוזאַמען אומגעקומען מיט די „ליטוואַקעס" די „פאַרברעכערס".

אין ליטעראַטן־פאַראיין איז ער געזעסן ביז זיין טויט. ער האָט געהאַט זיין טישל מיט זיינע פריינט. ער איז געווען בייז, נאָר קיינער האָט פאַר זיין בייזקייט נישט מורא געהאַט און איבערהויפּט ביי אונזערע טישלעך, אויף אונזערע שטולן — ווער פאַר וועמען האָט מורא געהאַט? אָט נעמט יאַנקל קורלענדער, אַ יונגער אַקטיאָר, נאָכמאַכן, ווי אַזוי דער אַקטיאָר סאַמבערג

רעדט וועגן שעקספירן און פון אלע טישלעך הערט זיך געלעכטער. ווייסענ־בערג לאַכט אויך, ביי אונז האָט מען געמוזט אביסל לאַכן.

ער איז געזעסן אויף אונזערס אַ שטול און געזידלט די יעניקע, וואָס האָבן דעם שטול פאַר אים אוועקגעשטעלט, ער האָט געזידלט די פאַרוואַל־טונג און אין דער זעלבער צייט האָט אונזער פאַרוואַלטונג געטראַכט, ווי אזוי העלפט מען ווייסענבערגן מיט גרעסערע סומען געלט. כדי ער זאָל פירן אַ בעסער לעבן. מען האָט אים טאַקע פיל געהאָלפן און שטענדיק מיט כבוד, ער זאָל זיך נישט באַליידיקן. ער איז פּסיכאָלאָגיש פאַרבליבן שטעקן אין שטעטל, ווען דאָס שטעטל אליין איז שוין פיל ווייטער אוועק. ער... דער קלוגער, דער מחבר פון „דער טאַטע מיט די בנים", פון „אַ מעשה מיט אַ ציג", פון „שטעטל". ער איז געווען אַ נאַאיווער פּראָווינציאַל פילמאָל. מיט איין ביסעלע געשליפנקייט וואָלט דער „בריליאַנט" אַ וועלט באַלויכטן, אָבער אָן עקשן געווען, נישט געוואָלט אַרויסגיין פון זשעליכאָווער שפּאָן...

ליב געהאַט ביז לעבן האָט דעם פאַראיין נאָמבערג. האָט עס פּאַסירט, אַז מען האָט די „בודע" פאַרמאַכט צוליב רעמאָנט אויף עטלעכע טעג, איז נאָמבערג געווען אָן אַ קאָפּ. אויפגערעגט געווען, קיין פּלאַץ זיך נישט גע־פונען. נאָמבערג, דער קאָפּע - זיצער, דער קאַווע - טרינקער און ביליאַרד־שפּילער האָט אין די לעצטע יאָרן זיינע געפונען אַ פּלאַץ, וואָס איז אים טייערער געווען פאַר אַלץ. ער איז געווען אַ צייט דער פּאָרזיצער פון פאַראיין, האָט געהאָלפן אָרגאַניזירן די פּראָפעסיאָנעלע סעקציע, איז קעמפּע־ריש געווען קעגן די אַרויסגעבער, כאָטש ער איז לעצטנס געוואָרן אַ גרוי־סער פאַרדינער. ער האָט זיך כמעט אינגאַנצן אָפּגערוקט פון ריין-ליטעראַ־רישער אַרבעט. אַ צייט געאַרבעט אין „היינט", שפּעטער אַריבער אין „מאָ־מענט". זיינע הונדערט-שורהדיקע אַרטיקלען האָבן באַפּוצט די צייטונג. קליינע שעדעוורן געשריבן. חכמה און מאָס. נישט אומזיסט האָבן אַלע גע־וואַרט, וואָס נאָמבערג וועט זאָגן וועגן אַ וויכטיקער פראַגע פון געזעל־שאַפטלעכן לעבן. ער האָט גוט געלעבט מיט אַלעמען, מיט די זשורנאַליסטן און מיט די ליטעראַטן, מיט די שאַך-שפּילער און מיט די קאָרטן-שפּילער. נאָמבערג האָט אַלעמען פאַרגונען פון גאַנצן האַרצן. אַ נידעריקער, מיט אויסגעמאַטערטע אויגן, כמעט איבערגעבערענטע אויגן פון רויכערן און פון

שוואַרצע קאַווע. צוויי מעלות האָט דער מענטש פאַרמאָגט: קלוגשאַפט און ערלעכקייט. קלוגשאַפט, וואָס ער האָט אַליין באַצייכנט מיט די שורות פון פּערסישן דיכטער האפעס, וועלכן נאָמבערג האָט אַריינגעבראַכט אין יידיש.

„און גלויב, די גרעסטע זינד
איז מאַטערן דאָס האַרץ"...

ניט מאַטערן דאָס האַרץ... איך ווייס נישט, צי דאָס איז אים געלונגען. דערפאַר איז אים געלונגען צו באהאַלטן זיין האַרץ. איך ווייס נישט, צי עס איז געווען איינער אַזאַ, אַ פריינט, פאַר וועלכן נאָמבערג זאָל זיך אויסריידן אינטים. דאָס האָט ער אויסגעמיטן און פאַר דעם האָט ער מורא געהאַט. אַ האַרץ און אַליץ, וואָס עס טוט זיך אין האַרצן איז מיינס און מער קיינעמס נישט. אויב איך אַליין וועל זיך מיט דעם קיין עצה נישט געבן, וועט מיר שוין קיינער נישט העלפן. דאַכט זיך, אַז אַזוי האָט ער געטראַכט.

ערלעכקייט מיט דעם, וואָס ער האָט קיינעם נישט געחנפעט. נאָמבערג האָט קיינמאָל קיינעם נישט געזאָגט קיין ליגן, וואָס ס'איז אָנבעלאַנגט יענעמס בוך. „גוט" און „שלעכט" איז אָנגערופן געוואָרן מיטן פאַרדינטן נאָמען. געשמאַק האָט ער געהאַט מער ווי אַנדערע און אים אָפּנאַרן האָט מען נישט געקאָנט. באַנאַל זיין איז ביי אים געווען די גרעסטע זינד. ריידן וועגן ליטעראַטור — אדרבה. אָבער צופיל ריידן וועגן דעם, שעהן לאַנג קייען דאָס זעלבע, דאָס האָט אים אַרויסגעבראַכט פון געדולד און ער האָט גלייך געזוכט אַ מיטל, ווי פּטור צו ווערן פון דעם. איינמאָל אין פּאַריזש, אין קאַפע „לאַ ראָטאָנד" זענען מיר געזעסן ביז שפּעט, ביז גאָר שפּעט, עס איז געווען אַש, נאָמבערג, משה נאַדיר, עוזר וואַרשאַווסקי, דוד איינהאָרן, מנחם און דער טונקעלער. ביים קאַפע-טיש איז אָנגעגאַנגען אַן ערנסטער שמועס וועגן ליטעראַטור. דאָס האָט לאַנג געדויערט. דער שמועס האָט זיך שוין געדאַרפט ענדיקן, האָט נאָמבערג פאַרגעלייגט, מען זאָל גיין אַביסל שפּאַצירן. אָבער אויף דעם בולוואַר „ראַספּאַי" איז ווידער אָנגעגאַנגען דער זעלבער געשפּרעך. נאָמבערג האָט שוין געשוויגן, מיט קיין איין וואָרט זיך נישט אָנגערופן, אַזוי אַ לענגערע צייט. איך האָב געפילט, אַז ער איז דענערווירט פון דער ליטעראַטור. פּלוצלינג מאַכט ער עטלעכע טריט אויף דעם ברייטן טראָטואַר און שרייט אויס:

## 13 טלאָמאַצקע

— ווער פון אייך האָט געזען די נייסטע פיגור אין טאַנגאָ?

און ער טאַנצט אוים פאַר אונז די נייסטע פיגור. אים איז געלונגען, ער האָט דעם נודנעם ליטעראַרישן שמועס איבערגעריסן און פאַרענדיקט מיט עפּעס א שפּאַס פון א טאַנגאָ-פיגור. א נידעריקער און אַן אויסגעמאַטערטער, אָבער דרך-ארץ האָט מען פאַר אים געהאַט, ווי פאַר א פיינעם יחסן, כאָטש ער אַליין האָט אבסאָלוט קיינמאָל נישט די יחסנות נישט גע-זוכט. ער האָט שטענדיק געוואָלט זיין מיט מענטשן, לעם מענטשן און דער-פאַר האָט אויך צו אים געצויגן. מיר האָבן צווישן זיך אמאָל גערעדט, אז ווען נאָמבערג וואָלט געווען דער גרעסטער שרייבער אויף דער וועלט, אָדער דער גרעסטער מיליאָנער, וואָלט ער אויך געווען דער זעלבער.

ער איז געפאָרן קיין דרום-אמעריקע, דערנאָך קיין נאָרד-אמעריקע, קיין רוסלאַנד, קיין ארץ-ישראל. דאָך, ווען ער פלעגט קומען צוריק, איז ער געלאָפן אין דער „בודע" און אויסדערציילט, ווי ער האָט געבענקט. געווען א פאַרברענטער חסיד פון „טלאָמאַצקע דרייצן". און אים האָט מען ליב געהאַט, ווי אַן איינענעם מענטש. אַזאַ איינער, וואָס קאָן מיט חברים זיצן ביי א טישל און בטלנען, אַזאַ איז אַן אייגענער מענטש. ער האָט נישט געוואָלט מאַטערן דאָס הארץ און נישט געוואָלט, אז א צווייטער זאָל אים מאַטערן. מיר זענען מיט יאָרן צוריק געזעסן אין שווידער ביי אַלטער קאַ-ציזנען אין דער ווילע. יענער האָט אונז פאַרבעטן אויף א גאַנצן טאָג. גע-ווען איז גוט אונטער די סאָסנאָווע ביימער, מען האָט גערעדט און געשוויגן, געשוויגן און גערעדט און קאַציזנעם פרוי האָט יעדע פאַר מינוט געבראַכט גוטע זאַכן צום פאַרזוכן. מיטאַמאָל פאַלט איין קאַציזנען א נישט געלונ-גענער איינפאַל: ער וועט אונז לייענען פראַגמענטן פון זיין שווערער פּאָע-מע „דער גייסט, דער מלך". גרויסע און לאַנגע פראַגמענטן פון גאָר א שווערער פּאָעמע. איך און נאָך עטלעכע חברים האָבן אָנגעשטעלט די אויערן און געהערט. די כוונה פון אונז איז געווען צו כאַפּן א גוטע שורה, כדי שפּעטער נאָכן לייענען אויסגעפינען א גוט וואָרט פאַר דעם מחבר...
נאָמבערג אָבער האָט זיך אויסגעצויגן אויף דעם גראָז און צוגעמאַכט די אויגן, האָבן מיר געמיינט, אז ער הערט אוים קאַציזנעם שאַפונג מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט, אין דער אמתן איז ער טאַקע איינגעשלאָפן און גאַנץ געשמאַק.

שפּעטער האָבן מיר געפרעגט ביי נאָמבערגן:

— ווי אזוי שלאָפט מען עס איין, ווען א חבר לייענט זיין ווערק?

אויף דעם האָט נאָמבערג געענטפערט:

— נישט איך בין איינגעשלאָפן, נאָר ער האָט מיך פארשלעפערט מיט זיין פּאָעמע. מען דארף עס רעקאָמענדירן די אלע, וואָס ליידן אויף שלאָפלאָזיקייט.

קיין גוטער פריינט איז אים קאציזנע נישט פארבליבן. נאָמבערג מיט זיין איינשלאָפן ביים לייענען „דעם גייסט — דעם מלך" האָט אזוי ווי איבערגעריסן קאציזנעס ליטעראַרישע קאריערע. דאכט זיך א קלייניקייט: א מענטש איז איינגעשלאָפן, אָבער אין לעבן זענען פאראן קלייניקייטן, וועלכע צעשטערן גרויסע ענינים. און דאָ איז נאָמבערג גאָרנישט שולדיק געווען: מען דארף וויסן, ווען צו לייענען פאר א פיינשמעקער. דאמאָלט אונטער די סאָסנעס, מיטן ווינטל האָט זיך זייער געוואָלט אָפּרוען... און מיט אמאָל: א גייסט — א מלך.

איך ווייס נישט, צי דאָס איז א מעלה, צי א חסרון, נאָר נאָמבערג האָט זיך שטענדיק אוועקגערוקט אביסל ווייטער, ווען עס האָט געשמעקט מיט צופיל ליטעראַטור, האָט נישט געוואָלט, מען זאָל אים צופיל פארדרייען דעם קאָפּ, איז קיינמאָל נישט ארויסגעקראָכן אויבן-אָן...

* * *

נישט אזוי איז געווען שלום אַש אין די וואָכן, ווען ער פלעגט פארברענגען אין ווארשע. אַש איז זייער הויך, שלאנק, ער אימפּאָנירט. אַש טראָגט שיינע בגדים, מען זעט אים אָן, נאָר ער וויל שטענדיק, מען זאָל אים מער אָנזען.

נאָר, ווי זאָגט מען אויף יידיש: „נישט ביי מאָטיען", איך מיין דאָ, נישט אין ליטעראַטן־פאראיין, דאָ האָט מען פיינט געהאַט יחסנים און איבערהויפּט די, וואָס שטופּן זיך, ווי יחסנים. קיינער האָט אים נישט באַליידיקט און נישט פארמינדערט זיין ווערט. אַשן האָט מען ליב געהאַט, אַשן דעם שרייבער. זיין פּאָרטרעט איז געהאַנגען אין דער בודע אויבן-אָן און ער האָט ד אָ ך איינמאָל דערפילט, אז מען טיילט אים צו ווייניק

כבוד. ער האָט זיך געבייזערט און געברומט און איינמאָל האָט ער זיך מיט אונז אָפּגערעכנט אויף זיין, קוטנער, שטייגער. איינמאָל, אין אַ זו-מערדיקן נאָכמיטאָג, איז ער אַריינגעקומען אין פאַראיין. געווען דאַמאָלט אין דער בודע ווייניק חברים, געציילטע פון אונז זענען געזעסן אין די זיי-טיקע צימערן...

פיל פון אונז האָבן דאָרט געאַרבעט אין די רואיקע שעהן, נישט איין יידיש בוך איז דאָרט פאַרענדיקט געוואָרן אין די זייטיקע צימערן פון טלאָמאצקע דרייצן, נישט איין בוך איז דאָרט אָנגעהויבן געוואָרן און וועט שוין קיינמאָל נישט פאַרענדיקט ווערן. אַ סך פּלענער זענען דאָרט פאַר-טראַכט געוואָרן, זיי וועלן שוין אויך קיינמאָל נישט פאַרווירקלעכט ווערן. אָבער דאַמאָלט האָט מען נאָך געגלויבט און עס איז געווען פאַר וועמען צו גלויבן.

יאָ, דאַמאָלט אין אַ זומערדיקן טאָג:

אַש איז אַריינגעקומען און נישט אַליין. ער האָט מיטגעבראַכט אַ יינגל, אַ שטיוול-פּוצער. מיט דעם דאָזיקן שטיוול-פּוצער איז ער אַריין אין גרויסן זאַל, אין אונזער בעסטן און שענסטן חדר, דאָרט, וווּ די קונסט-בילדער זענען געהאַנגען, דאָרט, וווּ פּרצס פּאָרטרעט איז געהאַנגען און דאָרט האָט ער זיך געלאָזן פּוצן די שיך...

איז מען אַריינגעלאָפן צו מיר אין אַ זייטיקן צימער:

— גיי זע! וואָס שלום אַש טוט אין זאַל אין גרויסן.

בין איך געגאַנגען און געזען זיין שלעכטע האַנדלונג און אַליין האָב איך אויך שלעכט רעאַגירט. איך האָב געכאַפּט דאָס יינגל מיט זיין פּוץ-קעסטל און אַרויסגעשליידערט פון לאָקאַל און אַש איז פאַרבליבן מיט איין שוך נישט אויסגעפּוצט. צו דעם גרויסן מייסטער פון דער יידישער נאָוועלע האָב איך קיין איין וואָרט נישט אַרויסגערעדט. חברים זענען אויף מיר ברוגז געווען, פאַרוואָס איך האָב אים דאַמאָלט נישט אַרויסגעטריבן. אפשר זע-נען זיי גערעכט געווען.

איך האָב אַשן אַ סך נישט פיינקייטן מוחל געווען, פּערזענלעכע און נישט פּערזענלעכע. איך האָב אים מוחל געווען אויך די געשיכטע מיט דעם שטיוול-פּוצער, אָבער צו זיין פּסיכאָלאָגיע איז עס אַ שטריך, וואָס געדענקט

זיך. דאָס איז פּריציִשקייט פון אַן אויפגעקומענעם, דאָס איז אַן אָנגעבלאָ-
זענע גרויסקייט, וואָס פארקלענערט דעם סוביעקט, וועלכער דערלויבט זיך
אויף אַזעלכע זאַכן. איך קאָן זיך נישט פאָרשטעלען נאָך איינעם אַזאַ פון
אונזער ליטעראַרישער וועלט, וואָס איז פעאיק געווען אויף אַזאַ
„נקמה״...

דער ליטעראַטן-פאַראיין איז נישט געווען קיין בית-תפלה. ווענן פאַר-
שוועכן איז דאָ נישט געגאַנגען, נאָר אַ באַליידיקונג פאַר אונז איז דאָס
געווען. אַש האָט געוואָלט ווייזן, אַז ער לאַכט פון אונז, ער פייפט אויף
אונז. מיר האָבן זיך געראַנגלט, פאַר אונזערע גראָשנס האָבן מיר געבויט
אַ היים, ווו מען קאָן זיך אָפּרוען. מיר האָבן געוואָלט, אַז די, וואָס לעבן מיט
אונזער שפּראַך און די, וואָס לעבן פון אונזער שפּראַך, זאָלן זיך האַלטן ווי
ווייט מעגלעך אינאיינעם. מיט מי און מאַטערניש האָט מען געשאַפן אַ
ווינקל, אַביסעלע סביבה און בעסערע באַציִאונגען צווישן חברים, קומט
איינער און לאַכט עס אויס. אַ יחסן, ווייל ער האָט זיין אויסלאַנד מיט זיינע
פאַרלעגער. ער האָט פון דעם ווייניק געוווּנען. און מיר האָבן ווייניק פאַר-
שפּילט. קיין יחסן איז ער ביי אונז ווייטער נישט געווען.

מיר האָבן גאַנץ באַוווּסטזיניק שטענדיק אָפּגעטיילט אַשן דעם
קינסטלער פון אַשן דעם מענטש און דאָס איז זיין שולד. שוין איז דאָס
און הויך איז דאָס, ווען דיביידע זאַכן גייען צוזאַמען. כאָטש נעמען דעם
נאָענטסטן ביישפּיל: פּרץ. מיר האָבן געהאַט דעם איינדרוק, אַז אַש רעכנט
זיך נישט אַבסאָלוט מיט אונז. ווער זענען מיר דאָס די אַלע, וואָס וואַל-
גערן זיך אין וואַרשע, עפּעס שרייבערלעך. אַנדערש איז ער. ווענן אים
וויים די וועלט און „פאָסישע צייטונג״ און „נייע פרייע פּרעסע״ און נאָך
אַזעלכע צייטונגען. אים האָט שטענדיק געפעלט תמימות פאַר חברים, גע-
פעלט האָט אים אפילו געפיל פאַר זיין אייגענער קוטנע און פאַר אַלע אַנ-
דערע טייערע שטעטלעך, וועלכע ער האָט אַזוי שיין געמאָלט. פּוילן און
פּוילישע יידן זענען ביי אים געוואָרן אַ פאַרענדיקטע קאַנטאַ. — דערפאַר
אַ ווידער-געפיל צו אים. מען האָט נישט ליב אַזאַ אייגענעם, וואָס ווערט
אַ גאַסט .ער האָט געוואָלט, אַז זיין קומען צו אונז זאָל זיין אַן איבער-
ראַשונג, אַ יום-טוב און מיר אָבער האָבן אויך נעמענט וועלן, ער זאָל אונז

זען, ווי מיר ראנגלען זיך אליין, ווי מיר ווילן זיך האלטן מיט ווירדע. ביי אים האט דאמינירט: אש און זיינע ביכער. ביי אונז האט דאמינירט: יידיש ווארט, יידישע ליטעראטור. ער האט געהאט א ווילדע אונטער פאריזש — אין בעלווי. איך בין דארטן געווען ביי אים נישט איינמאל, איך בין געקראכן אויף זיינע ביימער און געריסן קארשן... גאנץ געשמאקע קארשן, אבער איך האב געוווסט, אז מיין ארט איז אין ווארשע אויף טלאמאצקע דרייצן, מיין פלאץ איז אין קאזשימיעזש און אין אלע אנדערע יידישע שטעטלעך. איך וויל ניט אראפקוקן, ווי א יחסן אויף זיי פון איפל־טור. איך וויל זיין מיט זיי, מיט די יידן אונזערע, **איך מוז זיין מיט זיי**. אש האט זיך אבער מיט אלע כוחות איינגעפונדעוועט אין דער פרעמד. דאס איז זיין פריוואטע זאך, דאס איז אמת. קיינער האט אים ניט געשלעפט פאר די פאלעס, ער זאל זיצן אין פוילן, דאך פארוואס האט ער אזוי אויסגערעכנט אריינגעקראכן פוצן די שיך זיינע אין **אונזער** היים?

אויף צומארגנס בין איך געזעסן מיט נאמבערגן ביי א טישל טאקע אין דעם גרויסן זאל. נאמבערג האט זיך נאר וואס דערוווסט די געשיכטע מיטן שטיוול־פוצער. אין דעם קומט אריין אש און גייט צו צו אונז און שטרעקט אויס די האנט צו נאמבערגן. דער קליינער נאמבערג הויבט אויף די אויגן אויף דעם גרויסן אש:

איך גיב דיר נישט די האנט.

—פארוואס? — פרעגט אש.

— ווייל איך וויל מיט דיר נישט ריידן.

אש פרובט שפאסן און פרעגט:

— וואס? איך בין שוין מער קיין יידישער שרייבער נישט?

— ביסט א גרויסער שרייבער, אבער איך וויל אויף דיר נישט קוקן. ניי!

דאס איז געווען א גאנץ היפשער מאמענט. א קליינער שעקספירל וואלט פון דעם געמאכט א נישקשהדיקן טעאטער־בילד. א מחנה סטאטיסטן פון אונזערע שטענדיקע פאראיינס־באזוכער זענען געשטאנען און זיך צוגעקוקט. אויף א שטול איז געזעסן נאמבערג, דער דארער און איינגעצויגע-

נער פריינט אונזערער, נאָמבערג מיטן צעקנייטשטן פּנים, ווי ער וואָלט שוין אַ יאָר נישט געגעסן. ער איז געזעסן, ווי אַ יחסן, אָדער ווי איינער, וואָס זיצט ביי זיך אין דער היים און פילט זיך זיכער. נאָמבערג ביי זיך אין ווארשע... און לעם אים, אַ שטייענדיקער אַ הויכער, אַ זאטער, אַן אויסגעפיינטער שלום אַש... דער, פון דער גרויסער וועלט. נאָמבערג וויל אויף אים נישט קוקן און אַש שטרעקט אויס און שטרעקט ווידער אויס די האנט צו אים:

— הערש דוד! גיב מיר די האנט!

— הערש דוד!

שווייגנדיק האָט מען זיך צוגעקוקט און צוגעהערט. אַלעמען האָט עס שטאַרק הנאה געטאָן, וואָס דער קליינער נאָמבערג האָט אַזאַ גרויסן כוח. ווען אַזאַ חברה-מאַן, ווי דזשיגאַן דער אַקטיאָר וואָלט געווען דערביי, וואָלט ער אויף זיכער געשריגן:

— דערלאַנג אים, נאָמבערג! דערלאַנג אים נאָך.

אַש האָט פּשוט אויסגעבעטלט ביי אים צוריק די חברשאַפט. צוגע-האָלפן האָט אים זיין פרוי מאַטילדע. אַלע האָבן פאַר איר געהאַט דרך-ארץ, נאָמבערג — אויך. אַשן איז שטאַרק געגאַנגען אין נאָמבערגס פריינטשאַפט. דעם קלוגן חבר האָט ער נישט געוואָלט פאַרלירן, דעם חבר פון פּרצס שטוב. אָט דער סענטימענט האָט זיכער דאָ געווירקט אַמשטאַרקסטן. איך האָב זיך צוגעקוקט צו דער סצענע, ווי אַש האָט זיך געבעטן ביי נאָמבערגן די האנט זיינע און איך מוז זאָגן דעם אמת: אַש האָט ביי מיר אין די אויגן גאָרנישט פאַרלאָרן מיט זיין הכנעה... נאָמבערג האָט עס פאַרדינט. אָפּט האָב איך געטראַכט, אַז נאָמבערג האָט דורך קלוגשאַפט דערגרייכט דעם שווערסטן יאוש און פון יאוש איז ער צוריקגעקומען אין אונזערע גאַסן און געסלעך, דאָ האָט ער געזען פאַר זיך די לעצטע רעטונג. עס איז קיינמאָל אין באַטראַכט נישט געקומען, אַז נאָמבערג זאָל ווען עס איז פאַרלאָזן ווארשע מיט די נאַלעווקעס, מיטן „מאָמענט", מיט דעם ליטעראַטן-פאַראיין: דאָ לעבן און דאָ שטאַרבן.

און ווען ער איז געשטאָרבן, האָט מען טאַקע זיין טויטן קערפּער אַריינגעבראַכט אין גרויסן זאַל פון ליטעראַטן-פאַראיין, אַנגעצונדן אַלע

לאָמפּן און די ליכט פּאַרצויגן מיט שוואַרצן קרעפּ. גרויסע וואַקסענע ליכט האָט מען אויך אָנגעצונדן און פיר און צוואַנציק שעה איז געשטאַנען אַרום זיין מיטה אַ כבוד-וואַך פון אונזערע חברים. די שטאָט וואַרשע, די יידישע וואַרשע, האָט דורכגעמאַרשירט אין אונזער זאַל, דעם לעצטן בליק געוואָרפן אויף אַ יידישן שרייבער. דערנאָך אַ גרויסע לויה. אַ גראַנדיעזע לויה. אין אַ נאַסן אָנהויב-ווינטער, ווען שניי האָט געשאָטן און צוגלייך מיטן שניי אַ רעגן, אַ האָגל, אַ פאַרגליווערונג. אַ שווער קאַלטער טאָג און אַזוי פיל יידישע וואַרעמקייט. הערש דוד נאָמבערג צו באַגלייטן זענען אַרויסגעגאַנגען הונדערט טויזנט יידן, פּשעיאַזד, נאַלעווקי און גענשע זענען געווען פאַרשטאָפּט מיט מענטשן, די קראָמען האָט מען צוגעמאַכט און אַמתער טרויער איז געווען... נאָמבערג איז געשטאָרבן. און נאָמבערג האָט דאָך נישט איבערגעלאָזן קיין צו גרויסע ליטעראַרישע ירושה. נישט געווען קיין שרייאיקער געזעלשאַפטלעכער טוער און דאָך אַזאַ לויה. פּשוט: די גאַס די יידישע האָט געפילט זיין ערלעכקייט, די יידישע ברייטערע מאַסע האָט אין אים געזען אַן אייגענעם מענטשן, אַ פריינט און דערצו אַ קלוגער און אַ טאַלענטירטער פריינט. דאָס איז נישט געווען קיין קלייניקייט אין פּוילן צו שרייבן אין אַ יידישער צייטונג דריי מאָל אין וואָך און אויפקלערן, וואָס אַרום אונז קומט פאָר. נאָמבערג איז נישט געווען קיין שוואַכער טרייסטער און נישט קיין ביליקער אָפּשפּאַסער, צו ווירדע און זעלבסטאַכטונג האָט ער געצילט. שעם זיך נישט מיט זיך אַליין, וועט דיך דער צווייטער נישט פאַרשעמען. אין יעדער שורה זיינע איז קודם-כל געווען ווירדע. דאָס האָט נאָמבערג געירשנט פון פּרצן. נאָמבערג, וואָס איז פאַרבליבן אין פּרצס וואַרשע. אים איז אפילו אין זינען קיינמאָל נישט אַריין צו געזעגענען זיך און ערגעץ אַנדערש ווו פאַרקריכן, ווו זיינע יידן געפינען זיך נישט...

* * *

נעשטאָרבן איז ער מיט יאָרן פאַר דער מלחמה. געווען איז ער שוין לאַנג קראַנק, נאָך אין די יונגע יאָרן געהאַט צו טאָן מיט די לונגען, אָבער ער האָט געלאַכט פון דאָקטוירים. איין שוואַרצע קאַווע, האָט ער געזאָגט, איז מער ווערט פאַר אַלע דאָקטוירים. איז ער איינמאָל געזעסן

מיט אונז ביז שפּעט אין דער נאַכט און געטרונקען אַ שוואַרצע קאַווע. געווען עפּעס דאַמאָלט אַן ערנסטער שמועס, אַ געהויבענער שמועס. ווען נאָמבערג איז אַוועק פון אונז, האָבן מיר געהאַט פּאַר אים עטלעכע גוטע ווערטער, און אפשר אַ סך גוטע ווערטער. אין דעם איז ווער אריינגעקו-מען און געזאָגט, אַז אויף די טרעפּ ליגט עפּעס אַ מענטש. זענען מיר אַרויסגעלאָפן און געפונען נאָמבערגן אַ פאַרבלוטיקטן און אַ פאַרחלשטן. אַ בלוט-שטורץ פון האַלדז. אים אַוועקגעפירט אהיים און אין עטלעכע טעג שפּעטער — קיין אָטוואָצק, אין אַ פּענסיאָנאַט. יעדע פּאָר טעג פלעגן חברים צו אים אַרויספאָרן, איך אויך. געווען איז סוף פון האַרבסט און אָנהויב פון ווינטער. שניי מיט רעגן און רעגן מיט שניי און נאָמבערג אַ פאַרשלאָסענער אין אַ פּענסיאָנאַט, וווּ מען האָט אים קיין שוואַרצע קאַווע נישט געוואָלט געבן, ווייל דאָקטוירים האָבן פאַרבאָטן. נאָמבערג אַ נידע-ריקער, אַ דאַרער און אַזאַ קלוגער, מיט אַזוי פיל געשמאַק, מיט אַזוי פיל מבינות און מיטאַמאָל פון אים אַזאַ פּראַזע :

— איז נישט געשריבן, איז אַן שוואַרצע קאַווע, אָבער אַן פּאַראַיין קאָן איך נישט לעבן, איך קאָן נישט. שיקט מיר אַהער וואָס מער חברים. שיקט הערשעלען, זאָל קומען אַלאַ ליליט, זאָל קומען יאַנקל דאַנציגער, ברענגט די טישלעך, די שטולן, די קאַץ . . .

— נאָמבערג ! איר וועט געזונט ווערן און זיין מיט אונז.

פון מיין וואָרט „געזונט ווערן" איז ער בלויז שטיל געוואָרן. ער האָט קיינמאָל נישט דערמאָנט דאָס וואָרט „שטאַרבן". צו לאַנג איז ער שוין געזעסן אין אָטוואָצק צווישן די סאָסנאָווע ביימער, צו לאַנג. די האָפענונג אויף געזונט ווערן איז אַלץ ווייניקער געוואָרן. אין אָטוואָצק איז מען געפאָרן אויף שבת, אויף אַ וואָך, אויף אַ חודש, אָבער נישט מער. דער, וואָס איז דאָרט פאַרבליבן אויף לענגער, דער איז שוין פון דאָרטן נישט אַרויסגעפאָרן.

איינמאָל בין איך אים געקומען באַזוכן אין אָוונט און דאָרט בין איך שוין פאַרבליבן נעכטיקן אין פּענסיאָנאַט. מיר זענען לאַנג געזעסן. נאַכט געווען. ווינט האָט געבויגן די ביימער אַרום דער געביידע. ווינט האָט שטאַרק געבויגן די ביימער, עס האָט זיך געלאָזט הערן, ווי די צווייגן

קלאפּן זיך איינס אָן צווייטן. אזוי, אז עטלעכע מאָל האָבן מיר איבער־געריסן אונזער שמועס און געקוקט צום פענסטער, ווי מיר וואָלטן עפּעס איבערוואַרטן א בייזע געשעעניש, נאָמבערג האָט צו מיר גערעדט זייער גוטע ווערטער, צו מיר פּערזענלעך, וועגן מיר. פאַר מיר איז דאָס געווען אַן איבערראַשונג, ווייל פאַר פינף און צוואַנציק יאָר באַקאַנטשאַפט און פריינטשאַפט האָט ער מיין אַרבעט כמעט איגנאָרירט. קיינמאָל וועגן מיין אַרבעט קיין וואָרט נישט גערעדט, קיין וואָרט נישט געשריבן. און זאָל דאָס גיין, ווער האָט עס פון אים פאַרלאַנגט. זאָל ער האָבן זיין מיינונג און איך — מיין מיינונג. ער איז מיר די אַלע יאָרן געפעלן פאַר זיין קלוגשאַפט, טאָ זאָל איך נישט זיין קיין נאַר אין זיינע אויגן. דאָס אַלץ...

אין יענעם אָוונט האָט נאָמבערג אַרויסגענומען פון א טאַש א פאָ־טאָגראַפיע און ער האָט עס מיר דערלאַנגט צום באַטראַכטן. די פאָטאָ־גראַפיע איז געווען נאָמבערגס בילד אין דער יוגנט מיט א קליין היטעלע און מיט א לאַנגער קאַפּאָטע ביז צו דער ערד. נאָמבערג, שוין דאַמאָלט מיט טיפע קלוגע אויגן:

— דאָס בילד איז געווען ביי מיין זון, איך האָב אים געבעטן, ער זאָל דאָס מיר ברענגען.

און ער האָט זיך פאַרטיפט אין זיין אייגן בילד פון דער יוגנט.

נאָמבערג מיט א פאָטאָגראַפיע אין דער האַנט, דאָס איז נישט געווען אין זיין סטיל... נו, און קראַנק זיין, זיצן אָפּגעזונדערט פון אונז אַלע־מען אין אַן אַטוואַצקער פּענסיאָנאַט, איז יאָ געווען אין זיין סטיל? אָבער וואָס האָט ער אַזוי לאַנג געקוקט אין ז י י ן אַמאָליקער פאָטאָגראַפיע? אין אַזאַ קאַפּאָטע פון יידישער איזאָלירונג! וואָס האָט זיך אים דאַמאָלט דערמאָנט? וואָס האָט ער געשאַצט און איבערגעשאַצט אין יענעם מאָ־מענט? אפשר האָט עס דער ווינט געוווסט. זיין פאָטאָגראַפיע מיט דער לאַנגער קאַפּאָטע, זיין פּנים מיט א יונג בערדל איז פאַרבליבן אין זכרון אויף שטענדיק.

געווען פינף אינדערפרי. עס האָט מיך אויפגעוועקט בערנאַרד זינ־גער, דער זשורנאַליסט. ער האָט נאָר וואָס באַקומען א טעלעפאָן פון אַט־וואַצק, אַז נאָמבערג איז געשטאָרבן. בערנאַרד זינגער האָט געוווינט אין

זעלבן הויז, וואָס איך, אויף נאַוואַליפּיע דריי. האָט ער אָנגעקלאַפּט צו מיר אין טיר, אָנגעזאָגט מיר די טויט-בשורה און איז אַוועק, אַוועק צו זיך, ווי גאָרנישט. איך בין אַראָפּגעלאָפן אויף דער גאַס, געכאַפּט אַ טעקסי און געלאָפן די אכט אין צוואַנציק קילאָמעטער קיין אָטוואָצק. מאָדנע זעט עס אויס, ווען אַ טעקסי לויפט מיט דער גאַנצער שנעלקייט צו אַ גע-שטאָרבענעם חבר.

דער טויט האָט דאָך פאַרענדיקט צווישן אונז אַלע ענינים, טאָ וואָס איז די אייַלעניש און דאָך, ווען דער וואָגן האָט זיך אויף אַ רגע אָפּגע-שטעלט, האָב איך געברענט פון אייַלעניש. די אומגעבונג אַרום, די פעל-דער זענען פיל רואיקער געווען פאַר מיר, זיי זענען שטענדיק רואיק... אפילו נאָך דער גרעסטער שלאַכט, ווען טויזנטער דערהרגעטע וואַלגערן זיך אויף די גראָזן מיט פאַרגלאָצטע אויגן, דאַמאָלט זענען זיי אויך רואיק און אַ ווייסער שמעטערלינג באַוועגט מיט באַשטראַלטן ציטער זיינע זייַדענע פליגעלעך און אַ פויגל זינגט זיך פונאַנדער פון פויגל-פרייד, ווי גאָרנישט... אָ, מענטשלעך טייער לעבן, ווי נישט טייער דו ביסט ביי דער אייביקייט, ווי גלייכגילטיק די נאַטור מיט איר גאַנצער שיינקייט איז צו דיר. איך אַליין... איך האָב זיך אויף אַ רגע פאַרטראַכט, איך האָב אַ קוק געטאָן אויף דעם לאַנגן שאָסיי און מיר איז געפעלן געוואָרן דער לאַנגער פאַס פון מיין וועג, אויף וועלכן איך לויף צו אַ געשטאָרבענעם פריינט, אָבער אויף אַ רגע האָב איך דאָך פאַרגעסן מיין פריינט. איך האָב אפילו מיין אייַלעניש פאַרגעסן און אַ פאָרוווּרף זיך אין דער שטיל געמאַכט.

פרימאָרגן, קאַלטלעך, אָבער ריין די לופט, עטלעכע ביימער נאָך געל, די איבעריקע שוין פוסט... נאָך אַ בלאַט אַראָפּגעפאַלן, אַ מענטש איז געשטאָרבן, אַ קלוגער מענטש. איך בין אַריינגעפאָרן אין אטוואַצק, ווען דאָס וואַלד-שטעטל איז נאָך געשלאָפן, איך בין אריין אין פּענסיאָנאַט, ווען די געסט זענען נאָך געשלאָפן. שטיל, ווי עס וואָלט גאָרנישט געשען, אַלע געסט אין זייערע צימערן, אין די בעטן.

מאָדנע - מאָדנע האָט עס אויסגעזען דער פּענסיאָנאַט מיט די באַ-זונדערע צימערן, מיט די נומערן ביי די טירן, מיט די גרויסע מענער-שיך

און מיט איידעלע דאַמען - שיכלעך ביי די טירן. אַזאַ אידילישע רואיקייט אין לאַנגן קאָרידאָר, וואָס איז געווען מיט בלומען-טעפּ אויסגעשטעלט, מיט עטלעכע טישלעך און שטולן פאַר די געסט אָפּצורוען. בלויז אין איין צימער, אין אַ נומער דריי און צוואַנציק איז שוין אַלץ געווען געענדיקט... איך האָב זיך אַרומגעקוקט: גדליה האָט זיך אַרומגעדרייט אין לאַנגן קאָרידאָר. ער האָט אויפגערוימט. גדליה, אַן עלטערער ייד, האָט שווער געשלעפּט די פיס און פויל געווען פון אַלטקייט...

אָט דער גדליה איז געווען אַ משרת, אַ שווייגער. מען פלעגט אים שיקן פון פּענסיאָנאַט, ער זאָל גיין אַוועקטראָגן אַ בריוו אויף דער פּאָסט, ער זאָל ברענגען אַ צייטונג, אָדער בייטן אַ בוך אין אַטוואָצקער ביבליאָטעק.

— דו וועסט גיין, גדליה, אין אַפּטייק און ברענגען אַ פּראָשעק צום קאָפּ, וועסט באַקומען דערפאַר אַ האַלבע זלאָטע.

אויף דעם זיין רעפּליק:

— דאָס איז ווערט זעכציק גראָשן.

ער האָט זיך נישט געדונגען, נאָר שטענדיק האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז די שליחות איז ווערט נאָך אַ פּאָר גראָשן.

— דו וועסט גיין אויפן וואָקזאַל, גדליה, און קויפן דריי בילעטן אויף דעם צוג, וואָס גייט אָפּ צען אין אָוונט, דו וועסט באַקומען דערפאַר אַ זלאָטי...

און ער רעדט, ווי צו זיך אַליין:

— דאָס איז ווערט אַנדערטהאַלבן זלאָטעס.

שטענדיק די זעלבע פראַזע און שטענדיק האָט ער גענומען וויפיל מען האָט אים געגעבן.

איצטער האָט ער מיר אויף שטום-לשון אָנגעוויזן אויף אַ צימער. איך האָב געעפנט די טיר. אויף אַ בעט איז געלעגן נאָמבערג אַ טויטער, דאָס פּנים אויסגעשמירט אין בלוט. ער איז געשטאָרבן פון אַ בלוט-שטורץ. עס האָט אויסגעזען, ווי דער מלאך-המות וואָלט מיט אים אַ שווערן קאַמף געפירט...

נאָמבערג...

צענדליקער יאָרן נאָענטע פריינטשאַפט. נאָמבערג אין פרצס געזעל-שאַפט, אויף פאָרלעזונגען אין לאָדזש, אויף דיסקוסיעס אין ווארשע. גע-בלאָנדזשעט מיט אים אויף די בולווארן פון פאריזש, אויף די גאַסן פון בערלין. דער פאָרזיצער פון אונזער „בודע" אָדער דער פאָרזיצער פון אונזערע בטלנים, מיט וועלכע ער האָט געקעמפט, מען זאָל אויף אַן אמת נישט ווערן קיין בטלנים - כניאָקעס. מען זאָל שטענדיק זיין אביסעלע קלוג, נאָר נישט איבערקלוג. נאָמבערג, וואָס האָט קיינמאָל קיינעם נישט באַרעדט, קיינמאָל קיינעם נישט מקנא געווען און קיינמאָל קיינעם נישט געחנפעט. דער סקעפּטיקער, וואָס האָט מער אינספּירירט צו גלויבן, ווי פיל אַנדערע פרומאַקעס...

איך בין צוריק אַרויס אין קאָרידאָר. גדליה איז געשטאַנען ביי דער טיר, אָנגעשפּאַרט זיך ביי דער וואַנט און געוואַרט אויף מיר. באַלד וועט זיך אָנהויבן דער טאָג, חברים וועלן קומען פון ווארשע און נאָמבערג ליגט דאָרט אין בלוט אויסגעשמירט. בין איך נענטער צוגעקומען צו גדליהן, אַרויסגענומען האָב איך פון קעשענע צוואַנציק זלאָטעס און דערלאַנגט דעם משרת:

— גדליה! נאַט אייך צוואַנציק זלאָטעס, נעמט אַ האַנטוך און וואַשט אָפּ דעם טויטנס פּנים.

ער האָט צוגענומען דאָס געלט. אַ רגע אָפּגעוואַרט און דערנאָך לאַנג-זאַם אַרויסגערעדט:

— דאָס איז ווערט פינף און צוואַנציק זלאָטעס.

# 7

## נישט פֿאַרגעסענע פּנימער...

אין דער רגע שוועבן פֿאַר מײַנע אויגן צוויי פֿון אונזערע שטאָם-זיצערס: מנחם-מענדל הורוויטש דער קאַרעקטאָר, דער בעסטער קאָרעק-טאָר פֿון יידיש און העברעאיש אויף דער גאַנצער וועלט, אַ מייסטער אין זײַן פֿאַך. דער צווייטער איז דער באַוווסטער מוזיקער און דיריגענט שניאור. צוויי אַלטע בחורים, צוויי אייביקע פֿרײַנט. היטלער האָט זיי צעטיילט. שניאור איז ערגעץ אין רוסלאַנד. מנחם - מענדל הורוויטש איז פֿאַרברענט געוואָרן. שטענדיק זענען זיי געווען צוזאַמען. אין פֿאַראיין האָט יעדערער פֿון די צוויי געטאָן דאָס זײַניקע. מנחם - מענדל הורוויטש האָט צונויפֿ-געקליבן די יידישע צײַטונגען און געזוכט דרוק - פֿעלערן. דאָס איז געווען זײַן סאַטיספֿאַקציע. געפֿינען דרוק - פֿעלערן און שרײַען: סאַר-אַ שלעכטע קאָרעקטור עס האָט די יידישע פּרעסע. שניאור האָט געראויכערט איין פּאַ-פּיראָס נאָכן צווייטן און געטרונקען „באַוואַרקע". דאָס איז וואַסער מיט מילך. אַט אַזוי האָט ער געקאָנט אָפּזיצן אויף איינעם פֿון אונזערע פֿינף הונדערט שטולן פֿינף שעה נאָכאַנאַנד. ער פֿלעגט אָפּט אײַנשלאָפֿן מיטן פּאַפּיראָס אין מויל, דער פּאַפּיראָס פֿלעגט זיך אַליין רויכערן. פּלוצלינג פֿלעגט ער זיך אויפֿכאַפּן, אַ זופּ טאָן אַביסל באַוואַרקע, פֿאַררויכערן אַ פֿרישן פּאַפּיראָס און ווידער שלאָפֿן. וויפֿיל די צוויי אַלטע בחורים זענען אַלט געווען, האָט קיינער נישט געוווסט. מנחם־מענדל הורוויטש איז גע-ווען אַ נידעריקער מיט פֿאַרלאָשענע אויגן מיט אַ הייזעריקן קול און קורצ-

זיכטיק פון די אייביקע קארעקטן. פון זיי ביידן האָט מען זייער ווייניק געוווּסט. פון וואַנען געקומען? וועלכע יוגנט געהאַט? באמת — צוויי ספינקסן. שניאור האָט געהאַט א שווארצן קאָפּ האָר, מיט א טונקעלן פּנים, וואָס האָט שטענדיק קאָנקורירט מיט זיין קראגן, וועלכער איז אַמאָל ווייס געווען. אָבער אויף א קאָנצערט פלעגט ער אָנ־טאָן א ליכטיק ווייסע העמד און פון דעם האָט זיין פּנים נאָך שווארצער אויסגעזען. פאראייניקט האָט די צוויי בחורים איין געדאַנק, א געדאַנק, וואָס איז געווען, ווי א קייט אין זייער פריינטשאַפט. זיי האָבן ביידע געהאַלטן, אַז אויף דער וועלט איז נישטאָ קיין איין ערלעכע און געטרייע פרוי. פון יעדן נייעם פאַרראַט, וואָס זיי האָבן זיך דערוווּסט, איז ביי זיי ביידן צוגעקומען א שטיק נחת:



מ. ע. הורוויטש
(צייכענונג פון
פ. פרידמאַן)

— הא! הורוויטש, וואָס האָב איך דיר געזאָגט...

— וואָס האָסטו געזאָגט?

— איך האָב דיר געזאָגט, אַז דאָס איז א וויסטע וועלט פון אָפּנאַרעריי. די פרוי... זי איז די ערשטע ליגנערין און צוליב איר ווערט אויך דער מאַן א שקרניק. גיב א קוק, אזא שטילינקע מיט א שמייכעלע, אזא גנבטע, גיב א קוק, ווי זי טוליעט זיך צום פרעמדן מאַן, איך האָב דיר געזאָגט, אַז קיין איינע פון זיי טאָר מען נישט גלויבן.

— ניין! שניאור... א י ך האָב געזאָגט...

גאַנצע נעכט זענען זיי ארומגעגאַנגען איבער וואַרשע און אריינגעקוקט אין די אויטאָמאָבילן, צי דאָרט געפינט זיך נישט א זינדיק פּאָרל, זיי זענען געשטאַנען ביי די נאַכט־לאָקאַלן און זיך צוגעקוקט, ווער עס גייט פון דאָרט ארויס און ווער עס גייט אהין אריין, טאָמער וועט מען דער־קאָנען א איינע, וואָס נאַרט אָפּ דעם מאַן.

ביידע זענען זיי געווען רעזיגנירט, אַלט און שווער אין באַוועגונג, אָבער זיי האָבן געוואָלט די רעזיגנאַציע פאַרמאַסקירן, איינוויקלען עס אין

חכמה פון דערפארונג, אָפּלאכן און אויסלאכן די וועלט, מיט אלע פאלשע פארגעניגנס, אבי זיך נישט מודה צו זיין, אז אליין האָט מען עפּעס פאר־שפּעטיקט און דורכגעלאָזט. צוויי כיטרע בערן, וואָס מאכן חוזק פון אלע וועוויארקעס אין וואלד פון לעבן. זיי האָבן זיך זעלטן־גוט צוגעפּאסט אין ריידן, און אין שווייגן. מען האָט זיי געזען שפּעט ביינאכט אויף ווייטע גאסן. איינער לעם צווייטן, איינגעשפּרייזט טריט אין טריט. אין רעגן און אין שניי — שטענדיק לאנגזאם. זיי האָבן צייט, זיי האָבן, וואָס צו באַ־מערקן און וועגן וואָס צו טראכטן, געדאנקען דארפען נישט לויפן.

אזא חברשאַפט, ווי זייערע, האָט מען געמעגט מקנא זיין. בייטאָג זענען זיי געווען צו ביסלעך פארנומען און די נעכט, יענע נעכט, ווען הור־וויטש האָט נישט באדארפט גיין אין רעדאקציע צו דער קאָרעקטור, דאַ־מאָלט זענען זיי ארומגעגאנגען ביז פארטאָג. שניאור, דער מוזיקער, פלעגט כסדר אויסגעפינען פאלשע קלאנגען אין לעבנס־אָרקעסטער און מנחם־מענדל הורוויטש האָט קאָרעגירט די גאנצע וועלט.

עס איז געווען, וואָס צו קאָרעגירן...

די אלע פּאָליטיקער רעדן איינס און טוען עפּעס אנדערש. מנחם־מענדל האָט דאָ געהאט, וואָס צו זאָגן, ער האָט אומעטום געזען בייזוווי־ליקע גרייזן, ביי די פרויען האָט ער שוין געזען צופיל גרייזן און נאָכ־מאכונג, ער האָט פיינט געהאט געפארבטע האָר און געפארבטע ליפּן. אויב געפארבטע ליפּן, זענען אויך די ווערטער געפארבטע מיט דעם בי־ליקן פארב און מיט גרייזן, גרייזן אָן א סוף. אין דער ליטעראַרישער וועלט האָט ער געזען א ים מיט גרייזן:

— אזוי פיל מענטשן קאָנען אָ נ ש ר י י ב ן און אזוי ווייניק קאָ־נען ש ר י י ב ן.

פיינט האָט ער געהאט די קריטיקער, אלע קריטיקער אָן אויסנאַם:

— א קריטיקער איז א מיאוסע פרוי, וואָס קאָן נישט קוקן אויף קיין שיינער.

דאָס בעסטע ביי אים איז געווען: אנטלויפן פון דער מחנה, פון אלעמען. ער מיט שניאורן צוזאמען, זיי האָבן עס דורכגעמאָסטן די וואר־שעווער גאסן ביינאכט, ווי קיינער נישט. די הייזער, די שילדן, די באל־קאנען, אלץ האָבן זיי איינגעזאפּט, איינגעמאלט אין זיך.

וואַרשעווער גאַסן, באַלויכטענע און לײדיקע, אין מיטן דער נאַכט, ײדישע און נישט־ײדישע קוואַרטאַלן. אַרום דעם אײזערנעם פּאַרקאַן פון פאַרשלאָסענעם זאַקסישן גאָרטן. אויף אַ ברײטן בולוואַר, צי אויף אַ שמאָל ײדיש געסל. צופעליקע פאַרבײגײער פלעגן זײער אָפט זען די צװײ געשטאַלטן. בײדע מיט שווערע פּלײצעס, בײדע גענוג אײנגעבויגן, ווי דער וועלטס־שווערקײט וואָלט געלעגן אויף זײ. זײ האָבן שטענדיק גערעדט וועגן וואָס צו שמועסן...

וועגן וואָס? זײערע אײגענע פּערזענלעכע ענינים האָבען זײ גיך אָפּגעפּטרט. איז געבליבן די וועלט. די וועלט, די משוגענע מיט אירע דער־פינדונגען, די וועלט פון שקר און האַס און די וועלט פון מענטשלעכער אײנזאַמקײט. אָבער דאָ האָבן זײ געהאַט זײער נחת. די אַלע מענער, וואָס רעדן זיך אײן, אַז זײ זענען נישט אײנזאַם, די אַלע זענען אָפּגענאַרטע מע־נער, מיאוס אָפּגענאַרט, ביז שאַנד אָפּגענאַרט, ווײל אויף דער דאָזיקער ערד איז נישטאָ קײן אײן טרײַע פרוי, קײן אײנע נישט. דאָס איז זיכער, ווי די נאַכט...

פון זײערס אַ נאַכט־שפּאַציר פלעגט די וועלט ביטער אָפּשנײדן... זײ האָבן זיך אײנער דעם צווײטן גוט אויסגעטײטשט, ווי ווײט אַלץ איז פאַלש און נידערטרעכטיק... שלעכט, אַלץ איז גאַליק־שלעכט און אַלײן באַדאַרף מען אויך זײן שלעכט, אויף קײנעם טאָר מען נישט רחמנות האָבן... און אַהײם פלעגן זײ קומען מיט פולע קעשענעס מיט בײגל... ווײל דאָ און דאָרט האָבן זײ באַגעגנט אַזעלכע עלנדע בײגל־פאַרקויפערס אינמיטן נאַכט, האָבן זײ געקויפט בײ יעדן צו עטלעכע בײגל, פון רחמנות־וועגן געקויפט...

מנחם־מענדל הורוויטש האָט אײנמאָל מיר דערצײלט אַן עפּיזאָד פון זײן אײגענעם לעבן. דער אײנמאָל האָט געדויערט צווײ וואָכן. יעדן טאָג צו עטלעכע שעה האָט ער עס פאַר מיר דערצײלט. מיר פלעגן זיך באַגע־גענען אין באַר „מעטראָפּאָל" און געזעסן זענען מיר בײם לעצטן טישל, כדי קײנער זאָל אונז נישט שטערן. ער האָט גערעדט און איך האָב געשוויגן. ער האָט גערעדט זײער לאַנגזאַם, ווי אַ קאָרעקטאָר האָט ער זײער אַכטונג געגעבן, אַז זײנע פראַזן און ווערטער זאָלן אַרויסקומען אָן גרײזן. איך

בין דאמאָלט קוים פון אים פטור געוואָרן. צוויי וואָכן אויסהערן אַ פאַר-פלאָנטערטע געשיכטע פון אַ מענטשן. אויסהערן אַ געשיכטע אין פאַר-זעצונגען און צום סוף נישט פארשטיין אינגאנצן, וואָס ער האָט דער-ציילט — אויף דעם האָט מען באדארפט האָבן כח.

די געשיכטע האָט זיך אָנגעהויבן ערגעץ אין וואָלין, אין אַ קליינער יידישער שטאָט אין אַ יידישער אכסניה. מנחם-מענדל הורוויטש האָט דאָרט געוווינט אין יענער אכסניה, געלעבט האָט ער פון לערעריי. אויך לידער האָט ער דעמאָלט געשריבן און ביכער אַ סך געלייענט. געווען איז דאָן אַ צייט פון הויכן אידעאליזם, טאָלסטאָי און רוסישע רעוואָלוציאָנערן... מנחם-מענדל הורוויטש האָט זיך זייער אינטערעסירט מיט דער וועלט, כאָטש די וועלט אַליין האָט נישט געוווסט פון זיין עקזיסטענץ. אין דער אכסניה, ווו ער האָט געהאַט אַן אָרעמען צימער, איז געווען אַ מיידל, די טאָכטער פון בעל-האכסניה, אַ מיידל נישט קיין מיאוסע און אויך נישט קיין שיינע. דאָס מיידל איז פארגאַנגען אין טראָגן... מנחם-מענדל האָט פון גאָרנישט געוווסט, ער האָט געגעבן „שטונדן", געלערנט העברעאיש מיט באַלעבאַטישע קינדער און געשריבן לידער. איינמאָל זענען צו אים אריינ-געקומען עטלעכע יידן און אָנגעהויבן ריידן וועגן דער מיידל, וואָס איז פארגאַנגען אין טראָגן:

— ס'איז אַ רחמנות אויף איר, — האָט איין ייד געזאָגט.

— אַ גרויסער רחמנות, — האָט מנחם-מענדל צוגעגעבן.

— מען מוז עפּעס טאָן, כדי צו ראַטעווען די יידישע טאָכטער, — האָט אַ צווייטער ייד געזאָגט.

— אַוודאי מוז מען עפּעס טאָן, — האָט ווידער געזאָגט מנחם-מענדל הורוויטש.

און מיט דער פראַזע זיינער האָט ער זיך געקוילעט אָן אַ מעסער.

פינף יאָר פון זיין לעבן האָט ער זיך אַרומגעשלעפּט איבער פאַר-שידענע שטעט מיט אַ פרעמדער מיידל און מיט אַ פרעמד קינד. צוויי וואָכן האָט ער מיר דערציילט די געשיכטע זיינע און זייער לאַנגזאַם און זייער דייטלעך און דאָך האָב איך נישט פארשטאַנען, ווי אַזוי מען האָט אים איינגעפּלאָנטערט אין אַ געשיכטע אַזאַ. איינס האָב איך געוווסט:

מנחם-מענדל הורוויטש איז אומשולדיק געווען, ווי א טויב, ווי אַ מלאך, ווי אַ גוט פאַרריכטער גרייז פון אן ערשטקלאסיקן קאָרעקטאָר. נאָך עפּעס האָב איך פאַרשטאַנען, ער אַליין איז טאַקע נישט שולדיק, נאָר די צייט, די צייט, ווען די געשיכטע זיינע איז פּאָרגעקומען, איז געווען אַ צייט פון הויכן אידעאַליזם. און צוליב אידעאַליזם נעמט מען אויף זיך אַ קרבן. און איך בין אויך געווען אַ קרבן. צוויי וואָכן האָט עס מיך געקאָסט.

עס האָט שוין איינמאָל געהאַלטן, אַז פון דער חברשאַפט צווישן הורוויטשן און שניאורן זאָל גאָרנישט ווערן. שניאור, דער טאַלענטירטער מוזיקער, האָט ערגעץ אויסגעפונען אַ פּראָסטיטוטקע, אַ מיידל, וואָס איז אַוועק אויף דער גאַס פון אַ חסידיש הויז. שניאור איז אַוועק צו איר'ע קרובים און געזאָגט, אַז ער וויל מיט איר חתונה האָבן. די קרובים פון דער אויסגעלאַסענער האָבן געקוקט אויף אים, ווי אויף אַ משוגענעם. נאָר שניאור האָט עס געמיינט גאַנץ ערנסט. ער האָט געוואָלט ראַטעווען אַ פאַרבלאָנדזשעטע נשמה. ער האָט אָנגעהויבן אַרומגיין מיט דער מיידל. ער האָט זי באַקליידט. ער האָט זי איינמאָל אפילו געבראַכט צו אונז אין בודע און זי איז אויך געזעסן אויף אונזערם אַ שטול. ער האָט זי פאָר-געשטעלט, ווי זיינס אַ כלה. און מיר האָבן זיך געגרייט צו גיין אויף זייער חתונה. איין הורוויטש האָט זיך געבייזערט און איז אינגאַנצן אַנטלאָפן אויף אַ צייט פון פאַראיין. מנחם-מענדל הורוויטש האָט אין שניאורס טאַט געזען דעם לעצטן פאַרראַט. דערנאָך איז זייער פריינטשאַפט ווידער גע-וואָרן פעסט, ווייל דאָס מיידל האָט נישט אויסגעהאַלטן די אָרענטלעכע סביבה און איז ווידער אַוועק אויף דער גאַס...

די דאָזיקע צוויי „טיפּן” האָבן געהאַט ביי אונז זייער ווינקל און זייערע שטולן. מען איז צוגעוווינט געווען צו קוקן אויף זיי און איך ווייס: זיי וואָלטן אונז געפעלט. דער ליטעראַטן־פאַראיין האָט געהאַט א סך צילן, ער האָט געקעמפט און אויסגעקעמפט בעסערע לוינען פאַר זיינע מיטגלידער, ער האָט אויך אַ פאַרלאַג געגרינדעט און אַרויסגעגעבן זאַמל-ביכער און ביכער פון באַזונדערע שרייבער. דער ליטעראַטן-פאַראיין האָט רעפּרעזענטירט די יידישע פּרעסע און ליטעראַטור, ער האָט איינגעאָרדנט פיל וויכטיקע ליטעראַרישע פאָרלעזונגען, ער האָט אָרגאַניזירט אַ גרויסע

אויסשטעלונג „הונדערט יאָר יידישע פּרעסע". אָבער דאָס איז בלויז גע-
ווען אַ נעבן-זאַך. דער עיקר פון זיין עקזיסטענץ איז באַשטאַנען אין דעם,
אַז די טיר פון אונזער לאָקאַל זאָל זיך נישט פאַרמאַכן, די שטולן זאָלן
זיין באַזעצט און אַזעלכע, ווי מנחם-מענדל הורוויטש, זאָלן האָבן אַ פּלאַץ,
וווּ זיך אויסצורײדן.

וועגן מנחם-מענדל הורוויטש ווייס איך נאָך עפּעס צו דערציילן. אין
זיינע יונגע יאָרן האָט ער געשריבן שירים. ער האָט זיי אָנגעזאַמלט אַ סך
און ער מיט די שירים, מיט זיין אַרבעט פון פיל יאָרן, האָט ער זיך גע-
לאָזט פון זיין שטעטל קיין אָדעס, צו ביאַליקן. די לידער זענען ביאַליקן
שטאַרק געפעלן געוואָרן, ביאַליק האָט אַפילו עטלעכע פון זיינע לידער
ערגעץ-וווּ אָפּגעדרוקט, נאָר דעם גאַנצן פּאַק מאַנוסקריפּטן, זיין אַרבעט
פון יאָרן, האָט מנחם-מענדל הורוויטש פאַרלאָרן אויף דעם צוריקוועגס
פון אָדעס. פאַר אים איז דאָס געווען אַ ל ץ און אַ מענטש, וואָס פאַר-
לירט „אַלץ", גייט שוין דערנאָך אַרום צווישן די מענטשן רעזיגנירט און
אָן איבעריקער. אָבער מנחם-מענדל איז דאָך נישט געווען קיין רעזיג-
נירטער. אַ מענטש, וואָס זוכט פעלערן, איז נישט קיין רעזיגנירטער. אין אַ
לייט-אַרטיקל, אין אַ פעליעטאָן, צי אין אַ דערציילונג, אין לעבן און אין
טויט, אומעטום האָט ער געזוכט און געפונען פעלערן...

איך ווייס נישט, ווו אַזאַ שניאור און אַזאַ מנחם-מענדל הורוויטש
וואָלטן אַ פּלאַץ פאַר זיך געפונען, ווען נישט די „בודע". דאָ איז די טיר
געווען שטענדיק אָפן. דאָ זענען געווען אַ סך שטולן מיט טישלעך, מיט אַ
בופעט, ווו מען קאָן באַקומען „באַוואַרקע" אַ גאַנצן טאָג. דאָ האָט מען
געקאָנט צוגיין צו איינעם פון די זיבן פענסטער און אַרויסקוקן אויף דריי
יידישע גאַסן. קוקן אויף די יידן, ווי זיי אײַלן צו זייערע ענינים און צו
זייערע היימען. פאַרטראַכטן זיך און איינגליווערן זיך אין די געדאַנקען,
אין דער גרויער אַלטעגלעכקייט און אפשר חלומען פון אַ יום-טוב, וואָס
וועט קיינמאָל נישט קומען...

* * *

טישלעך און שטולן... די מיטאַרבעטער פון אָרטאָדאָקסישן
„טאַגבלאַט" זענען נישט געווען קיין טאָג-טעגלעכע אַריינקומער אין פאַר-

איין. בלויז אין די טעג, ווען עס זענען פאָרגעקומען וויכטיקע בעראַטונגען וועגן איינטיילן די אַרבעט אין רעדאַקציע, אָדער ביי אַ סכסוך מיט דער אַד-מיניסטראַציע, דאַן זענען זיי געקומען און מען האָט זיי אָנגעזען. מען האָט אָנגעזען אייזיק מאיר עקערמאַן, פיין צוגעקעמט די באָרד און „קורץ" גע-קליידט, אַ קאָנטראַסט צו אים איז געווען מרדכי ראָגאָווי מיט אַ ווילדער באָרד, אַ חסיד מיט ברען, מיט טיפע טונקעלע אויגן, מיט זיי צוזאַמען איז שטענדיק געזעסן וואָלף ליפּסקער. די דאָזיקע דריי זענען אַלע פאַר-ברענט געוואָרן פון די רוצחים. דריי אַנדערע פון זיי משה מאַרק, דוד פלינקער און שמואל ראַטשטיין האָבן זיך געראַטעוועט און געפינען זיך אין תל-אביב. די אַלע זענען צוזאַמען געווען דער שטאַב פון דער אָרטאָדאָקסישער פּרעסע. דוד פלינקער, דער קורץ געקליידטער מיט אַ „קורץ" בערדל, אַ רואיקער און אַן איידעלער, ער איז געווען דער פּאָ-ליטיקער, ער איז געזעסן אין סיים, אין דער זשורנאַליסטן-לאָזשע, שמואל ראַטשטיין מיט דער געדיכטער באָרד און מיט די גוטע פרומע אויגן, ער איז געווען די נשמה פון פאָלקסטימלעכן חסידיזם און משה מאַרק האָט יעדן חודש פאַרקירצט דאָס בערדל און די קאַפּאָטע. עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז דער מענטש וויל נישט אוועקגיין פון חסידיזם, דאָך אין דער זעלבער צייט פאַרשטייט ער, אַז אָן די „וועלטלעכע" קאָן מען אויך נישט לעבן.

איך זע זיי אַלעמען אויף טלאָמאַצקע דרייצן...

געווען איז ביי אונז אין לאָקאַל איינער אַזאַ, וואָס האָט אַבסאָלוט נישט געוווּסט, וואָס דאָס איז בייזקייט. אין מיין פאָרשטעלונג איז דאָס געווען אַ מענטש, וואָס איז ענלעך צו אַ שטילע טויב. פאַר אים האָט גע-לוינט אוועקצושטעלן אַ בעסערן שטול, אַ שטול מיט זייד, צי מיט סאַמעט אויסגעבעט. דאָך, ער אין זיין טיפער באַשיידנקייט וואָלט זיך אויף אַזאַ שטול נישט געזעצט. קלמן קאַמאַשן-מאַכער האָט מען אים גערופן. אונ-טער דעם זעלבן נאָמען פלעגט ער פון צייט צו צייט שרייבן אין דער „פאָלקס-צייטונג". אַ בונדיסט געווען, איך ווייס נישט גענוי, וואָס פאַר אַ פּלאַץ ער האָט פאַרנומען אין דער פּאַרטיי. פאַר מיר איז דאָס קיינמאָל נישט וויכטיק געווען. פון די שמועסן, וואָס איך האָב מיט אים גע-האַט, האָב איך איינס פאַרשטאַנען, אַז ער האָט פאַראייניקט די הייליקע

לוחות מיטן סאָציאַליזם, געגלויבט אין דער דאָזיקער פאַראייניקונג און מיט דעם געאָטעמט. נישט איינמאָל האָב איך וועגן אים געהערט זאָגן דאָס וואָרט: „הייליקער". געהאט האָט ער אַ הויקער, געהאט בלויע אויגן, וועלכע האָבן מיט פּאַרטרויאונג געקוקט אויף יעדן איינעם. געהאַט הצלחה, ער איז געשטאָרבן מיט עטלעכע יאָר פאַר דער מלחמה, זיין געשטאַלט איז ביי מיר פאַרבליבן אין מיין ראָמאַן דעם „וועבערס טאָכטער". די געשטאַלט פון „זשאמע דער הויקער". דאָס איז קלמן „קאַמאַשן־מאַכער", ער האָט מיך צו דעם בוך אינספּירירט.



ק. קאַמאַשנמאַכער

(צייכענונג פון ש. פייגענבוים)

דער יונגער העברעאישער שריפטשטעלער טשודנער האָט געהאט אַ בלאָנדן קאָפּ מיט האָר. ער איז געווען מיט לייב און לעבן „פאַרקאָכט" אין העברעאיש. אָט לויפט ער אריין אין פאַראיין און לויפט באַלד ארויס. בלייבן לענגער פלעגט ער בלויז דאַמאָלט, ווען ער האָט געפּאַקט איינעם, מיט וועלכן מען קאָן זיך אויסשמועסן אין העברעאיש. דער עולם און אפילו זיינע נאָענטע חברים האָבן אים געוואָלט אוועקמאַכן מיט דער האַנט און געוואָלט האָבן זיי עס פּשוט צוליב דעם, ווייל טשודנער האָט זיך געגראַמט מיט „נודנער". קיין אַנדער סיבה איז נישט געווען. אַ שטילער מענטש, אַ פליסיקער, האָט אַ סך נעלערנט, האָט געהאַט זיין ציל און זיין גלויבן... מען דערציילט, אַז אין די טעג פון ערב־טויט איז ער ארומגעלאָפן און געשריגן:

— איך וויל נישט, מען זאָל זאָגן קדיש נאָך מיר, איך וויל נישט קיין הספדים, איך וויל לעבן, איך וויל לעבן. זיין „איך וויל לעבן" איז שוין איצטער טויט, אַזוי ווי עס איז טויט דער „איך וויל לעבן" פון די זעקס מיליאָן פאַרפייניקטע, דערשטיקטע און פאַרברענטע. דאָך, נישט נאָר די תלינים, נאָר די גאַנצע וועלט האָט ניט דערהערט זייער געשריי, פאַראַן אַ סך איידעלע אויערן, פאַראַן מענטשן פון די איידעלע און גאָר איידעלע, זיי קאָנען נעבעך נישט דורכלאָזן קיין איין קאָנצערט און ווען זיי קומען צוריק פון אַ קאָנצערט, חזרן זיי איבער די שטאַרקסטע און די דינסטע

מוזיקאַלישע פּראָזן, זיי קאָנען זיך נישט איינהאַלטן און פאַר פריינט און באַקאַנטע חזרן זיי דאָס איבער:

— ווי טיף עס איז דער טשייקאָווסקי...

— ווי געטלעך און אייביק איז דער מאָצאַרט.

די גרויסע קאָמפּאָזיטאָרן האָבן זייער טיפקייט און אייביקייט גע־שאַפן פאַר מענטשן, פאַר לעבן. האָט מען גענומען דאָס לעבן און פאַר־סמט, טאָג־טעגלעך צו צוואַנציק און צו פופציק טויזנט, איז פאַר וועמען די טיפקייט פון טשייקאָווסקין? הייליקער טשודנער! דיין בלאָנדער מאַר־טירער קאָפּ גייט נישט אַוועק פון מיינע אויגן. דיין געשריי „איך וויל לעבן" איז נישט פאַר די, וואָס זענען סנאָביש־מוזיקאַליש, נישט פאַר די, וואָס האָבן אַביסל גערעכעניש און קאָנען געדענקען עטלעכע קלאַנגען פון אַ מוזיקאַליש ווערק. „איך וויל לעבן" איז פאַר די, וואָס האָבן אויף אַן אמת ושמחה. טאָ זאָל קומען איינער פון זיי מיט הייליקן פייער אין בלוט, מיט דעם כוח פון טויזנט בעטהאָווענס און שאַפן זאָל ער די לעצטע סימפאָניע: „איך וויל לעבן". מיליאָנען, וואָס זיי קומט דאָס לעבן, שרייען אַרויס אַפילו אין זייער שווייגן. די לעצטע סימפאָניע זאָל פאַרהילכן די וועלט, אַז טויב און שטום זאָל זי ווערן.

טישלעך און שטולן... יעדער דראַאינערונג וועגן אַ טיש וועקט אויף און רייסט שטיקער פון צעריסענעם געמיט.

אין די ערשטע יאָרן פון פאַראיין־עקזיסטענץ איז דאָ נאָך אַריינגע־קומען דער אַריסטאָקראַט פון „בונד" וולאַדימיר מעדעם. ער און די פאָלקס־מענטשן בייניש מיכאַליעוויטש און חיים־יאַנקל ליטוואַק. די זע־נען דורכגעגאַנגען די רוסישע תפיסות, געליטן אין סיביר און אונזערע שטולן האָבן זיך אַליין געדאַרפט בעטן ביי זיי, זיי זאָלן זיך זעצן. זיי האָבן כשר פאַרדינט דעם כבוד. זיי זענען געווען מיטגלידער, נאָר זיי האָבן אויך געהאַט רעכט צו זיין ערן־מיטגלידער ביי אונז, ביי יידן און ביי אַלעמען...

און קאַליאַ טעפּער... אַ פייערדיקער רעדנער, אַ געוועזענער בונ־דיסט, אַן אַנאַרכיסט. נישט צו באַגרייפן וויפיל דער מענטש האָט פאַר־שטאַנען און געוווסט, ער האָט גערעדט ביי אונז פאַרן ברייטערן עולם, ער

האָט גערעדט מיט אונז ביי די טישלעך אין היימישן טאָן. געווען איז דאָס א ווינט-מיל מיט קאלירטע ווינט-פליגל. נישט געלעבט האָט קיין פילאָזאָף און דענקער, וועלכן קאליא טעפּער האָט נישט אויסגענוצט צו זיינע אר-גומענטן און דאָס אלץ האָט ער אויף מאָרגן איבערגעדרייט. געווען זענען ביי אים קאָנצעפּציעס וועגן מענטש און וועלט-רעטונג און געווען קאָנ-



א. ליטוואק

(קאָפּיע פון
א צייכענונג)



ב. מיכאלעוויטש

(קאָפּיע פון
א צייכענונג)

צעפּציעס, אז מען דארף גאָרנישט ראטעווען, ווייל אזוי איז געווען און אזוי וועט פארבלייבן. א יאָר צייט איז ער אָפּגעזעסן ביי אונז אויף די שטולן און אריינגעבראכט אויפברויז און דערנאָך איז ער אוועק קיין רוסלאנד און דאָרט, אין דער סאמע רויטקייט האָט ער זיך... אָפּגעשמדט און דערנאָך א נייע קאָנצעפּציע: גענומען און געשטאָרבן...

איך טראכט און דערמאן, איך האָב א סך צו טראכטן, דאָס זענען געדאנקען פון מתים - שטיבל.

מיט די געדאנקען מיינע גיי איך אדורך דעם בלוטיקן טאָל פון די לעצטע יאָרן. מיט די געדאנקען גנבע איך זיך אין „אמאָל". אין אונזערע חדרים פון טלאמאצקע דרייצן. איך דערזע יוסף לעשצינסקין, איך דערזע לייזער לעווין, איך דערזע דאָס געשטאלט פון שכנא זאגאן. איינער איז א בונדיסט, דער צווייטער איז א פועלי-ציוניסט, זאָלן זיי זיך זיין, וואָס זיי ווילן. איך זע זיי זיצן אין זשורנאליסטן און ליטעראטן-פאראיין און עס דאכט זיך, און עס ווילט זיך גלויבן, אז זיי באפרייען זיך אויף אביסל צייט פון זייער פארטייאישן באלאסט. דאָס זאָל זיי ווייל באקומען. דאָס איז א גוטע זאך, זיך צו פילן פריי, פריי אפילו פון דער אייגענער פאר-

טיי. מיר, די אומפּאַרטייאישע, פרייען זיך פון דעם. דאָס איז טאַקע גע־
ווען דער פאַרדינסט פון אונזער פאַראיין, דאָס האָבן געוואָלט זיינע גרינ־
דער: פאַראייניקן די מענטשן פון פאַרשידענע ריכטונגען, כדי צו שאַפן
אַ ליטעראַטור, אַ קולטור, אַן ענין, וואָס געהערט צום גאַנצן פאָלק. שאַפן
אַן פּראָזע, איז מען געגאַנגען דערצו אָן פּראָפּאַגאַנדע, דער פאַראיין איז
געווען יי ד י ש. אָבער יידיש מיט גרויס טאָלעראַנץ. יידיש האָט קיינעם
נישט אויסגעלאַכט. יידיש האָט זיך בלויז קעגנגעשטעלט די אויסלאַכער און
פיל מאָל האָט ער זיי איגנאָרירט אינגאַנצן. דער עיקר: נאָך אַ ליד פון
אַזאַ איציק מאַנגער, נאָך אַ מוזיקאַלישן ווערטער־שפּיל פון ווירטואָז משה
בראָדערזאָן. די ווערטער זענען דאָך ערגעץ גענומען געוואָרען. פון הימל
זענען זיי נישט אַראָפּגעפאַלן. די ווערטער זענען גענומען פון אַ טיפע־
ניש, וואָס הייסט פאָלקס-נשמה. איז דאָך פאַראַן אַ פאָלק, איז דאָך פאַראַן,
פאַר וועמען צו אַרבעטן, איז מען געגאַנגען אין שטראָם מיט מיליאָנען
יידן. האָט מען אַרויסגעגעבן צייטונגען און זשורנאַלן. איז אונטערגעגאַנ־
גען „יונג-יידיש", איז געקומען די „כאַליאַסטרע". גערוישט און געטומלט
אין יידיש. אָבער אָן פּרעטענזיעס און קיינעם נישט אָנגעוואָרפן. קיינעם
נישט גליקלעך און נישט אומגליקלעך געמאַכט. מען האָט אונז ליב געהאַט,
מען האָט אונז געזוכט און גערופן. דאָס האָט אונז צוגעגעבן מוט. נישט
קוקנדיק אויף אַזוי פיל מאַטעריעלע שוועריקייט האָבן מיר געגלויבט און
פלענער געבויט, יאָ געגלויבט און נישט געגלויבט... מען האָט געלעבט.

נאָמבערג, בויז קאַרלינסקי... זיי זענען געווען „שוואַכע" מענטשן
און אַ מאָדנעם כח האָבן זיי געהאַט אין זייער שוואַכקייט, זיי האָבן פאַר־
אייניקט מיט זייער געמיט די סביבה אונזערע, זיי זענען געווען אין דער
פאַרוואַלטונג פון אונזער פאַראיין. אין פאַרוואַלטונג איז אויך געווען שעפּ־
נער, אויך אַ „שוואַכער" מענטש מיט דעם זעלבן כוח פון געמיט. דאָס
זעלבע אויך יוסף העפטמאַן, אַ צייט איז ער געווען פאָרזיצער פון טלאָ־
מאַצקע דרייצן, היינט איז ער דער פאָרזיצער פון די זשורנאַליסטן אין תל־
אביב און דאַכט זיך מיט דער זעלבער „שוואַכקייט", וואָס דאַמאָלט ביי
אונז. ער קעמפט נישט און שטורעמט נישט און דאָך, ער צעמענטירט די
אָרגאַניזאַציע... מיט זיין שוואַכקייט. געבענטשט זאָל זיין אַזאַ שוואַכ־
קייט.

אָבער ווי ווייט איז היינט פון יענעם געמיט און פון יענער צייט. אַלץ איז אַראָפּגעזונקען. די ערד האָט אַ ציטער געטאָן און נאָך דער ערד־ציטערניש איז אויסגעוואַקסן אַ באַרג פון אַש און ביינער... איך ווייס נישט, צי מיר ליגן אונטער דעם באַרג אָדער מיר שטייען אויף אים?



ב. קאַרלינסקי

(צייכענונגען פון משה אַפּעלבוים)

מיר האָבן נישט געוווסט, וואָס פאַר אַ כמאַרע עס גייט אויף דער וועלט, קיינער האָט נישט געוווסט. מיר האָבן געמיינט, אַז שלעכטס האָט אויך אַ גרענעץ, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַלע חכמים האָבן גאָרנישט פאַרשטאַנען. שלעכטס האָט דאָס גרעסטע מויל מיט די ווילד־סטע ציינער און די גאַנצע וועלט שטייט אין סכנה איינגעשלונגען צו ווערן פון מענטשלע־בער שלעכטס. ביז היטלערן האָבן מיר געוווסט פון מענטשלעכער שלעכטס, וואָס פּייניקט, פאַרגינט נישט, באַראַבעוועט און מאַכט פּאָגראָמען מיט שחיטות. אָבער אוועקסמען אַ פאָלק, פאַרמעקן אַ וועלט פון טויזנטיערי־קייט... וואָס פאַר אַ ווערט האָט דאַמאָלט ליטעראַטור און קונסט און וועלכער משוגענער וועט עס קעמפּן פאַר אַזעלכע נאַרישקייטן? צו וואָס באַדאַרף מען דאַמאָלט פּרעסע, טאָג־טעגלעכע צייטונגען, וועלכע באַלויכטן דעם טאָג און דערציילן פון דער ליבער גרויסער וועלט, פון גאָטס גרויסע וווּנדער און פון מענטשס קליינע וווּנדער? הא... צו וואָס באַדאַרף מען פּרעסע? אויף צו דערציילן, וויפיל טויזנטער קינדער מען האָט פאַרברענט און ווי אַזוי מען האָט זיי פריער אויסגעטאָן די שיכלעך, אויף צו דער־ציילן, וויפיל פרויען מען האָט פאַרברענט און. ווי אַזוי מען האָט זיי פריער אָפּגעשאָרן די האָר, ווייל די האָר קענען אויך צונוץ קומען.

דאַמאָלט, אויף טלאָמאַצקע דרייצן זענען מיר געווען אַ מיליאַרד קי־לאָמעטער ווייט פון אַזאַ אמת... דאַמאָלט זענען געווען קליינע זאַכן, טאָג־טעגלעכקייט האָט דיקטירט צו בויען און שאַפן פאַר גוף און פאַר נשמה. מען איז געווען אין לעבן, אין פאַרזעצונג פון לעבן. מען האָט גע־

גלויבט מיט איינשטעלונג, אז דאָס באַשאַפענע וועט נישט פאַרלאָרן גיין...

אויף טלאמאצקע דרייצן האָט מען זיך אָפּגערוט פון דער אַרבעט, וואָס יעדער איינער האָט געבראַכט אין זיין רעדאַקציע, אָדער אין זיין פאַרלאַג. מען איז געקומען אָנקוקן אַ פריינט און אַמאָל טאַקע אויסהערן אַ גוט וואָרט וועגן אַן איינגעגעבענעם אַרטיקל, אָדער וועגן אַ געלונגען ליד. דאָך כדי נישט צו מאַכן פון אונזער גאַנצן געזעמל קיין גרויס וועזן, האָבן מיר אַליין דעם פאַראיין פון זשורנאַליסטן און ליטעראַטן אַ נאָמען גע־געבן: „בודע". פון קיין בודע באַדאַרף מען קיין סך נישט פאַרלאַנגען, מען דאַרף זיין אַ קאַפּעטשקע חבריש, טאָלעראַנט, נישט קריגעריש און דאָס אַליין איז שוין אַ דערגרייכונג. אין שטראַמיקן לעבן פון יידן מיליאָ־נען האָבן מיר אונזערס געגעבן.

* * *

אָט די קליינע לידלעך, וואָס הערשעלע דאַניעליעוויטש האָט גע־שריבן, ער האָט זיי אויסגעגריבלט אין די יידישע שטעטלעך, אין אָרעמ־קייט. פון קעלער, פון בוידעם־שטיבל. עוזר וואַרשאַווסקיס „שמוגלאַרס", בערלינסקיס נאַוועלן. אָט דאָס, וואָס יידישע מאָטיוון, וואָס ברוינער און שליוווניאַק האָבן אויסגעקלאַפּט אין קופּער — דאָס אַלץ איז דאָך גע־ווען אַזוי נאַטירלעך נויטווענדיק, אַזוי פשוט מענטשלעך. שיפער, באַלאַ־באַן, מתתיהו מיזעס, דער אַלטער ציטראָן, דער יונגער רינגעלבלום... די אַלע האָבן אַריינגעקוקט אין אונזער נעכטן און אין נעכטן קוקט מען אַריין, כדי עס צו פאַראייניקן מיט דעם איצטער, כדי צו פאַרשענערן און צו פאַרפעסטיקן. דער ליטעראַטן-פאַראיין האָט ניט געלייגט קיין זיגל אויף קיינעמס אַרבעט. די בודע איז אָבער געווען אַ ווינקל, וווּ מען האָט זיך וועגן אַ סך זאַכן פאַרשטענדיקט. אָט אַזוי אין חברישקייט האָט מען דעם צווייטן אינספּירירט, דערנענטערט און קלאָר געמאַכט פאַרשידענע ענינים, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צו יידישער וויסנשאַפט און ליטעראַטור. מען האָט דאָרט נישט געקנייטשט דעם שטערן, נישט געגריבלט זיך אין שלחן ערוך, נאָר מיט וואָרט-שפּיל פיל געגומען.

אַלץ, אַלץ, וואָס מיר האָבן געטאָן ביז דעם חורבן. פּרילוצקיס

שפּראַך-פאַרשונגען, די אַרבעט פון „ייווא" און „צישא". אַ סך אַרבעט און אַ סך ביי-אַרבעט. פון גרויסע טעאַטער-זאַכן און גרויסע פּאַרלאַנג-זאַכן ביז עפּיזאָדישע קליי־ניקייטן.

אָבער אַלץ קומט צוניץ אין לעבן, אַפילו ליידיקע שטולן קאָנען אויך וועמען דינען. איך געדענק אַזאַ מאָמענט: איינמאָל האָט מען בייטאָג, נאָכ-מיטאָג, אויסגעשטעלט עטלעכע הונדערט שטולן אין גרויסן זאַל. די שטולן האָט מען אויסגעשטעלט דערפאַר, ווייל אין אָוונט האָט געזאָלט פאָרקו-מען אַ פאָרלעזונג. איך בין צופעליק אַריינגעקומען אין פאָראיין און קיי-נעם נישט געטראָפן. דורך דער אָפענער טיר האָב איך בלויז געזען די רייען שטולן. סימעטריש, ליידיק, אין דערוואַרטונג. האָב איך זיך אַוועקגעזעצט אין ערשטן זאַל אַביסל אָפּרוען. געזעסן אַ צוואַנציק מינוט. נישט געהאַט מיט וועמען צו שמועסן, אַפילו פון בופעט איז קיינער נישט געווען...

פלוצלינג דערהער איך, מען רעדט. אין גרויסן זאַל האָט ווער גערעדט אויפן קול. דאָס איז געווען הערשעלע דאַניליעוויטש. איך האָב זיך אונטערגע-גנבעט, געכאַפּט אַ בליק און זיך צוגעהערט: הערשעלע האָט געהאַלטן אַ רעדע צו די ליידיקע שטולן. ער האָט געוואָלט דערפילן דעם טעם פון אַן אָראַטאָר, ער האָט געמאַכט עקזאַמען, ער, דער נידעריקער, דער אויסגע-פייניקטער פון שטענדיקער נויט... וועמען וואָלט עס ווען איינגעפאַלן צו געבן הערשעלען די מעגלעכקייט אַרויסצוטרעטן עפנטלעך. האָט ער זיך די דאָזיקע מעגלעכקייט אַליין גענומען און די ליידיקע שטולן, די סימעטריש-אויסגעשטעלטע, האָבן אים אויסגעהערט מיט גרויס אויפמערק-זאַמקייט.

הערשעלע דאַניעליעוויטש האָט גערעדט וועגן אָרעמקייט. ער איז גע-שטאַנען אויף אונזער קליינער עסטראַדע און גערדרשנט. די אויגן האָט ער געהאַלטן אַראָפּגעלאָזט צו די שטולן און גערעדט, גערעדט:

— אָרעמקייט איז רייכער פאַר דער רייכקייט, אָרעמקייט איז שע-פעריש. די אָרעמקייט מאָלט שיינע בילדער, כדי צו באַפּוצן דעם דלות, די רייכע קויפן די בילדער, כדי צו פאַרדעקן זייער פוסטקייט. די אָרעמקייט זינגט. אַלע פאָלקס-לידער קומען פון פאָלק און פאָלק איז שטענדיק אין נויט, פאָלק איז שטענדיק פאַרפירט און אָפּגענאַרט. די רייכע גייען אין

קאָנצערט-זאַל און באַצאָלן עטלעכע גילדן פאַר געזאַנג. אַליין האָבן זיי גאָרנישט. זיי מוזן אַלץ קויפן...

איך בין געשטאַנען אַן איבערראַשטער. דאָס איז געווען גאָר אַן אַנדער הערשעלע, אַפילו דער קול איז געווען אַן אַנדערער, אַפילו דער וווקס זיינער... ער, דער אָפּגערוקטער אין דער זייט, ער, אויף וועלכן אַלע האָבן געהאַט רחמנות. ער האָט איצט אויסגעזען נישט ערגער, ווי אַלע אונזערע געשווווירענע רעדנער...

פּלוצלינג האָט ער אויפגעהויבן די אויגן און איך האָב נישט באַוויזן זיך צו באַהאַלטן. אונזערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט און הערשעלע האָט איבערגעריסן זיין לעקציע וועגן אָרעמקייט. איין מענטש האָט אים געשטערט. דריי הונדערט ליידיקע שטולן האָבן אים צוגעהאָלפן... ער איז אַראָפּ פון דער עסטראַדע און צוגעברומט:

— מען לאָזט זיך נישט מאַכן אַביסל נאַריש.

— הערשעלע! — זאָג איך צו אים — דו ביסט דאָך אַן אמתער רעדנער...

— רעדנער, רעדנער... אַן אמתער קבצן בין איך.

און באַלד אויפן אָרט איז ער ווידער קליין געוואָרן, ווידער הערשעלע. ער האָט מיר גלייך דערציילט, אַז אין הענריקאָוו, אין זיין געוועלבל איז פּוסט און ליידיק. נישטאָ קיין גרויפּן, נישטאָ קיין זאַלץ, נישטאָ קיין זייף, נישטאָ קיין ציקאָריע.

איך האָב אים אַלץ צוגעזאָגט און ער בעט זיך:

— רעד איבער מיט ראַוויטשן, ער איז דאָך סעקרעטאַר, זאָל מען מיר שאַפן אַביסל געלט, אויב נישט וועט זיין שלעכט.

— וואָס וועט זיין? הערשעלע!

— דאָס ווייב וועט מיך אַרויסוואַרפן...

מיט מענטשן איז ער געווען אַ קנאַפּער אויפטוער, אָבער מיט די ליידיקע שטולן האָט ער זיך דערהויבן גאָר פיין.

איז געקומען אַ פייער און פאַרברענט די שטולן צוזאַמען מיט די, וועלכע זענען אויף זיי געזעסן. דאָס לעבן האָט דאָך שוין לאַנג געוויזן זיין נוסח, די נייע דערפינדונגען בייטן בלויז די פאָרמען פון עקזיסטענץ. דער

טויט אָבער האָט איצט אַזוי איבערראַשט מיט זיין פאַרניכטונג, אַז לעבן איז קליין געוואָרן און נישטיק, ווי אַ מילב... וואָס פּלאָפּלען זיי נאָך די מילבן פון מענטש און קולטור? זאָלן זיי זיך שוין בעסער אַליין פאַרברענען. מיין סאַטיספּאַקציע איז צו טראַכטן פון אַ וועלט אָן מענטש, אַ וועלט פון ענדלאָזע, גרינע שטחים מיט ווילדע חיות, מיט קאָלירטע פייגל, מיט וואַסער-פאַלן, מיט ווינטן, מיט שנייען און אין דעם אַלץ, זאָל צעשטויבט ווערן דאָס לעצטע בוך און דאָס וועט אויך זיין דער לעצטער שקר. אָבער דאָך נישט אַלע מאָל האָב איך די רואיקייט אַזוי פילאָזאָפיש צו טראַכטן. איך גיי מיט מיט מיין הארץ, וואָס קאָן נישט פאַרגעסן דעם נעכטן און איך רוף זיי אַרויס, די געשטאַלטן, די שותפים פון מיין לעבן. אַנדערע זענען נאָענט, אַנדערע געדענקען זיך בלויז און נאָך אַנדערע זענען אַ טייל פון דיין הארץ. נעכטן איז פאַרבליבן אָן אַ נעכטען, נעכטן איז בלויז אַ קבר, שווער, איבער שווער צו קוקן שטענדיק אין קבר. וואָס העלפט דאָ טינט און פּאַפּיר?

פּנימער... פּנימער אין לאָקאַל פון פאַראיין, פּנימער אין די יידישע רעדאַקציעס, אין יידישן טעאַטער און אין יידישע קאַפע-הייזער. איך פאַרבינד דאָס אַלץ מיט אונזער לאָקאַל. עס זענען געווען פעדעם מיט זיי, מיט אַלעמען. נישט איינמאָל פלעגן קומען יידן פון דער נאָענטער און ווייַטער פּראָווינץ. זיי פלעגן אַריינקומען מיט גרויס דרך-ארץ, פרעגט מען אַזעלכע:

— וועמען באַדאַרפט איר?

— גאָרנישט, גלאַט אַזוי, מיר זענען געקומען אַ קוק טאָן.

און מיר האָבן זיי אָנגעקוקט די דאָזיקע יידן פון דער פּראָווינץ, וועלכע זענען געקומען אויף אונז אַ קוק טאָן. מיר זענען אפילו נישט צופרידן געווען מיט דעם... ווער זענען מיר? און מיט וואָס האָבן מיר דאָס פאַרדינט אַזאַ כבוד? מיר, וועלכע האָבן ליב געהאַט צו חוזק פון זיך אַליין. אויף אָן אמת, מיר האָבן פאַרקלענערט אונזער ווערט, אויף אָן אמת ביי אונז איז נישט געווען קין פאַררייסנקייט. אַלץ און אַלעמען האָבן מיר אַריינגעלאָזן, נאָר די גאווה האָבן מיר פאַריאָגט פון אונזער בודע און אויסגעלאַכט האָבן מיר יעדן איינעם, וואָס האָט זיך געהאַלטן פאַר אַן

אויסגעוויילטן. נענוג געווען דאָס געפיל, אַז מען לייענט אונז און מען געדענקט אונזערע נעמען.

אַמאָל פלעגט אזא פּראָווינצער אַפּשטיין שעהן לאַנג אויף אונזערע טונקעלע טרעפּ. אזא איינער האָט נישט געהאט קיין דרייסטקייט אריינ־צוגיין צו די יידישע שרייבער. פלעגט ער אָנקוקן מיט גרויס נייגעריקייט יעדן איינעם, וואָס איז ארויס, אָדער אריין אין פאראיין. „טלאמאצקע דרייצן" האָט אין דער פּראָווינץ אויסגעזען עפּעס, ווי א לעגענדארישער טעמפּל. מיר, די טעמפּל־מענטשן, האָבן געשמייכלט פון אזא נאאיוויטעט. און אַזוי שמייכלענדיק, האָט יעדער איינער געטאָן דאָס זייניקע. יידישע פען־מענטשן האָבן געשריבן פאַר די יידישע מאסן. א סך פון אונזערע האָבן געוואָלט זיין באַהעמע מענטשן און אויסלאכן ז י ך און אַלעמען. איך טראכט און איך האָב שטענדיק געטראכט, אַז א יידן איז שווער צו זיין הפקרדיק און ציגיינעריש. איך האַלט נישט פון יידישע שכורים. ווען די ניכטערע ווירקלעכקייט איז פארסמט, איז דער בראָנפן נישט מער, ווי א ביטערער צוגאָב. ווען איך זע, ווי א גוי גייט און שאָקלט זיך אויף דער גאַס, ווען דער בראָנפן מאַכט פון אים א קאָמישן צאַפּל־מענטש, דאַ־מאָלט ווילט זיך מיר לאַכן, אָבער ווען איך זע א שכורן ייד, ווערט מיר עפּעס טרויעריק.

פון אונזערע דיכטער האָט דער איציק מאַנגער ליב א כוסה, נאָר אויב ער מאַטערט זיך א גאַנץ לעבן פון פארשידענע צרות, און א יידישן דיכ־טער פעלן נישט קיין צרות, אַזוי מאַטערט ער זיך אויך מיט דעם וויין, וואָס ער גיסט אריין אין זיך. איך האָב אים נישט איינמאָל באַרואיקט, ווען ער איז געקומען אין בודע א שכורער און ער האָט מיך נישט איינ־מאָל באַליידיקט אין זיין צעבושעוועטן צושטאַנד... דאָס איז נישט אַזוי וויכטיק, וויכטיקער איז געווען דאָס, וואָס ער פלעגט נעמען ברעכן די שטולן. אונזערע שטולן...

רבונו של עולם! הלוואי וואָלט עס היינט געווען, איך וואָלט מאַנ־גערן געלאָזן צעברעכן אַלע שטולן, אַלע ביז איינעם און אויסהאַקן אַלע שויבן, איך וואָלט זיך געלאָזן באַליידיקן און זאָל איך זיין א מיטלמע־סיקייט, א גראַפאָמאַן, אַבי הערשעלע דאַניעליעוויטש זאָל שטיין פון וויטן

און שמייכלען און זאָקס זאָל זיין און יאַנקעלע דאַנציגער, און פון דער פראָווינץ זאָלן אָנקומען די טייערע בריוועלעך און די יוגנט זאָל גיין שפּאַצירן אין וואַלד מיט אונזערע ביכלעך...

* * *

אָפּגרונט אונזערער. אויף אַ רגע פאַרמאַכסטו זיך נישט, אויף לינקס און אויף רעכטס, אין וואַך און אין שלאָף. צי זינדיק איך נישט מיט דעם, וואָס איך דערמאָן איצט איין הויז-נומער פון אונזערע אומגעקומענע גאַסן ? עפּעס טלאַמאַצקע דרייצן.

איך מיין דאָך שטענדיק אַלע נומערן פון די יידישע הייזער, אַלע גאַסן, אַלע שטעט און שטעטלעך, איך שילט דאָך כסדר, אויך ווען איך טראַכט אמאָל פון אונזער פאַראיין, ווען איך דערמאָן זיך די שטולן, וואָס האָבן זיך געפּלאָנטערט אין די צימערן, די שטולן, אויף וועלכע אזוי פיל פריינט זענען געזעסן, דאַכט זיך מיר, אז מען האָט איצט פאַר-ברענט אַלע שטולן אין דער וועלט. מען דאַרף זיי נישט, מען דאַרף נישט די טישלעך, ביי וועלכע מענטשן פאַרברענגען און ריידן געמיטלעך. מען דאַרף בלויז איין שטול פאַר דעם, וואָס טראָגט זיך מיטן אעראָפּלאַן צו אַ געוויסער שטאָט. דאָס געדויערט עטלעכע שעה און אָט, ער הויבט זיך שוין אויף, ער דערזעט די שטאָט, וואָס וועט שוין באַלד קיין שטאָט נישט זיין. נאָך אַ מינוט, נאָך אַ מינוט... ער וואַרפט אַראָפּ די אַטאָם-באָמבע... איך זאָג דאָס בקול רם: אויב מענטשן זענען אזעלכע ברואים, וואָס מען קאָן זיי אָנרייצן אויף די אַנדערע מענטשן, זאָלן זיי צערייסן און פאַרברענען, איז טאַקע נויטיק פאַר זיי די אַטאָם-באָמבע, וואָס זאָל זיי אַלעמען פאַרניכטן. פון טיפן צער ווערט עס געבוירן אזא שרעקלעכע פרייד: פאַרניכטן, פאַרניכטן ביזן לעצטן מענטש... געווען איז דאָס פאַראיאָרן אין זומער פון טויזנט ניין הונדערט פינף און פערציק. סוף פון דער צווייטער מלחמה. איך האָב פאַרבראַכט אין שיינעם צפת. יעדן טאָג בין איך ארויפגעפאָרן אויפן הר כנען און פון דאָרטן געזען דעם כנרת אין אַלע זיינע קאָלירן. שיין דער פּלאָנטער פון די בערג דורך וועל-כע די בלויקייט פון כנרת רייסט זיך אדורך. שיין... אָבער, ווי זעט

עס אוים די שיינקייט, ווען מיט א האַלבער שעה צוריק האָסטו געהאַלטן א צייטונג אין האַנט און אין דער צייטונג ווערן אויסגערעכנט צענדליקער שטעט, ווו קיין איין ייד איז נישט פאַרבליבן. דאָ פאַרברענט זיבעציק טויזנט און דאָרט דערשאָסן און פאַרסמט פערציק טויזנט, יעדן טאָג די זעלבע ידיעות... און קיינער לייקנט עס נישט אָפּ, יעדן טאָג באַשטעטיקט זיך דער חורבן, אַלץ רויטער פאַר די אויגן פון די טייכן בלוט. איך האָב שוין נישט קיין ברידער און איך האָב שוין נישט קיין שוועסטער, איך האָב שוין קיין איין קרוב נישט. מען באַשרייבט בלויז, ווי אַזוי מען האָט זיי דערהרגעט, מיט וואָס פאַר א כוח פון רציחה. הא־הא! דער שוואַכער בן-אדם איז שטאַרק געוואָרן. ער האָט זיך דערהויבן צו א ווילדער חיה פון דער ווילדסטער פאַנטאַזיע...

אין אַזעלכע טעג איז פאַראַן איין אויסוועג: טאָן דאָס, וואָס דער פאַרהייליקטער שמואל אַרטור זיגעלבוים האָט געטאָן אין לאָנדאָן: אוועקגעבן דאָס נישטיקע לעבן. אָבער זיגעלבוים האָט עס געטאָן מיט א הויכער כוונה, ער האָט געוואָלט מיט זיין טויט אביסל לעבנס ראַטעווען פון דער שחיטה. איצט איז שוין נישטאָ וועמען צו ראַטעווען: מיליאָנען דערוואַקסענע און קינדער זענען אָפּגעמעקט געוואָרן פון דער ערד. גיבט מען א צעשמעטערטן לעבן און מען ווערגט זיך מיט די טעג... אין איינעם פון אַזעלכע טעג לייען איך איבער אין דער פרי, אין א קאַפע, א צייטונג, א ידיעה, א מאַניפעסט צום פאָלק, צו דער וועלט. דעם מאַניפעסט האָט אַרויסגעלאָזט דער פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, ער מעלדעט, ער זאָגט אָן, אַז די אַטאָם-באָמבע איז פאַרטיק, זי איז גרייט, עס הויבט זיך אָן א נייע עפּאָכע, אפשר די לעצטע... זי קאָן פאַרניכטן שטעט און לענדער אין געציילטע סעקונדן. איך גלויב דעם מאַניפעסט, דאָרט, ווו מענטשן באַרימען זיך מיט פאַרניכטונג, גלויב איך זיי שטענדיק...

איך בין איבערראַשט געוואָרן פון דער נייעס, איך האָב דערפילט, אַז דאָס איז נישט אויף קאַטאָוועס. איבערראַשט געוואָרן, אָבער זיך נישט דערשראָקן. עפּעס א רואיקייט האָט מיך אַרומגענומען און מיט דער רואיקייט בין איך אַרויס פון קאַפע אויף א גאַס פון צפת. דעם ערשטן, וועמען איך האָב דערזען אויף דער גאַס איז געווען דער אַלטער פּראָפע-

סאָר סלושץ, אין זיין ווייסן אנצוג און מיט א ווייסע צייטונג אין דער האַנט. ער האָט שוין אויך געהאַט די ידיעה וועגן דער אַטאָם-באָמבע און מיר האָבן זיך ביידע באַגריסט מיט א... מזל-טוב.

איינצייטיק האָבן מיר ביידע אַרויסגערעדט:

— מזל-טוב!

— מזל-טוב!

— זיי וועלן זיך אויסהרגענען קעגנזייטיק...

— הלוואי...

אין די טעג, ווען די ערד אין אייראָפּע איז אויסגעמישט געוואָרן מיט אונזער בלוט און אַש, האָבן צוויי ייִדן מיט גרויע קעפּ זיך אַזוי באַגריסט אין דעם אַלטן צפת...

## 8

# דער פּאַטעפֿאָן...

צו ערשט האָט עס געהייסן: גראַמאָפֿאָן, שפּעטער פּאַנאָגראַף, פּאַר־לעפֿאָן און געבליבן איז עס: פּאַטעפֿאָן. עדיסאָן האָט דאָס דאָזיקע געזאַנג־קעסטל אויסגעטראַכט אין סוף פֿון ניינצנטן יאָרהונדערט און צו אונז אין וואַרשעווער ליטעראַטן און זשורנאַליסטן פֿאַראיין איז עס אַריינגעפֿאַלן אין טויזנט ניין הונדערט צוואַנציק. עמעצן איז איינגעפֿאַלן אונז צו געבן אַזאַ געשאַנק: אַ פּאַטעפֿאָן מיט אַ סך פּליטן, חזנים־מאָטיוון, אָפּערן־זינגער או ןנישט ווייניק טאַנגאָס און פֿאָקסטראָטן. האָט דער פּאַטעפֿאָן גענומען געבן קלאַנגען, האָבן די, וואָס זענען געזעסן פֿאַרטראַכט, אָדער געלייענט, אויפֿגעהויבן די אויגן, ווי אויף אַ בייז ווונדער. זייערע בליקן האָבן פּראָטעסטירט: ווי קומט אַ פּאַטעפֿאָן אין אַ ליטעראַטן־פֿאַראיין? דער אַלטער זאַקס האָט גענומען ברומען און זיך פֿאַראייניקט מיט די, וואָס האָבן פּראָטעסטירט, אָבער דאַמאָלט, ווען מען האָט אַרויפֿגעלייגט אַ פּליטע מיט שאַליאַפּינען און זאַקס האָט דערהערט „וואָלגאַ, וואָלגאַ...” איז ער אינגאַנצן צעשמאָלצן געוואָרן און אויפֿגעהערט צו פּראָטעסטירן. אויך די איבעריקע האָבן זיך ביסלעכווייז צוגעוווינט. דער פּאַטעפֿאָן האָט באַקומען בירגער־רעכט אין אונזער קלוב. אַ גרויסער חסיד פֿון פּאַטעפֿאָן איז געוואָרן נאָמבערג און נישט דערפֿאַר, ווייל ער האָט אַזוי ליב געהאַט געזאַנג און מו־זיק. ער האָט דאָ געהאַט זיין מיינונג, אַז אין פֿאַראיין איז פֿאַראַן צופֿיל ערנסטקייט, צופֿיל ליטעראַרישקייט. זאָל מען זיך מאַכן אַביסל נאַריש. זאָל




י. ל. פּרץ (אַראָפּקוקנדיק פֿונם אָלימפּ): — וואָס. איז עס פֿאַר אַ מין ליטעראַטור ?!
שלום-עליכם (קײַכנדיק): — ניין! דאָס שאַפֿט מען „יידישע קולטור״!...

קאַריקאַטור פון חגי (ח. גאָלדבערג), פאַרעפענטלעכט אין וואַרשע, פורים 1926,
אין זיין מאַנוסקריפּט-אויסגאַבע „א ביסל רכילות״.
(פון משה ליוואָס זאמלונג)

## ז. סעגאלאָוויטש

דער פּאַטעפאָן פאַרטויבן די אַלע שמועסן, וועמענס לידל עס איז בעסער, מיינס צי דיינס?

ווען מען האָט שוין אויסגעהערט צו הונדערט מאָל די פּליטעס מיט די אַריעס פון אָפּערעס, די אַלע חזנישע מעלאָדייעס, האָט מען זיך גענומען צו דער טאַנץ-מוזיק און איין פּאָרל, א צווייט פּאָרל, מען האָט גענומען טאַנצן. אויף טלאָמאַצקע דרייצן איז צוגעקומען א נייער פּאַקטאָר: טאַנץ. א סך מאָל נאָכמיטיק און אָפּט טאָקע אין מיטיק, פאַרנאַכט, ביינאַכט און אָפּט ביז שפּעט אין דער נאַכט — מען האָט געטאַנצט. דער פּאַטעפאָן איז נישט געשטאַנען ליידיק. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געקענט טאַנצן, האָבן זיי געטאַנצט. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן נישט געקענט טאַנצן, זענען זיי ברוגז געווען, וואָס מען פאַרביליקט דעם פאַראיין, איז ווידער געקומען נאָמבערג. ער איז דאָך געווען פאָרזיצער פון פאַראיין, ער איז דאָך גע-ווען דער „קלוגער נאָמבערג"... האָט ער אַליין גענומען טאַנצן און טאַנצן נישט אויף קיין געלעכטער. אויב עס איז נאָר געווען מיט וועמען צו טאַנצן, האָט ער שוין נישט אָפּגעלאָזט. געטאַנצט האָט ער מיט רוטא קאַרלינסקאַ, מיט יוסף טונקעלערס ערשטער ווייב צעשיא, מיט אַרלעסקאַ, מיט קלאַרא סעגאַלאָוויטש, מיט בילינאָוויטשעס פרוי, מיט גראַפּמאַנס פרוי...

נאָמבערג האָט געטאַנצט.

דאָס האָט געטאַנצט איינער פון א דור, וואָס האָט נישט געוווּסט פון טאַנצן. א דור וואָס האָט א סך געפּרעגט, א סך געזוכט און ווייניק געפונען. אין שווערן יידישן לעבן איז שטענדיק געווען א שווערער טראַכטן, האָט עס איצטער אויסגעזען, אַז מען וויל זיך אביסל באַפרייען און מאַכן שותפות מיט לייכטזין. אָבער עס איז געגנוג א קוק צו טאָן אויף נאָמבערגס צעקנייטשטן פּנים, א פּנים, וואָס האָט אויך צעקנייטשט דעם שמייכל פון טענצער מיט אַזא פּנים קומט מען שוין נישט צום לייכטזין...

אין אַמשינאָוו האָט ער געלערנט גמרא און געטראָגן א לאַנגע קאַ-פּאָטע, אין וואַרשע האָט ער נאָך אויך א שטיק צייט געטראָגן די קאַפּאָ-טע, אָבער אין וואַרשע האָט ער זיך גיך אויסגעלערנט צו שפּילן ביליאַרד

און אין ליטעראַטן-פאַראיין האָט ער שנעל געכאַפּט די קונסט פון טאַנגאָ-טאַנץ — —

פון צייט צו צייט האָט מען נאָך דיספּוטירט וועגן די טענץ. איך געדענק איינמאָל האָט אברהם גאָלדבערג, דער דאַמאָלסטדיקער רעדאַקטאָר פון „היינט" געפרעגט נאָמבערגן:

— צו וואָס באַדאַרף מען עס דאָ דעם גראַמאַפאָן מיט די טענץ?

נאָמבערג האָט אַ קוועטש געטאָן מיט זיינע שמאָלע פּלייצעס.

— וועמען שאַט עס?

— דאָס איז נישט שיין — האָט גאָלדבערג קאַטעגאָריש אַ זאָג געטאָן.

נאָמבערג האָט אים באַטראַכט פון קאָפּ ביז די פיס:

— נישט שיין! הערט זיך איין, גאָלדבערג! אמתע באַגריפן וועגן שיינקייט שאַפן זיך אַליין און פאַלשע ווערן אויסגעטראַכט פון פּרומאַקעס.

נאָמבערג האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין שטול און איז גלייך געגאַנגען אָנשטעלן אַ נייע טאַנץ־פּליטע אויף דעם פּאַטעפאָן. געוואָרן איז ער אין אַ קורצער צייט אַ גאַנצער ווייסער אין די פּליטן און יעדערן אָנגעוויזן, ווי אַזוי די אַרגענטינער טאַנצן דעם טאַנגאָ. ער איז דאָך געווען אין אַרגענטינע, ווייסט ער דאָך . . . און עס קאָן זיין, אַז ער האָט טאַקע געוווּסט. מען האָט אים פאַרגונען די טאַנגאָ-תורה, מען האָט דאָך געוווּסט, אַז ער קאָן עפּעס אָנשרייבן אויך, צוזאַמען איז דאָס נישט שלעכט: אַ שלעכטער טענצער און אַ גוטער שרייבער, איז אַ סך בעסער, ווי אַ שלעכטער שרייבער און אַ גוטער טענצער. אָבער נאָמבערג האָט גוט געטאַנצט, בלויז די פיגור פון אים, דער געבוי . . .

געווען איז ער אַ נידעריקער מיט אַן איינגעפאַלענעם פּנים. קוקנדיק אויף אים, ווי ער שטעלט די טריט, האָט מען געקאָנט גלויבן, אַז ער האָט אַמאָל געליטן אויף דער „ענגלישער קרענק". נישט געווען איז ער קיין געהויבענער פּאַרטנער צום טאַנץ, אפילו אביסל קאָמיש אויסגעזען אין טאַנץ־באַוועגונג. ער האָט זיך פאַרליבט אין „טאַנגאָ". „פּאָקסטראָט", וווּ מען דאַרף זיך שנעלער באַוועגן, האָט ער אויסגעמיטן. אַנדערש איז

מיט דעם „טאַנגאָ", דאָ באַוועגט מען זיך לאַנגזאַם, ריטמיש. די נשמה האָט ער אין דעם אַריינגעלייגט און מען מוז זאָגן דעם אמת: ער האָט פאַרשטאַנען דעם טאַנץ, דערפילט דעם געשמאַק און באַהערשט דעם ריטם בעסער, ווי אַלע אונזערע טענצער אין יענער תקופה. ער איז געוואָרן אַ תלמיד חכם פון דעם טאַנגאָ. נאָך יעדן אָפּטאַנצן האָט ער די זאַך פאַרטייטשט. דער אַלטער גמרא-לערנער האָט זיך געפּשטלט וועגן טאַנץ, וועגן זיין באַדייטונג און וועגן עקסטאַז, וואָס ער רופט אַרויס. עס קאָן זיין, ווען נאָמבערג האָט אַן אַנדער פיגור, וואָלט ער אפשר געוואָרן אַ באַרימטער טענצער.

נאָמבערג האָט זיך קיינמאָל נישט באַרימט פאַר וועמען מיט זיינס אַ נאָוועלע, צי אַ פעליעטאָן, ער איז אין זיין וועזן נישט געווען קיין באַרימער, אָבער ביי די טענץ איז ער געשטרויכלט געוואָרן. דאָ איז ער געוואָרן אַ גאַנצער פּאַכמאַן, ער האָט אָנגעוויזן אַ צווייטן, אַז בעת מען טאַנצט, טאָר מען נישט וואַרפן מיט די הענט, די האַנט דאַרף זיין פריי און נישט באַוועגן זיך. ער האָט, ווי אַ בקי, נישט איינעם אויסגעלאַכט און זיך כסדר באַרימט, אַז ער אַליין איז אַ גוטער טענצער. נישט געווען צו דערקענען נאָמבערגן אין זיין נייער ראָל. מיר האָבן קיינמאָל נישט פאַרשטאַנען, צי ער מיינט עס ערנסט. ער האָט נישט איינעם פון אונזערע חברים צוגערעדט, אַז מען זאָל זיך נעמען צום טאַנצן. אפילו צו הערשעלען האָט ער אַמאָל געזאָגט:

— הערשעלע! וואָס וועט זיין מיט דיר, דו וועסט זיך בלויז צוקוקן, ווי אַנדערע טאַנצן? נעם און טאַנץ!

— און פּרנסה? — האָט הערשעלע געפרעגט — פון דעם וועל איך האָבן פּרנסה?

נאָמבערג האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

—פּרנסה וועסטו סיי ווי נישט האָבן...

הערשעלע דאַניעליעוויטש איז געווען אַזאַ מענטש, וואָס וועט קיינמאָל נישט האָבן קיין פּרנסה. מען האָט זיך גאָרנישט געקאָנט פאָרשטעלן אַנדערש, אויף דעם איז ער דאָך געבוירן געוואָרן, ער זאָל נישט האָבן קיין פּרנסה און ער אַליין האָט דאָס אויך געוווסט, ער באַדאַרף

אָפּלעבן זיין לעבן אָן פּרנסה. איינמאָל האָט ער איבערגעזעצט פאר א טרופּע „ווילהעלם טעל" אויף יידיש, איז פאר דער פּרעמיערע דאָס טעאַטער פאַרברענט געוואָרן, האָט ער געפּלאָנט און דערשלאָגן זיך צו א פּאָר גילדן און אַרויסגעגעבן שילערס דראַמע אין א בוך-פאָרעם, אָבער צוויי וואָכן פאַר דעם, ווי זיין בוך איז פאַרטיק געוואָרן, האָט עס א צווייטער שוין אַרויסגעגעבן. האָט ער געצויגן א האַנט-וועגעלע און געפירט זיין „ווילהעלם טעל" צום פאַרקויפן אויף פּאַק-פּאַפּיר, האָט פּאָליציי פאַר-דעכטיקט, אַז ער פירט אומלעגאַלע ליטעראַטור, האָט מען אים אַרעס-טירט.

הערשעלע האָט נישט געטאַנצט. ער האָט נישט געזען אין דעם קיין תכלית און צו נאָמבערגס נישט-תכלית אָדער קענן תכלית איז ער געווען צו קליין. נאָמבערג איז נישט געווען קיין לייכטזיני-קער. גיכער ווי אַלץ האָט אים די חכמה געמאַטערט.



ה. ד. נאָמבערג

(שאַרזש)

אָבער אין אונזער פאַראיין האָט ער לעגאַליזירט די לייכטזיניקייט. אויב נאָמבערג טאַנצט, מעג אויך א צווייטער טאַנצן און דער דריטער האָט שוין סתם געשוויגן, מען זאָל אים נישט האַלטן פאַר א נאַר. און גערעכט איז טאַקע געווען נאָמבערג: צופיל ליטעראַטור איז נישט גוט, צופיל טענץ איז אויך נישט גוט, מען דאַרף עס פאַראייניקן. אמת איז, אַז די שרייבער האָבן גענומען אביסל טאַנצן, נאָר די טענצערס האָבן נישט גענומען שרייבן.

צו יענער צייט איז אין וואַרשע געקומען דער אַרויסגעבער פון ניו-יאָרקער „טאָג". שאַפּירא האָט ער געהייסן. ווי א גאַסט אין פּוילן, האָט ער געגאַס-טעוועט ביי אונז אין לאָקאַל. אונזער חברה איז אים שטאַרק געפעלן געוואָרן:

— ביי אונז אין ניו-יאָרק האָבן מיר דאָס נישט...

ער האָט זיך צוגעהערט, ווי חברה זאָגן וויצן, ווי מען רעדט ערנסט. ער האָט זיך צוגעקוקט, ווי אונזערע טאַנצן... און וואָס עפּעס א פאַ-

טעפּאָן? פאַרוואָס נישט קיין קלאַוויר? דערביי האָט ער אַרויסגענומען דאָס טשעק-ביכל און אויסגעשריבן אַ טשעק אויף פינף הונדערט דאָלער, מען זאָל זיך קויפן אַ קלאַוויר. זענען מיר שוין איצט געווען אַ „בודע" מיט אַ גראַמאַפאָן און מיט אַ קלאַוויר.

דער ערשטער, וואָס האָט זיך צוגעכאַפּט צום קלאַוויר, איז געווען דער דיריגענט שניאור, דער מוזיקער, דער עלענדער, כמעט היימלאָזער שניאור. עס האָט אויסגעזען, אַז דעם קלאַוויר האָט מען טאַקע געקויפט פאַר אים. אויף דעם קלאַוויר האָט ער געפּרובט זיינע אייגענע קאָמפּאָזיציעס און געשפּילט פון דער קלאַסישער מוזיק, דאָס וואָס ער האָט ליב געהאַט. עפּעס אַ גאַנץ יאָר צייט האָט ער אונז דערלאַנגט די „שפּאַנישע מעלאָדיען" פון לאַלאָ. דערנאָך אַ יאָר צייט די „נישט געענדיקטע" סימפאָניע פון שוּבערט... ער און אַנדערע האָבן געגוג אַריינגעקלאַפּט אין אונזער מוזיק. אָבער טלאַמאַצקעס דרייצן איז געווען געדולדיק און אַלץ אַראָפּגעשלונגען.

פון קיין רואיק לעבן האָט דער קלאַוויר ביי אונז נישט געוווּסט. געווען זענען ביי אונז אַ סך מיטגלידער, געווען אַ סך געסט. דאָס זענען דאָך מענטשן און יעדער מענטש האָט צוויי הענט, אויף יעדער האַנט פינף פינגער. מיט די פינגער קלאַפּט מען אין קלאַוויר. גלאַט אַזוי, מען זעט, עס שטייט אַ שפּיל-קאַסטן מיט אַזעלכע ווייסע קלאַווישן, באַדאַרף מען אַ קלאַפּ טאָן. אפשר איז דאָס געווען פון לאַנגווייל, פון מעלאַנכאָליע, פון שטימונגסלאָזיקייט, אָדער פון שטימונג... מען האָט געקלאַפּט אין קלאַוויר. אפילו די קאַץ „פּיפּי", די שותפטע צו אַלע אונזערע מאָלצייטן און באַנקעטן, זי האָט נישט-איינמאָל זיך דורכגעשפּאַצירט מיט אירע פעלווייכע פיסלעך איבער די קלאַווישן און זיי, די קלאַנגען, האָבן זיך אָפּגערופן.

מיר האָבן געהאַט אַ פּאַטעפּאָן און מיר האָבן געהאַט אַ קלאַוויר, איז איינמאָל איינגעפאַלן, מען זאָל מאַכן פאַרוויילונגען פאַר די מיטגלידער. אַ לאָקאַל האָבן מיר אַ שיינעם, אַ קלאַוויר האָבן מיר, פאַרוואָס זאָל מען זיך נישט ווילן?

האָבן זיך אָנגעהויבן אונזערע פּריוויט צו נאַכטסן, אונזערע פאַר-

ברענגעניש אין אונזער אינגעם פאַראיין. איך רעכן, אז דאָס איז געווען דאָס בעסטע און דאָס פיינסטע פון טלאַמאַצקע דרייצן. נישט צו דערקענען געווען דעם פאַראיין פון דער גאַנצער וואָך. אַלע לאָמפּן העל אָנ־געצונדן, די טישן מיט ווייסע טישטעכער באַדעקט און דער עולם אין די בעסטע בגדים. מיר האָבן שוין דערלעבט אַזאַ נחת און אַזאַ מדרגה, אַז די פרויען פון די מיטגלידער האָבן זיך געניים ספּעציעלע קליידער פאַר אַזאַ פּרייטיק צונאַכטס. אפילו דער אַלטער זאַקס האָט ערגעץ אויסגעזוכט א שוואַרצן בגד מיט א ווייס העמד, מיט לאַנגע מאַנזשעטן.

נישט יעדער איינער האָט געקאָנט קומען אויף אַזאַ פאַרווײַלונג. יעדער מיטגליד האָט געהאַט רעכט צו ברענגען איין גאַסט און די זאַלן זענען פול געוואָרן מיט אייגענע און פרעמדע. דאָס בעסטע פון דער יידישער שרייבער־וועלט, פון מוזיקער, אַקטיאָרן, מאָלער, כלל־טוער... מען איז געקומען זיך ווײַלן צו די ליטעראַטן, אַזוי האָט עס דאַמאָלט געהייסן. מען איז געקומען פון דער גרויער וואָך אביסל פאַרברענגען. נאָר אין דער פאַרברענגעניש האָט מען אומבאַוווסטזיניק געפילט, אַז אונ־טער אונזערע פענסטער, אין די נאָענטע גאַסן אַרום, שלאָפן הונדערטער טויזנטער יידן זייער שבתדיקן שלאָף, אַז מאָרגן פרי וועלן זיי גיין דאַוו־נען מיט ריינע קאַפּאָטעס און טראָגן די טליתים אין סאַמעטענע זעקעלעך, אַז מאָרגן וועלן זייערע קראָמען זײַן פאַרמאַכט און א האַלבע שטאָט וועט אויסזען אינגאַנצן אַנדערש ווי אַלע טאָג און קיין יידישע צייטונג וועט נישט אַרויסגיין — די רעדאַקציעס פאַרשלאָסן, דערפאַר קאָן מען זיך דערלויבן צו פאַרברענגען ביז פאַרטאָג. אין אונזער פאַרברענגע־ניש איז געווען איינגעוועבט א חלק פון דער שבתדיקייט, איינגעוועבט מיט לאַנגע און אייביקע פעדעם, וואָס ציען זיך אוועק פיל ווייטער פון וואַר־שע און לובלין, פיל ווייטער פון דובנא און בראָד, אויף אַלע ערד־טיילן און אין אַלע לענדער, ווו עס איז נאָך פאַראַן א בית־המדרש. אָט מען פאַרברענגט און מען טאַנצט פרעמדע טענץ, מען זינגט אפילו א פרעמדן ניגון, נאָר ביסלעכווייז באַקומען די טענץ מיט די פרעמדע מעלאָדיעס אונזער יידישן קנייטש און אונזער צער. מיר האָבן א סך צער און א סך קנייטשן, פאַלט עס אַריין אין יעדער פריילעכקייט. מיר וועלן זיך קיינמאָל נישט פאַרגעסן אינגאַנצן און אפשר איז דאָס בעסער, העכער און טי־

פער, הייליקער און ריינער... איך ווייס גאָרנישט, איך ווייס בלויז, אַז אונזער אינקוויזיציע-נעכטן און אונזער אומבאַוווּסטער מאָרגן, אונזער היינט — אַלץ איז איינגעהילט אין אַ בלוטיקן באַוווּסטזיין, אַז מען האָט אַ דריטל פון אונז, ווי די ווערעם פאַרניכטעט. וויל איך זיך אויף אַ רגע פאַרגעסן אין אונזער איצטיקן צעריסענעם טאָג, רוף איך אַרויס געשטאַלטן געשעענישן און אומשולדיקע פאַרווײַלונגען פון נעכטן.

עס שוועבן געשטאַלטן, נאָר די פעדער שטעלט זיך אָפּ. עס דערמאָנט זיך צופיל, מען זאָל עס קאָנען אַרויסברענגען מיט אַמאָל. וואַרשע... אַזוי ווי די צעריסענע גאַסן, אויף וועלכע מיר זענען געגאַנגען, אַזוי איז צעריסן מיין האַרץ און די נשמה איז צעפליקט און דער בליק שפּרינגט פון איין צעפליקטער גאַס אויף דער צווייטער און אָט שפּרינגט עס ווי-דער אַריין אין אונזער לאָקאַל, אין אַ פּריוויט-צונאַכטס, וווּ מיר זענען געקומען חבריש פאַרברענגען. קיין מלאכים האָבן דאָרט פאַר אונז נישט געטאַנצט און די הימלען האָבן פאַר אונז קיין שירה נישט געזונגען. מיר האָבן אַליין אַביסעלע געטאַנצט און מיר האָבן אַליין אַביסעלע געזונגען, ווייל מען איז מענטשן און מען איז יידן מיט גענוג בליי אויף דער נשמה, ווייל מיר רייסן זיך אַ גאַנצע וואָך אין די צייטונגען, מען פּאָלעמיזירט, מען באַליידיקט איינער דעם צווייטן, איז אַזאַ פּריוויט-צונאַכטס מאַכט אונז געמיטלעכער און האַרציקער. אָט קומט אַריין יצחק גרינבוים מיט זיינע שווערע, טיגערישע טריט, מיט אים זיין פרוי, אַ שמאָלע פיגור, אַן איידעלער פּנים. פון די געציילטע פרויען, וואָס שווייגן מער, ווי זיי ריידן און דאָס ריידן איז טאַקע אויך געהילט אין דער געבוירענער איידלקייט. גרינבוים איז אויך געקומען צו אונז זיך ווײַלן. אַ הייסער ייד, אַ טייע-רער ייד. דאָס זענען אַלע מודה, אָבער אויך אַ „האַרטער" ייד. טלאַמאַצקע דרייצן האָט וועגן יעדן געהאַט אַ מיינונג. דער יצחק גרינבוים איז פון אונזער חברה כאַראַקטעריזירט געוואָרן אַלס אַזעלכער, וועלכן מען קאָן נישט קלאַפּן איבערן פּלייצע, מעשה-גוטערברידערשאַפט. נישט אַזוי, ווי מיט גאָטליבן און נישט אַזוי, ווי מיט ד"ר שיפּערן. נישט אַזוי, ווי מיט אַ סך אַנדערע. טלאַמאַצקע דרייצן האָט פיינט געהאַט שטייפקייט. די אַלע פאַרברענגענישן און פאַרווײַלונגען זענען דאָך געמאַכט געוואָרן ספּעציעל צוליב דעם, כדי צו דערנענטערן. אַזוי האָט געוואָלט מנחם

קיפּנים, הערש דוד נאָמבערג און גאַוועזע, דער מיטאַרבעטער פון „היינט", אַזוי האָבן געוואָלט אַ סך חברים, וועלכע האָבן דערצו מיטגעווירקט.

דער עולם איז צופרידן און די, וואָס האָבן אַלץ צוגעגרייט צו דער פאַרוויילונג, זענען נאָך מער צופרידן. אָט דערלאַנגט צו מיר קיפּנים אַ ווונק, איך זאָל צוגיין צו אים. ער האָט מיר עפּעס צו זאָגן, ווער ווייסט, וואָס פאַר אַ געהיימנים? ווען איך שטיי שוין לעם אים, פרעגט ער ביי מיר שטילערהייט:

— ווי געפעלט דיר דער לאָמפּ?

צו ערשט פאַרשטיי איך נישט די פראַגע, נאָר באַלד דערמאַן איך זיך, אַז דעם נייעם לאָמפּ איז ער געגאַנגען קויפן און ער האָט עס אויסגעקליבן, זאָג איך צו אים:

— האָסט גוט געטראָפן, אַזאַ לאָמפּ האָבן מיר טאַקע געדאַרפט.

נעמט ער דערציילן סאַראַ טייערער לאָמפּ דאָס איז, אַ מציאה אַ לאָמפּ... איך האָב הנאה פון אים, ווייל ער איז אַ חבר, ער וויל, אַז ביי אונז זאָל ליכטיק זיין. מען דאַרף זיך אויסלעבן אין איבערגעגעבנקייט און נישט אין פּאַרטיי־רייסעניש.

אָט דערפאַר זענען אונזערע חדרים אַזוי העל באַלויכטן און די טישלעך מיט די שטולן זענען גרייט, דער פּאַטעפאָן איז גרייט, דער קלאַוויר און מוזיקאַנטן ספּעציעל געדונגענע, אַ קוואַרטעט וועט שפּילן און חברים־אַקטיאָרן וועלן אימפּראָוויזירן, וואָס זיי וועט זיך ווילן. אָבער אַלץ אָן שטייפקייט, אַליין פון זיך, מיט גוטן ווילן און נישט אָפיציעל. דאָס האַרץ האָט אין מיר געקוואָלן, ווען איך האָב באַמערקט, ווי גרינגבוים רעדט זיך דורך אינטים מיט ערליכן דעם בונדיסט. ערליך און אַלטער זענען אויך געווען אונזערע מיטגלידער, אין פאַראיין האָבן זיי זיך באַוויזן נישט אָפט. ערליך און אַלטער זענען דערשאָסן געוואָרן אין רוסלאַנד... איך האָב זיי אין די געדאַנקען אָנגערופן: ד י אַ ל ט ע ע ר ל ע כ ק י י ט. דערשאָסן געוואָרן. צוויי שיינע געשטאַלטן אַזעלכע, וואָס ווירקן אפילו מיט זייער אויסערלעכקייט. צוויי ערלעכע נשמות. טלאָמאַצקע דרייצן האָט שטענדיק געוווסט, ווער עס איז ריין און ערלעך, מען האָט דערצו נישט געדאַרפט טראָגן דעם נאָמען „ערליך".

מען האָט קיינעם נישט געזאָגט אין די אויגן, וואָס ער איז: שיין, צי מיאוס, גוט, צי שלעכט. אָבער געוווּסט האָט מען, אָפּגעשאַצט האָט מען אַלעמענס ווערט און... געלאָזן זיצן אויף אונזערס אַ שטול און יעדער איינער איז געווען אַ טייל פון געזעמל... אַלע צוזאַמען: טלאָמאַצקע דרייצן. מיר האָבן געניינגערט די גאַס, מען האָט אויף אונז אויסגעטראַכט גוטע און שלעכטע זאַכן, מען האָט אונז ליב געהאַט, געהאַט דרך-ארץ פאַר אונז און גאַנץ אָפט גרינגגעשעצט און גאַנץ אָפט געזידלט. מען האָט אונז אין אַנדערע פאַלן צו שטאַרק אָפּגעשאַצט, צופיל האָפענונג געלייגט אויף אונז. מען האָט אָפט פון אונז געפאָדערט טעטיקייט, ווי פון אַ מי-ניסטעריום און געווען זענען מיר... אַ קלוב אַ בורע, אַ פּראָפעסיאָנע-לער פאַראיין מיט אַ פּאַטעפאָן.

בונדיסטן, פּועלי-ציוניסטן, ציוניסטן, פאָלקיסטן און קאָמוניסטן, דאָס איז פאַר דער גאַנצער וואָך, אָבער נישט פאַר אונזערע פּריוואַטיק צו-נאַכטסן. איצט איז מען יידן און איין פאָלקס-וויץ, איין פאָלקס-לידל קאָן אַלעמען בינדן מיט זייערע פעדעם. שמייכל, געלעכטער באַפרייט, האָט מען אַביסל געלאַכט און געשמייכלט. רוטא, די קליינע בלאָנדע רוטא, קאַר-לינסקים פרוי, זי איז שטענדיק געווען פריילעך, זאָרגלאָז און ווען זי האָט פאַרזוכט בלויז עטלעכע טראָפּנס פון אַ גלעזל וויין, איז זי אויפגע-ברויזט געוואָרן און גענומען נאָכמאַכן איר באָבע און איר מומע. בעלאַ בעלערינאַ איז געווען רוטאס שוועסטער, בעלאַ, די אַרטיסטין פון דער „ווילנער טרופּע". זי איז מקנא רוטען, די אמתע אַקטריסע איז ז י דאָך... דערהערט זיך אַ „שאַ, שטיל זאָל זיין!" בעלאַ בעלערינאַ הויבט אָן צו דערלאַנגען סחורה. זי פאַררייסט הויך דעם קאָפּ, פאַרקרימט די ליפּן, זי איז איצט אַ מאַרק-יידענע, וואָס האָט געכאַפּט אַ רייכע מאַדאַם נגבענען אַ פיש און עס גייט אַוועק אַ לשון. מען זעט, ווי זי פּאַטשט מיטן געגנבעטן פיש דער רייכער מאַדאַם אין פּנים אריין, מען זעט דעם גאַנצן מאַרק אַרום און דער עיקר דער לשון, די קללות, פאַר די קללות אַליין, פאַר די יידישע, קומט אַ מאָנומענט דער יידישער שפּראַך. דער עולם לאַכט, אַזש די ווענט ציטערן. דאָס איז נישט קיין נומער פון פּראָ-גראַם. בעלערינען האָט זיך פאַרוואָלט אַ שפּאַס טאָן, האָט זי אונז דער-לאַנגט אַ נומער מיט קללות.

אָבער נאָמבערג לאָזט נישט לאַנג לאַכן. ער וויל טאַנצן, ער שטאַרבט אוועק פֿאַר אַ טענצל. דער איינגעלאַדענער קוואַרטעט שפּילט שוין. יידישע שרייבער טאַנצן, די פֿאַרבעטענע געסט טאַנצן. געווען אַזעלכע, וועלכע האָבן אינגאַנצן נישט געפּילט דעם טאַנץ-ריטם, אָבער אַנדערע האָבן געטאַנצט נישט ערגער, ווי אַלע פּראָפֿעסיאָנעלע דזשיגאָלאָס. די טאַנץ-תורה איז נישט אַזאַ שווערע. אַפֿילו טונקעל, וועלכער לאָמט אויף אַ פֿוס, האָט אויך געטאַנצט. טונקעל דער הומאָריסט האָט ליב געהאַט צו חוזקן אַפֿילו פֿון זיך אַליין.

זיצנדיק ביי אַ טישל מיט מיר און נאָך עטלעכע חברים, האָט ער זיך פּלוצלינג אויפֿגעהויבן פֿון שטול:

— איך קאָן דאָ נישט זיין...

— וואָס איז, טונקעל! וואָס איז געשען?

— איך קאָן דאָ נישט זיין מיט אַזוי פֿיל קאַליקעס.

— וועלכע קאַליקעס? — פֿרעג איך ביי אים.

האָט ער אָנגעוויזן אויף דעם אינזשיניער פֿייגענבוים, אַ פֿירער פֿון די געוועזענע ציוניסטן-סאָציאַליסטן, אויף דעם לאָנדאָנער זשורנאַליסט שאַיאַק און אויף דעם בונדיסט חיים יאַנקל ליטוואַק.

די אַלע דריי זענען געווען לאָמע.

געפּאַקט האָב איך אים איינמאָל ביי אַ נאַרישע און דאָך נישט קיין סימפּאַטישע געלט-מאַניפּולאַציע. זאָג איך צו אים:

— דאָס געפֿעלט מיר נישט. נישט שיין.

ענטפֿערט ער:

— אַלע זענען פּאַסקודניקעס — איך בין אַביסל אַ גרעסערער... איז וואָס?

איז טאַקע גאָרנישט אַזוי שלעכט, ווייל דער טונקעלער איז פֿאַר אונדז אַלעמען שטענדיק ווייל געווען און אַ שמחה אָן אים איז שטענדיק געווען אַ האַלבע שמחה. איצט איז ער אין אַמעריקע און עלטערט זיך דאָרטן.

ער איז אין ניו-יאָרק און דאָרט זענען אויך פּנחס שוואַרץ, שעפּנער, קאַזשדאַן און שלמהקע זוסמאַן, שלמה מענדעלסאָן, יעקב פּאַט, אריה וואַסער. מאַרק טורקאָוו איז אין אַרגענטינע, מלך ראַוויטש — אין

קאנאדע, מ. פלאקסער, עלבוים, ראפאפארט, בער ראזען — אין שאנכאי. איך ווייס נישט, ווי אזוי וועלן זיי זיך איינאָרדענען אין לעבן, אפשר ווארטן אויף זיי גליקלעכע קאריערעס, אפשר וועלן זיי דאָך געפינען א שטיקל מנוחה. אָבער איינס וועלן זיי שוין נישט געפינען: אזא אָפענע טיר, וואָס איז געווען אויף טלאמאצקע דרייצן, איז אויף דער וועלט נישטאָ און עס וועט נישט זיין. אזוי פשוט צוגיין צו א חבר, ווי מען איז ביי אונז צו־געגאנגען, איז נישט פאר דעם טומלדיקן ניו־יאָרק, אזא אָפקלאנג פון א ליטעראַרישע, צי א זשורנאליסטישע ארבעט ווי אין פוילן, וועט מען זיך אזוי שנעל נישט דערווארטן, אפשר אויף דער לבנה. און נאָך עפּעס: אזוי מענטשלעך און יידישלעך, ווי מיר האָבן זיך געוויילט, וועט מען זיך אין ערגעץ שוין נישט ווייל‌ן, מיר האָבן זיך דערצו נישט באמיט, נישט געמאכט קיין רעקלאמע קיין שרייאיקע. דאָס ביסל פארוויילונג האָבן מיר געטראָגן אין זיך, די גרויסע מחנה יידישע יידן האָבן אונז דערצו אינ־ספּירירט... ווען מיר האָבן זיי געזען פאר די אויגן, האָבן מיר געלעבט מיט זייער צער, ווען מיר האָבן געפילט, ווי מיר זענען מיט זיי צונויפגע־בונדן מיט שפּראַך און געפיל, האָבן מיר געהאט רעכט אויך אויף א רגע פארוויילונג.

* * *

עס האָט זיך אָנגעהויבן ביי אונז מיטן פאטעפאָן און עס איז דערגאנגען ביז די גרויסע פורים-בעלער, וואָס מיר פלעגן איינאָרדענען אין די גרעסטע זאלן אין ווארשע. די בעלער האָבן געהאט א שם אין גאנץ פוילן. הונדערטער זענען געקומען ספּעציעל פון דער פּראָווינץ זיך ווייל‌ן. די בעלער האָבן געגעבן דעם פאראיין א גרויסע הכנסה, וואָס איז געגאנגען צו העלפן די ארבעטסלאָזע.

אָבער דאָס טייערסטע, דאָס אינטימסטע זענען געווען די פרייטיק־צונאכטס. ביז פארטאָג און פארטאָג שוין, ווען דער עולם איז אוועק, זענען נאָך פארבליבן געציילטע מיט נאָמבערגן אינאיינעם. וואָס עפּעס גיין שלאָפן? די אַלטע בחורים האָבן נישט געוואָלט פארלאָזן די בודע. צווישן א כאָאָס פון צערוקטע טישלעך און שטולן, מיט ליידיקע פלעש־לעך פון ווייַן אויף די טישלעך, מיט ליידיקע גלעזלעך, מיט עלנטע נשמות.

מען האָט זיך קוים איינגעבעטן ביי דעם אינהאבער פון בופעט, ער זאָל נישט גיין שלאָפן, ער זאָל אונז אָפּקאָכן פרישע קאַווע, שווארצע קאַווע און נאָמבערג איז ווידער געקראָכן צום פּאַטעפאָן, ער פלעגט אָנשטעלן עפּעס א טאַנץ, א טאַנגאָ און זיך דרייען איינער אליין, געוויזן און באַוויזן אונז די גרויסע חכמה פון טאַנגאָ - פיגור. ער האָט אַזוי פיל געלערנט אין לעבן, אַזוי פיל פאַרשטאַנען און קלוג געשריבן, אַזוי פיל, נאָר דאָס אַלץ איז ווייזט אויס ווייניק געווען. די טיפקייט פון פלאַכן טאַנגאָ האָט זיך אים געוואָלט דערגיין. א גמרא-קאָפּ האָט זיך פאַרטיפט וועגן טאַנגאָ-טאַנץ, אין א פאַרטאָג. איך געדענק יענעם פאַרטאָג. איך האָב דאַמאָלט טיף דערפילט ווי איינזאַם א מענטש קאָן זיין. נאָמבערג האָט גערעדט וועגן לייכטזיניקע זאַכן מיט דעם גאַנצן ערנסט און געווען איז דאָס דערפאַר, ווייל ער האָט געוואָלט מיט דעם עפּעס פאַרדעקן. די עלטער, די מידקייט און אפשר א יאוש אין אַלץ און אַלעמען. ער איז כסדר אויפגעשטאַנען און איז געגאַנגען צום פּאַטעפאָן, געפּרובט נאָך א מעלאָדיע און נאָך א מעלאָדיע, ווי ער וואָלט וועלן אַרויסקוועטשן דעם גאַנצן טעם פון דעם מוזיקאַלישן קעסטל. מיט עטלעכע שעה צוריק האָט זיך דאָ א גרעסערער געזעמל געווילט, מען האָט זיך געוויצלט, מען האָט געטאַנצט, עס איז געווען, ווי מען זאָגט, שטימונג, עס איז געווען וואַרעמקייט און זאָרגלאָזיקייט. די עלטערע האָבן געווירקט אויף די יינגערע, זיי זאָלן נישט ווערן צופיל שטיפעריש, וואָס גרענעצט אָפּט מיט פלאַכקייט. די יונגע האָבן געווירקט אויף די עלטערע, זיי זאָלן נישט זיין צו ערנסט און צו שווער. מען איז באמת געווען פריינטלעך, מען איז געווען צופרידן פון יידישן צוזאַמען. עטלעכע יידישע דעפּוטאַטן פון סיים און דער סענאַטאָר קערנער איז אויך געווען. דאָס איז דער האַרציקער קערנער, וועלכן איך זע איצט אַזוי אָפּט אין תל-אביב. עס האָבן זיך אין דער בודע באַגעגנט יידישע געלערנטע, דיכטער, אַקטיאָרן, זשורנאַליסטן. מיט וואָס איז דאָס נישט געווען אונזער סאַלאָן? די פרויען פון די מיטגלידער האָבן צוגעגעבן זייער חן. אהרן איינהאָרנס פרוי, ברכה, עס האָט זיך געוואָלט מיט איר שמועסן, עס האָט זיך געוואָלט שפּאַסן מיט כילינאָוויטשעס פרוי, פלירטעווען מיט רוטע קאַרלינסקי. די ביידע צייטלינס, אהרן און אלחנן,

האָבן געהאַט שיינע פּרויען און די אָריגינעלע קלאַרא סעגאַלאָוויטש, די טאַלענטירטע אַקטריסע פון צענטראַל-טעאַטער.

ווען איר שרייבט מען איצט אין אונזער טויט-כראָניק, אַז די מער-דערס האָבן זי געפּייניקט ביז דער לעצטער מינוט פון איר לעבן און צום סוף דערשאָסן אויף דעם הויף פון דער תפיסה „פּאַוויאַק".

ווען איר שרייבט מען, ווען אַנדערע שרייבט מען, מען שרייבט מיט טינט, ווייל דאָס בלוט פון מיליאָנען קרבנות האָט זיך איינגעזאַפּט אין דער ערד און אויף דער ערד בליען בלומען, ווי פריער... צי ווייסט ער, דער באַגרענעצטער מענטש, וואָס פאַר א בלומען דאָס זענען? אין דער ערד זענען איינגעקנאַטן די לעבנס פון אונזערע משפחות און מען שפּרייזט אויף דער ערד, מען ציט ווידער יניקה פון דעם... מען שרייבט און נאָך אַביסל צייט: מען וועט אויפהערן צו שרייבן, בלויז געציילטע היסטאָריקער וועלן דערמאָנען. מיר, די אבלים, מיר, אונזער דור קאָן נאָך געדאַנקלעך ארומנעמען די נאָענטסטע געשטאַלטן און נישט שלאָפן א נאַכט און נישט שלאָפן א סך נעכט... אַזאַ קאַראַהאַד פון מתים פאַר די אויגן, אַזוי פיל פון זיי האָבן געטאַנצט אַמאָל אויף אונזערע אינטימע אָוונטן, אין אונזער יידישן ווינקל, וואָס מען האָט עס אין גאַנץ פּוילן גערופן: טלאָמאַצקע דרייצן. אויף יעדן קרבן וואָלט זיך וועלן אַרויס-לייגן די האַנט און מיט פּחד אין האַרצן, מיט פאַרשעמטער חרטה אי-בערבעטן, ווייל מען איז פאַרבליבן צווישן די לעבעדיקע, ווייל אויף זיי איז אויסגעפאַלן אַזאַ ערב-טויט און אַזאַ טויט... א טרייסט וואָלט עס געווען, ווען די לעבעדיקע זאָלן ווערן אַביסל עמפּינדלעכער, זיי זאָלן אָנ-הייבן מער פילן און דערפילן דעם טעם פון טרעבלינקער יסורים. אויב די נקמה וועט אונז רופן יעדן טאָג, יעדע שעה, אויב מיר וועלן ווייטער דולדן אַ זאַ וועלט, זענען מיר שטילע שותפים צו די מערדער, אַזוי פאַר-שטייט דאָס געוויסן, דאָס ביסעלע געוויסן, וואָס איז נאָך ערגעץ-ווו פאַרבליבן.

איך וואַרף זיך אַריין אין דעם נעכטן, מען טאָר נישט דערלאָזן, אַז אפילו א קליינער טייל פון אים זאָל פאַרמעקט ווערן אין זכרון. פון אַזאַ פיינעם און ריינעם יידישן אַריסטאָקראַט, ווי אברהם העפנער ביז א

יידישן טרעגער פון די נאלעווקעס, אַלעמען זיי ליכטיקער אָנדענק און
אין זייער אַלעמענס נאָמען אַ קללה דער ביז איצטיקער וועלט, וואָס זי
האָט באַשאַפן דעם באָדן פאַר אזא שחיטה.



צבי פּרילוצקי
(צייכענונג פון
י. ברוינער)

איך שילט, ווייל איך געדענק, ווי פריינט
און חברים האָבן געשמייכלט, ווי מען האָט
ליב געהאט דאָס לעבן, אפילו דאן, ווען עס
איז שווער געווען צו לעבן. איך שילט,
ווייל דאָס, וואָס איך דערמאָן, איז היינט פאַר-
ברענט, געשענדעט און צעטראָטן פון דער ני-
דערטרעכטיקייט. איך קאָן נישט אָנקוקן די ציי-
פערן, די רעגיסטראַציעס און די פּראָטאָקאָלן,
וואָס ווערן אזוי פיל פאַרעפנטלעכט... ווו
זענען די שטראָמען בלוט, וואָס מוזן גיסן און
רינען פון יעדן אָפּגעדרוקטן פּאַפּיר-בויגן?, ווו
זענען די קללות, וואָס דאַרפן שרייען און פאַר-
הילכן. בעת מען נעמט אזא רעגיסטראַציע פון טויט אין האַנט אריין?

אין די יסורים פון דערמאָנען עפנט זיך ווידער פאַר מיר אונזער
לאָקאַל, אונזערע באַלויכטענע צימערן מיט אזוי פיל באַקאַנטע פנימער:



נח פּרילוצקי
(צייכענונג פון
מ. עליאַוויטש)

וואגמאַן, יהושע פּערלע, נתן שוואַלבע מיט
זיין פרוי, פאַרוואָס ריידן זיי נישט אביסל
העכער. ס'איז דאָך אונזער פאַראיין? פאַר-
וואָס שווייגן אַלע? איך מוז זיך גוט אָנשטרענ-
גען, איך זאָל דערהערן דעם, אָדער יענעמס
קול, זשיטניצקי מיט זיין פרוי, סטופּניצקי,
צבי פּרילוצקי, נח פּרילוצקי, היינט איז אַ
גרויסע שמחה, אַלע זענען געקומען. מען
ברענגט פון אַלע ווינקלען שטולן, אונ-
זערע שטולן פאַר אונזערע מיטגלידער,
פאַר זייערע פרויען און פאַר ספּעציעל געבע-
טענע געסט. מיר האָבן געהאַט אַ סך שטולן,
מיר האָבן געטראַכט, אז די משפחה וועט זיך פאַרגרעסערן, עס וועלן

צוקומען נייע זשורנאַליסטן, נייע פּאָעטן און ראָמאַנען - שרייבער...
מיר האָבן געטראַכט צו בויען אַ ספּעציעלן בנין פאַר אונזער פאַראיין...

מיר האָבן אפילו געטראַכט וועגן אָפּקויפן דאָס גאַנצע הויז פון טלאַ־מאַצקע דרייצן, דער באַלעבאָס האָט געהייסן זאַכאַריאַש. אַ גוטער באַלע־באָס, ער האָט אונז קיינמאָל נישט געמאָנט קיין דירה־געלט און ווייל ער האָט נישט געמאָנט, האָבן מיר אים שטענדיק באַצאָלט. עס שוועבן פאַר די אויגן זיינע קינדער — די יורשים. דער פּריזירער אונטער אונזער פאַראיין, פאַלץ האָט ער געהייסן, דער שווער זיינער איז געווען אַן אַלטער יידישער אַקטיאָר און דערפאַר האָט פאַלץ אַליין זיך געהאַלטן פאַר אַן אייגענעם מענטש צווישן די אַקטיאָרן.

פאַר די אויגן קומט זי, אונזער גאַס, מיט אַלע קליינינקייטן, מיט דעם פּאַפּיראָסן-פאַרקויפער, מיט דעם ייד, דעם צייטונגס־פאַרקויפער. יאָרן און יאָרן די זעלבע פּנימער... און זיי גייען נישט אַוועק, שותּפים מיינע, טייערע שותּפים...

פאַר די אויגן שוועבט קאַנאַנאָווסקיס פּרוי מיטן בלייכן פּנים. זי האָט געגנוג געליטן אין איר לעבן, גענוג גיהינום געהאַט, נאָך איידער זי איז מיט איר קינד אַריין אין היטלערס גיהינום. דאָך דאַמאָלט אין אונ־זערע פּרייטיק צו נאַכטסן האָבן אַלע זיך געפילט גוט. מען האָט פאַר־געסן די וואָך. אונזער שטימונג און אויסלעבן זיך האָט שטענדיק געהאַט שותּפות מיט די גאַסן און געסלעך, ווו יידן האָבן געלעבט. אָן יענע גאַסן און געסלעך וואָלט קיין ליטעראַטן און זשורנאַליסטן פאַראיין נישט געווען, עס וואָלט נישט געווען קיין יידישע אינטעליגענץ, נישט קיין יידישע סיים־דעפּוטאַטן. עס וואָלט נישט געווען דאָס פּריילעכע און נישט דאָס טרויערי־קע און אַזאַ גייסטרייכער סקעפּטיקער, ווי נאָמבערג, וואָלט נישט געווען.

אַזאַ הערש דוד וואָלט איצטער געשלאָפן און נישט געפייניקט דעם פּאַטעפּאָן און דער מוזיקער שניאור וואָלט נישט געזעסן ביים טיש, ווי דער פאַרגליווערטער בודאַ און מנחם מענדל הורוויטש וואָלט נישט גע־קוקט מיט זיינע אויסגעלאָשענע קרענקלעכע אויגן אין איין פּינטל אַריין, פּונקט ווי ער וואָלט וועלן אָפּנעמען ביים פאַרטאָג דאָס אַלץ, וואָס מען האָט ביי דעם טאָג און ביי דער נאַכט נישט באַוויזן צו נעמען.

פֿאַרטאָג, ליכטיק שוין אויף דער גאַס. ליכטיק אין דער בודע, די אַלע עלעקטרישע לאָמפּן ברענען און די עלעקטרישע ליכט גיסט זיך צונויף מיט דעם ליכט, וואָס קומט שוין פֿון גאַס. די לאָמפּן פֿון פֿאַראיין וועלן נאָך ברענען ביזן טאָג אַריין, קיינעם פֿאַלט נישט איין זיי צו פֿאַרלעשן.

אויף איין שטול, איינגעדרייט אין דרייען שלאָפֿט דער אַלטער זאַקס, אויף אַ צווייטן שטול האָט זיך אויסגעלייגט די קאַץ פּיפּי און אַ הונדערט אַנדערע שטולן שטייען און ליגן צעוואָרפֿן אין דער גאַנצער לענג פֿון אונזער גרויסן זאַל...

אין אַ ווינקל פֿאַררוקט זיצט די גאַנצע צייט אַרנאָלד אַ שווייגנדיקער. מען קאָן ביי אים קיינמאָל נישט דערגיין, צי ער איז הונגעריק, צי זאַט, שלעפֿעריק, צי נישט שלעפֿעריק. ער ט ר אַ כ ט און וועט עפּעס אויסטראַכטן. אָט הויבט ער זיך אויף און גייט צו צו די פֿאַרבליבענע און פֿאַרשפּעטיקטע. ער האָט עפּעס צו זאָגן:



ד״ר יצחק שיפּער
(קאָפּיע פֿון
א בילד)

— צו וואָס פֿאַרנעמט ער זיך דער ד״ר שיפּער מיט פּאָליטיק? ער האָט געזאָלט בעסער האַלטן אַ רעפֿעראַט וועגן טעאַטער.

אַרנאָלד טיילט שטענדיק ראָלן. נישט אומזיסט איז ער אַ טעאַטער־מענטש. אָבער קיינער ענטפֿערט אים איצט נישט. ס'איז אַ מידער פֿאַרטאָג. און וואָס איינער זאָל נישט זאָגן, מען וועט אים נישט ענטפֿערן.

געווען אַביסל שטימונג, טאַנץ, געזאַנג, געווען וויץ און אַנעקדאָט. געווען אַ פֿאָלקס־לידל, וואָס מען האָט געזונגען אין כאָר, געווען אַ יידישער צוזאַמענקום און מען איז אַ היים געגאַנגען. נאָך יעדער שמחה איז שטענדיק אומעטיק... אפֿשר דערפֿאַר, ווייל עס איז אַ שאָד די שמחה. מענטשן גייען אַוועק און נעמען מיט דאָס, וואָס עס לאָזט זיך מיטנעמען פֿון אַזאַ צוזאַמענקום, און זיי לאָזן איבער די ליידיקע גלעזער און פֿלעשער און די איבערגעדרייטע שטולן.

די לעצטע פאַרבליבענע גייען אַרויס פון פאַראיין און בלייבן שטיין ביים טויער פון טלאַמאַצקע דרייצן. מען שטייט, מען קוקט און מען ווייסט נישט, וואָס צו טאָן מיט זיך. רופט זיך אָפּ דער ערשטער, נאָמבערג:

— יאָך וויל נישט שלאָפן...

די פראַזע האָט איר באַדייטונג און דאָס דאַרף מען פאַרשטיין, אַז מען דאַרף גיין און זוכן אַן אָרט, ווו צו טרינקען אַ שוואַרצע קאַווע. אָבער ווו? די קאַפע־הייזער, די קריסטלעכע וועט מען ערשט עפענען אין צוויי אָדער דריי שעה אַרום. בלייבט איין און איינציקער אָרט: דער וואַקזאַל, דער בופעט אויף דעם ווינער וואַקזאַל איז אָפן אַ גאַנצע נאַכט און פאַרטאָג און ביי טאָג.

און נאָמבערג פירט צום וואַקזאַל, ער זאָגט, אַז דאָרט באַקומט מען גוטע קאַווע...

9

# געסט...

געסט פון ווארשע, פון דער פּראָווינץ און פון אויסלאַנד. גיין צו די ליטעראַטן איז געוואָרן אַ כבוד-זאַך. האָט אין ווארשע געוויילט די „הבימה״, איז די גאַנצע טרופּע נאָך דער פאָרשטעלונג געקומען צו אונז און דער שיינער קאָפּ פון ראַווינאַ האָט געלויכטן צווישן עולם. איז געקומען י. אונגער פון לאָדזש, דער אַלטער רעדאַקטאָר פון לאָדזשער צייטונגען, דער קענער פון ליטעראַטור און איבערהויפּט פון דער דייטשישער ליטעראַטור, דערפאַר האָבן אים טאַקע די דייטשן דריי טעג געשלאָגן און געמאַטערט, איידער זיי האָבן אים דערשאָסן.

איז געקומען פּסח קאַפּלאַן זיך באַגעגענען מיט די קאָלעגן שרייבער פון ווארשע. געקומען אויף אַ פּרייטיק צו נאַכטס אין אונזער בודע. פּסח קאַפּלאַן, דער רעדאַקטאָר פון „דאָס נייע לעבן״. אַ ייד אַ חכם און אַ תלמיד-חכם, אַ גרויסער מנגן, אַלזייטיק געבילדעט. מיר האָבן שטענדיק גערעדט צווישן זיך, אַז דאָס איז אַ גרויסער שאָד, וואָס פּסח קאַפּלאַן זיצט אין ביאַליסטאָק, זיין אָרט איז ביי אונז אין ווארשע, אויבן-אָן. אויך אים האָבן די מערדער געפּטרט.

איז געקומען זלמן רייזין פון ווילנע און האָט זיך געפרייט נישט איין פּרייטיק צו נאַכטס מיט אונז. ער, אַ ברענענדיקער יידישיסט, אַ פּאַנאַטיקער אין דעם הינזיכט, ער האָט איינגעפונען, אַז טאַנצן באַדאַרף מען

אויך אין יידיש. פון ווילנע זענען אויך געקומען משה שאליט, גראדזענ־סקי און ד"ר וויינרייך, וואָס איז איצט אין אַמעריקע. מיר זענען קיינ־מאָל נישט געווען אַליין, מיט אונז זענען געסט געווען און פאַר זיי פלעגן מיר אויסשטעלן אַ טייל פון אונזערע שטולן. מיט אונז האָט אַ וועלט געלעבט און פעדעם האָבן זיך געצויגן... דריי יידישע צייטונגען: אין ביאַליסטאָק, אין לאָדזש, טשענסטאָכאָוו, בענדין, לעמבערג, פינסק, דריי יידישע צייטונגען אין ווילנע. יעדן אין דער פרי פלעגט אויף די טישן ביי אונז אַראָפּפאַלן פּעק מיט יידישע צייטונגען, פון ווארשע און פון דער פּראָווינץ און פון דער גאַנצער וועלט. די „פאָרווערטסן" מיט די „טאָגן" מיט די „מאָרגענס־זשורנאַלן". צייטונגען פון ארגענטינע, פון בראַ־זיל, פון מעקסיקא און אַפריקע, העברעאישע צייטונגען פון ארץ־ישראל, פראַנצויזישע, דייטשע און רוסישע צייטונגען, זשורנאַלן, זאַמלביכער און ביכער. די אַלע צייטשריפטן האָט די „וועלט" אַליין געשיקט צו אונז, ווייל מיר זענען געווען אַן אדרעס: „טלאָמאַצקע דרייצן", ווייל מיר האָבן געהאַט פינף הונדערט שטולן מיט אַ קליינער טריבונע, אַ שטענדער פאַר אַלעמען. מען האָט זיך מיט אונז גערעכנט, ווייל מיר האָבן רעפּרעזענ־טירט. מיר זענען געווען מיט אַ פאָלק, מיט אונזער אויסגעליטן פאָלק. מיר האָבן די אומעטיקע אויגן שטענדיק געזען, מיר זענען פון די שמאָלע געסלעך נישט געלאָפן, כאָטש נישט איינער פון אונז האָט די מעגלעכ־קייט צו לויפן ערגעץ אַנדערש־ווו געהאַט.

אונזער היים אויף טלאָמאַצקע דרייצן איז מיט דעם טאָקע טייער געווען, וואָס זי איז געשטאַנען אין דער געדיכטעניש פון יידיש לעבן. מען דאַרף זיך בלויז אויפהויבן פון שטול, צוגיין צו איינעם פון אונזערע זיבן פענסטער און דערזען די קאַפּאָטעס, די בערד פון די יידן און די אויגן. יעדע פאָר יידישע אומעטיקע אויגן דערציילט די געשיכטע פון אונזער פאָלק... די געשיכטע, וואָס מיר האָבן סיי ווי שטענדיק געטראָגן אין זיך.

די יידישע גאַסן אין ווארשע זענען געווען די אָרעמסטע אין פאַרבן, אין אַרכיטעקטור און גרינס. נאַוואַליפּקי און די גענשע, די נאַלעווקעס און די לעשנאָ. אַזוי איינטאָניק, גרוי און נישט היימלעך. קראַכמאַלנע



א גרופּע שרייבער און קינסטלער (פון רעכטס צו לינקס) זיצן: ה. ל. זשיטניצקי, ארטור שיק,
י. מ. ניימאן, ז. סעגאלאוויטש. עס שטייען: יהושע פּערלע, ד"ר יהושע גאָטליב,
מאַרק טורקאָוו, נחמן מייזל, ש. קאווע, מאַנע קאַץ, יוסף טונקעל און שיקס זון.

און סמאטשע, אזוי אָפּגעקראָכן די הייזער, אזוי פארלאָזט און דאָך האָט עס עפּעס געהאט א חן, א נישט ארויסגערעדטן, א נישט באַשריבענעם חן... איך זאָג עס נישט דערפאר, ווייל דאָס אַלץ איז שוין „נישטאָ". איך האָב עס דעמאלט נישט איינמאָל אזוי באצייכנט און ליב געהאט ביז צער. ווי זאָל איך דאָס אָנרופן? מיינע גאַסן, אונזערע גאַסן... גלייכ-גילטיק פארבייגיין און נישט א טראַכט געבן וועגן די, וואָס ווינען אין די אָפּגעקראָכענע הייזער, איז פאַר מיר געווען אוממעגלעך. די באַלקאָנען אָן א בלום און די פענסטער אָן א בלומען-טאָפּ. אַלץ צוזאמען האָט עס געמאכט דעם איינדרוק, ווי דאָ וואָלט מען באַשלאָסן זיך אָפּזאָגן פון יע-דער אויסערלעכער שיינקייט. האָבן דאָך די יידן געטראָגן קאַפּאָטעס פון שווארצן קאָליר, האָבן אויך די דאָזיקע יידן פארמאָגט הייזער פון איין גרויען קאָליר, גלאטע פאסאדן פון פארעלטערטן ציגל, עס האָט דער-מאָנט תפיסה און דאָך האָט עס געהאט א חן און דאָך האָט עס גע-וועקט דעם געדאנק, עס האָט מער גערופן, ווי געפירט צוריק. עס האָט געצווונגען צו פארטראכטן זיך. שטענדיק איז דאָס געווען פאַר די אויגן, ווי א טראַגיש בוך, וועלכן דו האָסט שוין גוט איבערגעלייענט, ווייסט שוין זיין אינהאלט און דאָך אַראָפּנעמען פון טיש דעם ספר ווילסטו נישט. איך האָב שטענדיק געלעבט צווישן מיליאָנען יידן און נאָך מער מיליאָנען קריסטן, אָבער שטענדיק האָב איך מער אַריינגעקוקט אין דעם ייד ווי אין א קריסט, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס דער ייד איז מער באַקאַנט געווען. דאָס איז געווען די נייגעריקייט צו א גורל...

קיינער קאָן דעם גורל נישט פאָראויסזען און אזא גורל, ווי עס האָט געוואַרט די אַלע גאַסן, וואָס זענען געשטאַנען אַרום טלאמאצקע דרייצן, האָט די פינסטערסטע פאנטאזיע נישט געקאָנט פאָראויסזאָגן און ווען יאָ... וואָלט מען זיך נישט געוויילט אין די פרייטיק צונאַכטסן טיר און פענסטער וואָלט מען אויפגעריסן, קינדער אויף די הענט וואָלט מען גענומען און געלאָפן, געלאָפן, ווי יעדע באַשעפעניש לויפט פון סכנה... געהייליקטע יידן פון פוילן, אַז אומגליק איז געווען דאָס גלויבן אין מענטשן.

* * *

אויף איינעם פון אונזערע פרייטיק צונאכטסן האָט זיך געפונען א
דייטש, א בלאָנדער, א שיינער, א באוועגלעכער, ער האָט זיך זייער פריי
געהאַלטן, ליב געווען ביז גאָר. דאָס איז געווען האנס - הייניץ עווערס, דער
מחבר פון „אלראונע”. ער האָט זיך דאַן געפונען אין ווארשע און באזוכט
די פוילישע שרייבערס, האָט ער אויך אונז באזוכט. קורטואזיע, מיר האָבן
שטענדיק געוואָלט, אז די אויסלענדישע קינסטלער און דיכטער זאָלן אונז
באזוכן, כדי מיט דעם זאָל אונטערגעשטראָכן ווערן דער אינטערעס צו
די יידן פון פוילן, וועלכע האָבן א באזונדער קולטור.

האנס הייניץ עווערס האָט מיט אונז פארבראכט אין יענעם פריי-
טיק צונאכטס ביז פארטאָג. עס האָט זיך אים אבסאָלוט נישט געוואָלט
פארלאָזן אונזער לאָקאַל. דאָס איז געווען א פּאָר יאָר פאר היטלערס קו-
מען צו דער מאכט. נאָך היטלערס קומען צו דער מאכט, וואָלטן מיר צו
אונז קיין דייטש נישט אריינגעלאָזט. דאַמאָלט האָבן מיר נאָך נישט
אלע געוווּסט, וואָס די דייטשן זענען און קיינער האָט זיך נישט פאָר-
געשטעלט, וואָס זיי קאָנען ווערן, האָט מען זיך פארוויילט און דער דייטש
האנס עווערס האָט זיך אויך פארוויילט. שוין צען מינוט נאָכדעם, ווי
ער איז אריין צו אונז, האָט ער ארויסגענומען דעם מאָנאָקל פון אויג
און אין דער גאנצער נאכט אים מער נישט אריינגעטאָן אין אויג. ער
האָט מיט דעם אוועקגעוואָרפן יעדע שטייפקייט און פאזע. דאָס איז
געווען א סימן, אז ער האָט זיך דאָ דערפילט היימיש. געשמועסט מיט
אונז און נאָך פריער געטאנצט מיט אונזערע פרויען. ער האָט געטאנצט
און א סך פון אונזערע מיטגלידער און געסט האָבן געטאנצט. די איבעריקע
ביי די טישלעך האָבן געשמועסט. פון צייט צו צייט פאַלט ביי א טישל
א שמייכל, דאָס שמייכלט מען פון נאָמבערגס טאנצן, ווי אזוי ער מא-
ניפולירט מיט זיינע קורצע פיס, כדי בעסער און טיפער אריינבאקומען
דעם עיקר פון טאנץ. עס האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט פירן א טיפן
וויכוח... מיט די פיס. אָבער אין דער אלגעמיינער, צופרידענער שטי-
מונג איז דאָס אלץ איינגעשלונגען געוואָרן. אין איינגעגעבענע פארווי-
לונג איז א ספּאָנטאנישע קאָמפּאָזיציע, א סימפּאָנישע גאנצקייט, וואָס
קומט פון זיך אליין, מען זעט נישט, מען באמערקט נישט די דעטאַלן.

אַזוי האָט מען אויך פאַרגעסן, אַז היינט איז דאָ פאַראַן אַ גאַסט, אַ באַוווּסטער שרייבער, אַ דייטש. זאָל ער זיך ווײַלן מיט אַלעמען צוגלייך.

מיר זענען געווען צוגעוווינט צו אַלערליי געסט. יעדן איינעם האָט מען אויפגענומען גערן מיט פריינדלעכקייט, אָבער בלויז די ערשטע שעה. דאָס איבעריקע האָט מען געלאָזן פאַר אים אַליין, זאָל ער זיך איינ-בירגערן אין אונזער גערעמל און פאַרברענגען, ווי ער וויל און מיט וועמען ער וויל. און אויב איינער ווארט, מען זאָל טאַנצן אַרום אים — מאָ זאָל ער נישט קומען צו די ליטעראַטן. מיר האָבן זיך נישט געשפּילט אין צערעמאָניעס. טישלעך זענען דאָך פאַראַן גענוג, שטולן — אי-בערגענוג און פון וואַנט קוקט אַראָפּ פּרץ מיט זיין קלוגן פריינדלעכן בליק... וואָס דאַרף מען מער?

ביי איין טישל דערהערט זיך אַ געזאַנג. דאָס האָבן געזונגען די, וועלכע האָבן נישט געקאָנט, אָדער נישט געוואָלט טאַנצן. עס האָט זיך דערהערט:

„איינע פון די שענסטע זאַכן
דעם אַקציז פון בראָנפן אַראָפּצומאַכן".

צו-ערשט איינזאַם-סאָלאָ, באַלד אביסל שטאַרקער און נאָך אַ רגע, עס זינגט שוין אַ גרעסערער עולם. מיט געזאַנג ווערט פול דער גרויסער זאַל. דאָס איז געווען אַ געמישטער געזאַנג-אַנסאַמבל. קיפּנים פּירט אָן, זיין פרוי זמרה זעלינפעלד באַווייזט, וואָס זי קען. עס נעמט אַנטייל דער ספּאָרט-רעדאַקטאָר פון „מאָמענט", באָרנשטיין, וואָס מיר אַלע האָבן אים גוטמוטיק גערופן „צוציק". קיינער האָט נישט געוווּסט, פאַרוואָס „צוציק"? אפשר דערפאַר, ווייל ער האָט מיט אַלעמען שטענדיק געשפּאַסט, האָט מען אים אַ שפּאַסיקע צונעמעניש געגעבן. דער באָרנשטיין-צוציק האָט געהאַט אַ גוטע שטימע. ער האָט אפילו געזונגען ביי שניאורן אין כאָר און אין טלאָמאַצקע שול געזונגען, ער האָט עס ליב געהאַט צו ווייזן אביסל זמירה ביי אַ טישל פון אונזער בודע און אונטער דער שוץ פון עטלעכע שטימען באַהאַלטן זיך די שוואַכערע זינגערס. עס זינגט מיט אַלחנן צייטלין, עלבוים פון „עקספּרעס"...

די יידישע פאָלקס-לידער זענען זייער שטאַרק געזונגען געוואָרן

צווישן די צוויי מלחמות, דאָס וואָס פריער איז עס געווען אין שטעטל ביים פאָלק, ביי ישובניקעס פאַרוואָרפענע אין די דערפער, דאָס איז איצטער געקומען אין שטאָט אריין צו דער אינטעליגענץ, צו די אַרבעטער. דאָס פאָלקס-ליד האָט ארויסגעשטויסן די פוילישע לידער און אפילו די רעוואָלוציאָנערע לידער. די סיבה איז אוודאי באַשטאַנען אין דעם, וואָס אונזער אינטעליגענץ האָט זיך דערנענטערט צום פאָלק און אפשר אָן א סיבה: דאָס באַחנטע יידישע פאָלקס־ליד האָט געפונען חן אין אונזערע אויגן... מיר זענען נישט אָרעמער געוואָרן פון אזעלכע פערל, ווי „אזוי איז זי געפלויגן די גאָלדענע פאווע", אָדער, „אין ווילדן וואלד אליין". נישט געווען קיין יידישע פאַרווײלונג, וואָס האָט זיך נישט אָנגעהויבן, אָדער געענדיקט אָן א „לאָמיר אַלע אינאיינעם". אומעטום האָט מען געזונגען: „וואָס וועט זיין, אז משיח וועט באַלד קומען".. דאָס איז געוואָרן א נויטווענדיקייט אזא: אויסזינגען זיך אביסל און טאַקע פאָלקס-לידער.

אזוי איז אויך געווען אין ליטעראַטן-פאַראיין. אָן א פּראָגראַם, מען זינגט שוין, עס זינגט זיך.

דאָס „טישל", וואָס האָט אָנגעהויבן צו זינגען, בלייבט נישט איינזאַם. עס פאַראייניקט זיך באַלד צו אים נאָך א טישל און נאָך צוויי, דאָס געזאַנג גייט אריין מעכטיק אין דער טאַנץ־מוזיק און צעשטערט דעם ריטם פון דער טאַנגאָ. די טענצערס מוזן איבעררייסן. א סך פון זיי פאַראייניקן זיך מיט די זינגערס און פּלוצלינג באַמערקן מיר דעם יענעם, וועלכן מיר האָבן אינגאַנצן פאַרגעסן, דעם גאַסט. מיר האָבן דאָך עפּעס היינט א דייטש אין אונזער געזעלשאַפט, א שריפטשטעלער, וואָס הייסט האַנס היינץ עווערס. ער שטייט אין מיטן זאַל און הערט אונזער געזאַנג. קוקט אויף אונז און איז אביסל איבערראַשט, אָדער שטאַרק איבערראַשט. טאָ זאָל ער... מען זינגט ווייטער און אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. ער האָט דעם איינדרוק, אז די גאַנצע בודע האָט זיך צעזונגען, געווען ווייזט אויס, אזא גוטע מינוט, עס האָט זיך אַלעמען געוואָלט זינגען, האָט מען גענומען די נידעריקסטע און די העכסטע טענער. פון די הויכע טענער האָט זיך די קאַץ „פּיפּי" דערשראָקן און איז אַנטלאָפן אין קיך...

האנס היינץ עווערס האָט גענאסן-רואיק גענומען אַ שטול און זיך אַוועק-געזעצט לעם די זינגערס.

דאַכט זיך, אַז דער עולם פון גאַנצן זאַל האָט זיך צונויפגעזאַמלט אויף דעם פּלאַץ, ווו מען זינגט. אַן איינדרוק מאַכט עס, אַז אָט דאָ האָט מען אַן אוצר געפונען און אַלע ווילן געניסן פון דעם אוצר. מען האָט נאָך נישט געענדיקט איין ליד און מען גייט שוין אַריבער צו דעם צווייטן. אין אַ צונויפגוס פון געוויינלעכע שטימען רייסט זיך פּלוצלינג אַריין אַן עכט זילבערנער קלאַנג פון אַ געבענטשטן קול. דיסאָנאַנס און האַרמאָ-ניע, נאָר מען זינגט מיט גוטן ווילן און באַגייסטערונג און דאָס קויפט אויס אַלע פאַלשע קלאַנגען. מען זינגט פאָלקס-לידער און בלויז פאָלקס-לידער. מילנער, ישובניק און חסיד, פּאַכטער, רבי, קרעטשמע... דאָס יידישע פאָלקס-לעבן גייט אַדורך אין די לידער.

וויאָ, וויאָ, פערדעלעך
שטילער! די קעפּ אין דער הויך
פירט די פאַרשיינדעלעך
טרייסלט די ביינדעלעך!
שנעלער, אַז גיין זאָל אַ רויך.

פאָלקס-לידער — אַ מתנה פון דורות. ווערטער און בילדערישע גע-שטאַלטן אין די ווערטער. מעלאָדיעס און ווער האָט זיי פאַרפאַסט? פאָלקס-לידער זענען ירושה-פּערל, וואָס קאָנען זיך פאַרוואַלגערן אויף אַן אָרעמען בוידעם, אָדער אין אַ האַלב-פינסטערן קעלער. דאַמאָלט האָבן די פּערל זיך צעלויכטן אין אַ זאַל פון יידישע פּען-מענטשן. די אַלטע קלאַנ-גען פון אונזער נעכטן זענען געשוועמען אין אונזער פרייטיק צונאַכטס און געיום-טובט דאָס פאַרברענגען.

אין יענעם אָוונט האָט מען געזונגען שטאַרקער, ווי אין אַלע אונ-זערע פרייטיק צונאַכטסן. געווען איז זייער אַ גוטע שטימונג און לידל נאָך לידל. איך געדענק דעם „אַברהמעלע מלמד" פון יענער שעה. אַזאַ „אַברהמעלע" האָט מען אין ערגעץ נישט געהערט. קיפּנים האָט געפֿי-בערט און אינספּירירט אַ נייע אימפּראָוויזאַציע, מיר אַלע צוזאַמען זענען געווען דאַמאָלט גוטע תלמידים און גוט געגאַנגען אין טאַקט און מיר האָבן אַליין נישט באַמערקט, ווי דער דייטש איז אַריינגעצויגן געוואָרן

אין אונזער זינגעריי. ער האָט אונטערגעכאַפּט אַ רעפרען און געהויבן זיך פון שטול, פון הנאה. אונזער גאַנצער עולם מיט אונזער זינגען איז פאַר אים געווען אַן עקזאָטישע איבעראַשונג...

— אמתע יידן, מזרח-יידן! און אונזערע זענען איינגאַנצן אַנדערש.

ער האָט אונז אָנגעוואָרפן אַ באַרג מיט קאָמפּלימענטן, וועלכע קיי-נער האָט פון אים נישט פאַרלאַנגט. איצטער זענען דאָס געווען אמתע קאָמפּלימענטן, אויפריכטיקע. ער האָט אונז געזאָגט, אַז דעם דאָזיקן אָוונט וועט ער שטענדיק געדענקען, ער וועט דאָס באַשרייבן. אויף מאָרגן האָט ער מיך מיט גאָטליבן איינגעלאַדן אויף מיטיק אין איינעם פון די שענ-סטע וואַרשעווער רעסטאָראַנען, ער האָט ווידער גערעדט וועגן דעם טייערן אָוונט, וואָס ער האָט פאַרבראַכט. דערנאָך זיך מיט אונז געזעגנט און צעקושט זיך מיט אונז. דאָס איז געווען דער איינציקער דייטש מיט וועלכן איך האָב זיך געקושט אין מיין לעבן. ווען איך דערמאַן זיך דאָס, ווערט מיר געמיין אויף דער נשמה, כאָטש נעם און שנייד זיך אָפּ די ליפּן, וועלכע האָבן זיך צוגערירט צו טריפות. ביי היטלערן איז האַנס עווערס געוואָרן אַ נאַצי און אַ משוגענער אַנטיסעמיט. מיר האָבן קיין גרונט נישט געהאַט צו טראַכטן אין יענעם פּריוואַטן צונאַכטס, אַז ער איז מיט אונז נישט אויפריכטיק. וואָס? ער איז דאַן געקומען צו אונז אָנזאַמלען גיפט פאַר זיין שפּעטערדיקן האַס און דערפאַר האָט ער מיט אונז אינאיינעם געזונגען דעם טרויעריקן „אברהמעלע מלמד" און „יאָשקע פאָרט אוועק" און אַלערליי חסידישע ניגונים?

וואָס, נעבעך, האָט ער געקאָנט ביי אונז אויסקוקן? אַזוי טרויעריק, ווי אונזערע לידער איז אונזער לעבן און אונזער כוח, אונזערע געווער-אַרסענאַלן? מער ווי פּרצעס שטעקן, וואָס איז אין שראַנק געהאַנגען, מער קיין געווער האָבן מיר אין אונזער לאָקאַל נישט געהאַט. עס פאַר-דריסט, עס קרענקט, וואָס דער נפש איז געזעסן אויף איינעם פון אונזערע שטולן. דאָס איז דער איינציקער שטול, וואָס איז מיט רעכט פאַרברענט געוואָרן...

איך האָב זיך געקושט מיט אַ דייטש... מיין פאַרדרוס איז נאָך טיפער מיט דעם, וואָס איך האָב די דייטשן קיינמאָל נישט ליב געהאַט,

## 13 טלאַמאַצקע

פון קינדווייז אַן איז ביי מיר געווען אַ געפיל פון מורא און האָס צו זיי. געווען דערצו אַ סיבה:

מיין מאַמע איז געבוירן געוואָרן אין דעם קליינעם שטעטעלע קי־באַרטי. אין דער גרויסער רוסישער אימפעריע, ביי די צאַרן איז קיבאַרטי געווען דאָס פענסטערל אין אייראָפּע, ווייל קיבאַרטי איז געווען דער גרע־נעץ צווישן רוסלאַנד און דייטשלאַנד. פון דאַנען דער וועג קיין קע־ניגסבערג, פון דאַנען קיין בערלין. שפּעטער, ווען ליטע איז געוואָרן זעלבסטשטענדיק, איז קיבאַרטי געוואָרן דאָס גרענעץ־שטעטל פאַר ליטע. מיין מאַמע איז דאָרט געבוירן און דערצויגן געוואָרן. פון דאָרטן האָט זי מיטגענומען אַן אייביקן סענטימענט פאַר דייטשלאַנד. אזעלכע יידישע מאַמעס האָבן אויך געווירקט שטענדיק אויף זייערע קינדער, זיי זאָלן ליב האָבן, דאָס, וואָס עס לאָזט זיך נישט פאַרגעסן פון די יונגע יאָרן. מיין מאַמע האָט ליב געהאַט די דייטשן.

קיבאַרטי איז געלעגן לעם איידקונען. אַ טריט און דו ביסט שוין אין דייטשלאַנד. אין איידקונען האָט מיין מאַמע געלערנט, אין איידקו־נען געקויפט קליידלעך און שיכלעך, אין איידקונען געהאַט חברטעס און שפּעטער, ווען זי האָט חתונה געהאַט און אַוועק קיין ביאַליסטאָק, האָט זי געבענקט און שטענדיק דערמאָנט די קינדערשע יאָרן אירע און מעשהלעך געהאַט פאַר אירע יונגע קינדער, דייטשישע מעשהלעך און דייטשישע לידער. זי האָט אונז די לידער געזונגען. מען זאָל לעבן טויזנט יאָר און אזעלכע לידער פאַרגעסן זיך נישט, ווייל דאָס זענען לידער פון דער קינד־הייט. מיט שילערן איז זי געווען ווי ביי זיך אינדערהיים. זיינע באַלאַדן האָט זי פאַר אונז דעקלאַמירט, זיינע לידער איינגעפלאַנצט אין אונזערע יונגע נשמות. געדענק איך אַ ליד, ווי אַ יינגל זיצט ביים קוואַל און דערביי נאָענט בליען בלומען. רייסט דאָס יינגל די בלומען און פלעכט אַ קראַנץ. דערביי איז ער זייער פאַרטרויערט דאָס יינגל און ער באַקלאָגט זיך, אַז אַלע דערשיינונגען און אַלע שטימען פון דער נאַטור ברענגען פאַר אים נישט מער ווי צער און ער בעט זיך ביי דער נאַטור, אַז זי זאָל נישט פרעגן ביי אים פאַרוואָס ער טרויערט.

מיין מאַמע האָט נישט אַגיטירט פאַר דייטשלאַנד, נישט געזונגען

פאר די דייטשן קיין לויב־געזאנג. נאָר אז זי פלעגט ריידן וועגן קעניגס־בערג, פלעגט זי דערלאנגען א זיפץ און דער זיפץ האָט שוין אלץ געזאָגט.

ווען איך בין אלט געוואָרן צוויי וואָכן, האָט מען מיך אוועקגעגעבן צו אַן אם אין שטעטעלע קרינקי און טאטע־מאמע מיטן עלטערן ברודער זענען אוועק קיין קעניגסבערג. דאָרט האָט מיין פאָטער געעפנט א גרויסע דאמף־גארבעריי. ווען איך בין אָפּגעווען א יאָר צייט ביי דער אם, האָט מיך מיין זיידע אין ביאליסטאָק גענומען צו זיך און ביי אים האָב איך זיך געהאָדעוועט ביז זיבן יאָר. ביז דאַן האָב איך מיינע עלטערן נישט גע־זען. מיין זיידע האָט געהאט א גרויסע באָרד, ער האָט געדאוונט און גע־האנדלט מיט פעל. ער האָט גערעדט יידיש און געגעסן שווארצע ברויט. געווען איז ער א פשוטער ייד און זיין אייניקל איז געוואקסן נישט ווי קיין אריסטאָקראט. צו יענער צייט האָט מיין טאטע פארלאָרן, צוליב שלעכטע געשעפטן, די פאבריק אין קעניגסבערג און ער איז צוריקגעקו־מען קיין ביאליסטאָק. ער האָט מיטגעבראכט נאָך עטלעכע קינדער, וועל־כע זענען פאר דער צייט געבוירן געוואָרן. ער האָט אויך מיטגעבראכט א באָנע צו די קינדער. „פריילין" האָט מען זי גערופן און דאָס „פריילין" האָט עס באדארפט דערציען מיינע ברידערלעך און שוועסטערלעך און אויך מיך. זי איז געווען זייער א שטרענגע, א סיסטעמאטישע דערציערין. די אויגן פלעגט זי פון מיר נישט אראָפּלאָזן. איך בין דאַן געווען א גע־שטרויכלטער. איך האָב גערעדט יידיש און ליב געהאט צו שטיפן אופן ביאליסטאָקער שטייגער און זי האָט געוואָלט, איך זאָל זיך פארנייגן אויפן קעניגסבערגער אופן. גאנץ פשוט: איך האָב געזאָלט ווערן א יונג דיי־טשעלע. זי איז געווען א לאנגע, דאָס „פריילין". זי האָט געהאט א שטעכיקן בליק מיט לאנגע הענט און מיט לאנגע פיס איז זי געווען. געהייסן האָט זי „עממא". נאָך היינט, אז איך דערהער דעם נאָמען „עממא", דערלאנג איך א ציטער. איך האָב פאר איר מורא געהאט און אז מען האָט מורא, האָט מען אויך פיינט... די עממא, דאָס פריילין עממא, האָט מיך איינ־מאָל א צי געטאָן פארן האנט און גערופן ערגעץ:

— קאם שוין איינמאָל!

זי האָט מיך א צי געטאָן פארן האנט מיט כעס. די האנט האָט ווי געטאָן. דאמאלט. עס איז שוין מער ווי א האלבער יאָרהונדערט, די האנט

טוט מיר נאָך וויי. איך האָב דאַמאָלט פיינט באַקומען אַלע באַנעס, אַלע עממאַס און אַלע דייטשן. מיין מאַמע האָט מיט דער דאָזיקער דייטשקע זייער פיל גערעדט און זייער פיל פאַרבראַכט. פאַרשטייט זיך, אַז גערעדט האָבן זיי שטענדיק מער וועגן קעניגסבערג, ווי וועגן ביאַליסטאָק. שפּעטער איז דאָס פרייליין אַוועק צוריק קיין קעניגסבערג און דערציוויגן האָט אונז שוין בלויז די מאַמע. זי האָט דערציילט וועגן דייטשלאַנד און געזונגען דייטשישע לידער. זייער שיינע, זיסע מעשהלעך און זייער האַרציקע, ביז טרערן רירנדיקע לידער, אָבער איך האָב נישט געקאָנט פאַרשטיין מיט מיין קינדערשן שכל, ווי אַזוי מען פּאַסט עס צונויף צוזאַמען אַזעלכע האַרציקע געזאַנגען מיט אַזאַ שלעכטער עממאַ?

מיין מאַמע איז געווען יידישלעך, מעסיק פרום מיט אַ כשרער קיך אין שטוב, מיט ליכט-בענטשן, אָבער אָן דעם טייטש-חומש. דער טייטש-חומש איז ביי איר געווען דייטש און דייטשלאַנד. זי האָט ערנסט גענומען דאָס געמיטלעכע פון דייטשלאַנד און האָט עס אויפן יידישן אופן פאַרשענערט און אויסגענוצט.

אָבער אינגאַנצן איז איר ליבע צו די דייטשן נישט איינגעגאַנגען. מיין טאַטע האָט עפּעס געהאַט פּרעטענזיעס צו די דייטשן. צי דאָס זענען געווען אידעאָלאָגישע פּרעטענזיעס, אָדער דאָס האָט עפּעס געהאַט צו טאָן מיט זיינע שלעכטע געשעפטן אין קעניגסבערג, דאָס ווייס איך נישט. דאָך ווען די מאַמע פלעגט צופיל נעמען ריידן וועגן איידקונען, אָדער וועגן קעניגסבערג, פלעגט דער טאַטע זיך אַריינמישן: —

— הער שוין אויף מיט דיינע דייטשן!

איך האָב געהאַלטן מיטן טאַטן. אָבער ווען די מאַמע פלעגט אין די פאַרנאַכטן נעמען זינגען וועגן דעם בלינדן קאַטערינשטשיק, האָט עס געריסט ביז טרערן...

ביי דער ערשטער מלחמה, בעת די דייטשן האָבן באָמבאַרדירט לאָדזש, איז ביי אונז אין שטוב אַריין אַ באָמבע, זי האָט צעשמעטערט אַ צימער. די מאַמע האָט געזיפצט און דער טאַטע האָט זיך מיט איר גערייצט:

— דיינע דייטשן!

שפּעטער האָבן זיי רעקווירירט ביים טאַטן זיין גאַנץ פאַרמעגן. זיי האָבן צוגענומען ביי אונז אַ סך זעק מיט וואָל. די מאַמע האָט ווידער געזיפצט און דער טאַטע האָט זיך ווידער געריצט מיט איר:

— דיינע דייטשן!

יענע מלחמה, די ערשטע וועלט-מלחמה, האָט פאַרקירצט די יאָרן פון מיין טאַטן. ער איז געשטאָרבן, ווען דער שלום איז געקומען! און די מאַמע איז געשטאָרבן אַ יאָר פאַר דער איצטיקער מלחמה. די לעצטע עטלעכע יאָר איז זי געווען זייער קראַנק. מיר, די קינדער אירע, האָבן צוגענומען פאַר איר צו באַדינען אַ ספּעציעלע פרייליין. זי האָט געבעטן, אַז דאָס זאָל זיין אַ דייטשקע. האָט זי געהאַט מיט וועמען צו ריידן וועגן איידקונען און וועגן קעניגסבערג.

אַ יאָר פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה איז זי געשטאָרבן. מיר האָבן זי מקבר געווען אויף דעם לאָדזשער בית־עולם. מיר האָבן זי פאַרזיכטיק אין קבר אַראָפּגעלאָזט און קדיש געזאָגט.

אַ טרייסט, וואָס זי איז געשטאָרבן אַ יאָר פאַר דער מלחמה.

זי האָט זיי נישט געזען, זיי מיט די פאַרשיכורטע אויגן, מיט די פאַר־בלוטיקטע הענט, זי האָט זיי נישט געזען די מענטשן-חיות, וואָס הייסן „דייטשן" און זיי האָבן זיך צו איר נישט צוגערירט. די דייטשן, מיין מאַמעס דייטשן... זאָל זייער נאָמען נישט געדאַכט ווערן!

*
* *

איך קריך אַריין אין דער פאַרגאַנגענהייט, איך כאַפּ געשטאַלטן. איך שפּרייז אין דער בודע פון טישל צו טישל. עס איז גענוג ליכטיק אין זאַל ביי אונז, דאָך איין לאָמפּ האָט מען פאַרגעסן אָנצינדן, טו איך עס — זאָל זיין נאָך ליכטיקער. היינט בין איך דער באַלעבאָס פון אָוונט, איך נעם אויף די געסט. וואָס בלאָנדזשעט זי אַליין איבערן גרויסן זאַל, די איזא וואַגמאַן? זי איז אַ שמאָלינקע, אַ מיטלוווקסיקע ברונעטקע. זי לאַכט נישט ווייניק אין געזעלשאַפט, נאָר היינט איז זי אומעטיק, ווייל דער מאַן איז ערגעץ פאַרשוווּנדן.

— איזא, קום טאַנצן!

זי, אַ גנבטע אַזאַ, אַ כיטרע אַזאַ, זי פרעגט:

— וואָס, דו ווילסט מיך טרייסטן?

אָט איז סטעלאַ זעמש. איינע פון די שענסטע פרויען אין וואַרשע. אַ חבר האָט זי מיטגעבראַכט, זי איז געקומען קוקן אויף די ליטעראַטן, נאָר די ליטעראַטן קוקן אויף איר. מען קאָן דעם בליק פון איר נישט אָפּרייסן. אַזאַ לייכטע פיגור און אַזאַ לייכטער טריט.

ביי איין טישל איז אַ גרעסערער עולם. מען זיצט און מען שטייט אַרום דעם טישל. אינמיטן זיצט קלאַראַ סעגאַלאָוויטש, זי דערציילט אַ קאָמישע מעשה און דער עולם שיסט מיט געלעכטער. אַ מעשה, ווי אַזוי אַ יינגל האָט זיך אָנגעפרעסן מיט קאָנפיטורן, בעת קיינער איז מער אין דערהיים נישט געווען. דאָס יינגל איז אויסגעשמירט מיט דער קלעפּי-קער זיסקייט פון קאָפּ ביז די פיס. עס רינען לאַנגזאַם טראָפּנס זיסע פון אים, זיי רינען פון די ליפּן און פון די פינגער. אין דעם קומט אַריין די מוטער, וועלכע טראָגט אויף זיך אַ ניי קלייד, די מוטער ווערט אין כעס און גיט אַ שטויס דעם יינגל, וועלכער פאַלט אויף אַ קליין טישל. אויפן טישל שטייט אַ וואַזע פון קרישטאַל, פאַלט עס אום און די וואַזע צע-ברעכט זיך. די מוטער נעמט שרייען, קומען צולויפן די שכנים און איין שכן רופט אַרויס פּאָליציי. אויף דער גאַס זאַמלען זיך אָן אַ סך מענטשן און מען דערציילט וועגן אַ באַנדיטן-אָנפאַל, וועגן געהרגעטע מענטשן און צונערויבטע בריליאַנטן. מען דערציילט. יעדע רגע וואַקסט די גע-שעעניש אין איר גרויזאַמקייט.

קלאַראַ דערציילט עס לאַנגזאַם. זי זעט דאָך, דער עולם האָט הנאה, באַדאַרף מען די הנאה אויסציען, וואָס לענגער אויסציען. זי ענדיקט איין געשיכטע און הויבט אָן אַ צווייטע. ווען נישט די טענץ, נעמט עס ביי איר נישט קיין סוף מיט די קאָמישע מעשיות.

זי איז אומגעקומען מיט דעם פאַראיין אונזערן אינאיינעם, מיט דעם אַקטיאָרישן פאַראיין, מיטן יידישן טעאַטער און מיט אַלע באַזוכער פון טעאַטער. אומגעקומען מיט אַלעמען אינאיינעם, פונקט ווי זי האָט פריער געלעבט און פאַרבראַכט מיט אַלעמען אינאיינעם. זי איז נישט געווען קיין געוויינלעכע פרוי און נישט געווען אַזאַ, וואָס איז לייכט צו פאַר-

שטיין. מענער זענען איר נאָכגעלאָפן, פרויען האָבן זיך געחברט מיט איר. זי האָט טעאַטער געשפּילט מיט גרויסן דערפאָלג. אַפּלאָדיסמענטן און בלומען, אַ שיין פּנים מיט אַ שיינעם קערפּער און שיינע קליידער און דאָך עפּעס אַ ווייטע, אַ טראַגיש פאַרבענקטע.

זי איז געבוירן געוואָרן אין קיעוו. איר פאָטער, אַ דאָקטאָר, וואָס איז פרי געשטאָרבן, האָט געהייסן באָראַדינאַ. נאָכן פאָטערס טויט האָט די מוטער מיט דריי קינדער געוואַנדערט איבער רוסלאַנד און אַזיע. די יונגע קלאַרע האָט אין דער יוגנט געזען טורקעסטאַן, אשכאַבאַד. שפּעטער האָט זיך איר מוטער באַזעצט אין פּוילן, אין טאָמאַשאָוו-מאַזאָוויעצק און דאָרט האָט קלאַרע אָנגעהויבן איר אַרטיסטישן וועג אין אַ קליינעם דראַמאַטישן קרייז. שפּעטער איז זי געקומען קיין וואַרשע, אַריינגעטראָטן אין טעאַטער „צענטראַל" און גיך געוואָרן אַ געליבטע פון עולם... נאָר דאָ רעדט זיך וועגן קלאַרען אין אונזער קרייז, ווו זי האָט זיך שטאַרק אָנגעזען. צו איר האָט מען זיך נישט צוגעוווינט, ווי צו אַ פּאָרטרעט, וועלכן מען נעמט אַריין אין אַ ראַם, זי האָט אַלע ראַמען צעבראָכן. וועגן איר איז נישט געווען איין מיינונג, ווייל אָט באַלד וועט זי מיט עפּעס איבערראַשן און די מיינונג מוז שוין זיין אַנדערש. אַ צענטראַלע פיגור אין טעאַטער-אַנסאַמבל און אַ צענטראַלע פיגור אין לעבן. זי האָט געקאָנט ווילן דעם עולם, געווען אַ גוטע דערציילערין און גאָר אַ פיינע זינגערין, אפשר מער זינגערין, ווי אַקטריסע, אַ פיינע טענצערין און מיט געשמאַק זיך אָנצוטאָן, מיט גאָר אַ באַזונדערן געשמאַק. האָט זי זיך אין פאַנטאַזיע אַריינגענומען אַ קליידל פון אַ נייער מאָדע, פון זיך אַליין אָן אויסגעטראַכטן מאָדעל, איז די וועלט אַ כפּרה, אַזאַ קליידל האָט געמוזט זיין און אין דער זעלבער צייט, ווען דאָס קליידל איז שוין פאַרטיק, זאָגט צו איר אַ חברטע:

— קלאַרע! ווען איך האָב אַזאַ קליידל, בין איך גליקלעך!

אויף דעם ענטפערט קלאַרע:

— דו ביסט שוין גליקלעך...

זי עפנט דעם שראַנק, נעמט אַרויס דאָס קליידל און שענקט עס אַוועק מיט אַ לייכט געמיט.



קלאַרא סעגאַלאָוויטש

(צייכענונג פון ליזא טשערטאַק-גאָלדשטיין)

אַן איינדרוק איז שטענדיק געווען, אַז אונזער וועלטל איז צו קליין פאַר אירע אַוואַנטיורעס, פאַר אירע איינפאַלן, זי האָט באַדאַרפט געבוירן ווערן אין אַן אַנדער פּלאַץ, אין אַן אַנדער צייט, אויסלעבן זיך ערגעץ אין אַ זאַרגלאָזע קאַמאַריליע. אינטריגירן, דערגרייכן און פאַלן. ווידער אינ-טריגירן און ווידער זיגן...

אָבער אין דער בודע מיט הערשעלס פּרנסהלאָזיקייט, מיט די שטענ-דיקע זיפצן פון אפרים קאַגאַנאָווסקיס פרוי, וועלכע האָט אייביק געליטן גויט, מיט דער קנאה פון די אַרטיסטן — אַ קליין וועלטל, אַ צו קליין וועלטל געווען פאַר קלאַרען. קליין אפילו דאַמאָלט, ווען מען איז אין דעם וועלטל אויפן ערשטן פּלאַץ. נישט איינגעלעבט זיך אינגאַנצן מיט אונז, אָבער זי פלעגט דאָך ברענגען אין פאַראיין אָנרעגונג, קלוגע ווערטער, רייץ פון איר שיינקייט. פאַראַן פרויען, וואָס טראָגן ליכט. זיי שפּרייזן און באַלויכטן, קלאַרע האָט געהאַט אַ שטראַליק פּנים. זי האָט געהאַט אַ קלינ-גענדיק קול, וואָס האָט געצויגן צו זיך. אין די צימערן פון פאַראיין איז בויטיק געווען אַזאַ געשטאַלט. אין אונזער צוזאַמענקום פון קאָנטראַסטן איז זי געווען אַ געטרייע שותפטע, אַ חברטע, אַ שטאָלצע און דרייסטע... איך געדענק אַ רייזע מיט איר אין וואַגאָן צוריק פון קאַזשמיעזש. זי איז געשטאַנען אין פענסטער און אַרויסגעקוקט אויף די פעלדער, וועלדער. לעם איר איז געשטאַנען אַ סאָלדאַט. אין וואַגאָן אַ סך מענטשן. איך האָב געלייענט אַ צייטונג. פּלוצלינג האָב איך דערהערט אַ פּאַטש. אַ שטאַרקער פּאַטש. דער עולם איז אויפגעשפּרונגען. איך בין אויך אויפגעשפּרונגען. דאָס האָט קלאַרע אַראָפּגעלאָזט אַ פּאַטש דעם זעלנער, זי האָט אים באַ-צאָלט פאַר אַ גראָב וואָרט. דער סאָלדאַט האָט זיך צעטומלט און איז גלייך אָפּגעצויגן אין אַ צווייטן וואַגאָן. דער עולם, אַ קריסטלעכער, האָט געשוויגן. קלאַרע האָט ווייטער געקוקט אין די פעלדער־וועלדער און האָט אויך געשוויגן. דאָס האָט שטאַרק אימפּאָנירט...

מען האָט ביי אונז ליב געהאַט דעם שפּאַס און די פּאַראָדיע. אין די אויגן האָט מען דיר אַריינגעזאָגט. איצט דיר, שפּעטער — אַ צווייטן. איך האַלט, אַז דאָס, וואָס מען האָט זיך נישט באַליידיקט, איז שוין געווען אַ פיינע מדרגה. אין דער איינענער בודע, אין אונזער קלוב, זאָל

ניין דער וויץ נאַקעט און פריי. איינמאָל געדענק איך אין אַ פּרייטיק צו נאַכטס, אויף אַ פאַרווײַלונג, האָט זיך אונז פאַרגלוסט אויסצולאַכן דעם פאַראיין מיט אַלעמען צוזאַמען. האָט מען זיך אַוועקגעזעצט, האָט מען פאַרפאַסט אַ ליד, וואָס איז שפּעטער געזונגען געוואָרן יאָרן לאַנג פון אַלע יידן אין פּוילן. דאָס ליד איז געווען אַביסל טאַנדעטיש צונעשניטן, אַביסל אומגעלומפּערט, דאָך דער פאַקט, וואָס אונזערע שטעטלעך האָבן עס אַרײַנגענומען אין זייער רעפּערטואַר, איז אַ סימן, אַז עטלעכע גוטע קערנדלעך האָט דאָס ליד געהאַט. מער פאַר אַלעמען האָט אין דער אימפּראָוויזאַציע אַנטייל גענומען דער דאָקטאָר יורים. ער האָט אויך געגעבן די פאָלקס־מעלאָדיע דערצו: איך געדענק בלויז עטלעכע שורות, כאָטש דאָס ליד איז געווען זייער לאַנג, דאָך מיט דער צייט איז עס געוואָרן נאָך לענגער, ווייל מען האָט כסדר פאַרפאַסט נייע גראַמען כמעט צו אַלע מיטגלידער פון פאַראיין, צו די געסט, צו די אַקטיאָרן און מאַלערס, אַזוי ווי מען האָט זיך אַרײַנגעפּאַקט אַלע אין איין בודע, האָט מען אויך אין אַזאַ ליד אַלעמען געוואָלט אַרײַנפּאַקן. איך געדענק:

גאָטליב דאָקטאָר!
וואָס פאַרמאָגט ער?
בים - באָם - באָם!
נאָמבערג שרייבער
טאַנצט מיט ווייבער
בים - באָם - באָם.
סעגאַלאָוויטש זייען
האַלט אין שרייען:
לאַפּיטוטן
שפּילט אין קאָרטן —
אָי, וויי! קלוסקעלעך מיט באָב..
טונקל יוסף,
גראָב ווי עשו
בים - באָם - באָם.
אוי, די גראַמען
קאַנען סמען,

בים - באָם ...
סעגאַלאָוויטש זייען
האַלט אין שרייען:
לאַפּיטוטן
שפּילט אין קאָרטן —
אָי, ווי! קלוסקעלעך מיט באָב ...

דער ליטעראַטן-פאַראיין האָט עס אָפּגעזונגען ביי זיך אין לאָקאַל עפּעס אין אַ פאַרטאָג און אַוועק איז עס ווייט אין די שטעטלעך אונזערע. אַ ווידער - קול פון יידן אַ סך צו אַ פּראָזע אַזאַ:

סעגאַלאָוויטש זייען
האַלט אין שרייען — — — —

מיט מיר איז עס געווען מערקווירדיק, איינע האָבן געזאָגט, אַז איך בין אַ שווייגער, די צווייטע, — אַז איך בין אַ שרייער, דער עיקר: מען האָט עפּעס געזאָגט וועגן מיר. איך וואָלט אַליין עפּעס וועלן זאָגן וועגן זיך, נאָר איצט האָבן מיר שוין קיין רעכט נישט אויף דעם ...

* * *

איצט הער איך שטענדיק איין געוויין, אָדער אַן אָפּקלאַנג פון אַ גע-וויין ... אַן עכאָ פון ערשטן וועלט - קריג.

דעם ערשטן יאָר פון יענעם קריג האָב איך כמעט אינגאַנצן פאַר-בראַכט אין באַברויסק. געבליבן שטעקן אין יענער געגנט. פון וואַרשע אַנטלאָפן און אין מאָסקווע האָבן די צאַרישע געזעצן נישט אַריינגע-לאָזט. כאָטש עס איז געווען מלחמה, דאָך איז אין באַברויסק געווען גאַנץ היימלעך. געווען זענען דאָרט פריינט, געווען דער הומאָריסט יוסף טונקל, לאַצקי - בערטאָלדי, דער קריטיקער ניגער און זיין ברודער דניאל טשאַרני. די מלחמה האָט שווער געמאַכט דאָס לעבן, אָבער זי האָט נישט געשראָקן. פאַרקערט, מען האָט געלייגט פיל האָפענונג אויף איר: מענטשן האָבן גע-רעדט, אַז נאָך דער מלחמה וועט זיך אָנהויבן אַ נייע וועלט פון גערעכטי-קייט און ערלעכקייט ...

מיר ווייסן שוין, וואָס פאַר אַ וועלט עס האָט זיך אָנגעהויבן ...

אין באַברויסק האָב איך געהאַט אַ סך פריינט און איינמאָל האָט

מיר איינער פון זיי פאָרגעלייגט, איך זאָל זיך דורכפאָרן איבער דעם טייך בערעזינא. מיין פריינט איז געווען אַן אייגנטימער פון אַ שיף און די שיף האָט ביי אים גערונגען אַ רוסישע רעגירונגס-קאָמיסיע, וועלכע איז געפאָרן אויספאָרשן די טיפקייט פון טייך, דעם שטראָם, די ברעגן...

אָט מיט דער קאָמיסיע זענען מיטגעפאָרן עטלעכע ציווילע פערזאָנען, אַלס טוריסטן, איך, אַלטער וואנדערער, בין געווען צווישן זיי. פרילינג... ערגעץ - ווו איז געווען אַ מלחמה, גרויסע קאָרפּוסן זענען געגאַנגען אין שלאַכט, מענטשן זענען אומגעקומען אין גרויסע מחנות, שטעט האָבן גע-ברענט, אָבער צו די שטילע פאַרוואקסענע ברעגן פון דער בערעזינא איז נישט דערגאנגען קיין איין טומל פון דער מלחמה, פון שטאָט און שטעטל. געווען איז בלויז גרינס און הימל איבער אונז. געווען אַ טויז מענטשן אויפן שיף, אַ קיך מיט אַ דיקע קעכין, וועלכע האָט געלאכט צו אַלע מע-נער, נאָר קיינער האָט אויף איר נישט געקוקט, זאָל זי פרעגלען די ביפ-שטעקסן און אַכטונג געבן, אַז די קאַרטאָפלעך זאָלן זיין געברוינט און געשמאַק, זאָל זי פּרעגלען געשמאַקע קאטלעטן און אַ סוף.

שטיל איז געווען אַרום. אַזאַ שטילקייט, וואָס האָט זיך ציטערדיק געבאָדן אין זיך אַליין. אַ שטילקייט, וואָס האָט הנאה פון זיך אַליין, אַ שטילקייט אַ וועלט פאַר זיך... אַ וועלט מיט גרילן און שמעטערלינגען, פויגל - קלאַנג און עכאָס פון פעלדער - וועלדער. אונזער קליינע שיף איז געשווומען און געשטאַנען, אינזשיניערן האָבן עפּעס געמאָסטן, אין וואַ-סער, זיי זענען אָפּט אויף די ברעגן אַרויס און ווידער געמאָסטן פאָטאָ-גראַפירט און עפּעס נאָטירט אויף גרויסע בויגנס פאַפּיר. מיר, די ציווילע טוריסטן, האָבן געשמועסט, אָבער אַלץ ווייניקער וועגן דער מלחמה, מיר האָבן אויפגעהערט צו רעדן וועגן די קאַרפּאַטן, וועגן די דייטשישע, רוסישע און פראַנצויזישע גענעראַלן, מיר האָבן געזוכט אַנדערע טעמעס, דערנאָך האָט אַלץ דערעסן. דאָס שווייגן האָט זיך אַליין געבעטן פון די זאַפטיקע גראָזן, פון קילן ווינטל. האָבן מיר אָנגעהויבן שווייגן און געקוקט אין וואַסער. אונזער שיף גייט קעגן שטראָם און דאָס וואַסער גייט פאָראויס, עס גייט מיט איין גאַנג, מיט־איין אימפּעט, פאָראויס און פאָראויס, עס האָט עפּעס אַ וויכטיקן ענין, אַ סך אַ מער וויכטיקן ענין, ווי די אַלע ענינים

פון די מענטשן און כאָטש דאָס איז געווען אַ לוסט־רייזע איבער אַ טייך אויף עטלעכע טעג, דאָך איז מען געווען געפאַנגען פון דער נאַטור, געווען איז דערביי די גרויסע הנאה, וואָס מען האָט זיך אָפּגעריסן פון דער וואָכעדיקייט, פון אַלץ, אַפילו פון דער מלחמה, וואָס איז שוין אויך געוואָרן וואָכעדיק.

שטיל איז געווען, האָבן מיר אַריינגענומען די שטילקייט אין אונ־זער געמיט. געזעסן אויבן־אָן אויפן שיף, געדרימלט אין קאַיוטע באַגינען, פאַרנאַכט. מיר האָבן געהאַט דעם גאַנצן טאָג אין שטילקייט. זאָל די נאַטור אויספירן איר שליחות. אין דער שטילקייט האָבן בינען געזשו־מעט, האָט עס אויסגעזען, אַז די נאַטור לערנט אַ גרינגע בלאַט גמרא, אָבער זי מאַטערט נישט הארץ און זינען, זי לערנט נישט, עס לערנט זיך אַליין, עס שוועבט פאַר זיך אַליין אין דער איידלסטער רואיקייט די טיפסטע חכמה פון אַלע צייטן, רואיקייט און שטילקייט פאַר זיך אַליין און אויך פאַר די נשמות, וואָס ווילן עס פאַרנעמען...

איינמאָל זענען מיר צוגעפאָרן צו אַן אָרט, ווו דער ברעג איז גע־ווען זייער שטאַרק פאַרוואַקסן, דאָס יונגע וועלדל איז צוגעגאַנגען ביזן וואַסער און די גאָלדענע סאָסנעס מיט דעם פרישן נאָדל־צוווּקס האָבן זיך געשפּיגלט אין די פּאַליעס. אויסגעזען האָט עס, אַז דאָס וואַסער וויל אָוועקטראָגן דיביימער העט־ווייט, אָבער אַלע ביימער ביזן לעצטן זענען פאַרבליבן אויף זייערע ערטער. די שיף האָט צוגעפירט די אינזשי־ניערן מיט זייערע אַפּאַראַטן צום סאַמע ברעג, די שיף האָט אויך מיטגע־פירט די שטילקייט, די אָפּגעזונדערטקייט אונזערע פון דער וועלט.

געווען איז אַזייגער פיר נאָכמיטאָג, געווען איז רואיק, אָבער שוין נישט אַזוי ווי פריער. אין דער לופט האָט זיך געטראָגן אַ קול, אַ קול, אַ מאָנאָטאָנער יאָמער, אַ געוויין פון אַ פרוי, נישט העכער, נישט נידע־ריקער, אין איין מאָס, איין צער און איין געבעט.

איינער פון די אינזשעניערן האָט זיך אָפּגעריסן פון זיין אַרבעט, האָט אויפגעהויבן די אויגן און געפרעגט:

— וואָס איז דאָס?

— אַ געוויין... — האָב איך געענטפערט.

ער האָט זיך ווידער פאַרטיפט אין זיין אַרבעט, אָבער דאָס געוויין האָט נישט אויפגעהערט, עס האָט פשוט פול געמאַכט די לופט. איין פרוי, איין קול האָט געיאָמערט און דער דינער אָפקלאַנג איז געגאַנגען אויף ווייטע קילאָמעטערס. דאָס איז געווען, ווי אַ ציטערדיקער זוים, וועלכער האָט אַרומגעקרייזט די נאָכמיטאָג-צייט, די גאַנצע שטילקייט פון פעלד און וואַלד, דעם דרימל פון דער מיד-געוואָרענער נאַטור. איך האָב דער־פילט אַ נייגעריקייט און אַ ליכטן ציטער. מיינע מיטבאַגלייטער פון דער שיף האָבן אויך גענומען זיך מער פאַראינטערעסירן מיט דעם דאָזיקן ווייטן און אומפאַרשטענדלעכן געוויין. מען האָט עס געמוזט הערן און וואָס מער מען האָט עס געהערט, אַלץ מער האָט עס גענאָגט, כאָטש פון אָנהויב האָט מען זיך באַמיט צו בלייבן גלייכגילטיק. מען האָט זיך איצט אָנגעקוקט און איינער דעם צווייטן האָט געפרעגט:

— ווער זאָל דאָס וויינען? האַ! ווער זאָל עס וויינען.

— דאָס איז אַ יידיש געוויין — האָב איך געזאָגט.

— יאָ, דאָס פילט מען...

— יאָ, אָבער צוליב וואָס וויינט זי אַזוי פיל, די פרוי, און אָן אָן אויפהער... וואָס איז איר געשען?

צוויי אינזשיניערן, צוויי רוסן מיט באַסיקע שטימען, מיט שווערע און געזונטע טריט, זיי האָבן מיך באַגלייט. מיר האָבן זיך געלאָזן זוכן די וויי־נענדיקע פרוי. מיר האָבן זיך אויפגעהויבן צום פאַרוואַקסענעם ברעג, דורך ביימלעך און קוסטעס געקראָכן, אויף פרייען פעלד אַרויס, די זון איז נאָך נישט פאַרגאַנגען, כאָטש זי איז שוין געווען גענוג נידעריק. פעל־דער, יונגער קאָרן, יונגע קאַרטאָפל און קאַשע, בלומען פון אַלע קאָלירן, ווייטקייט, וואַלד, האָריזאָנט און איבער אַלץ און אין אַלץ דאָס ווייטלעכע געוויין. מיר זענען געגאַנגען פאָראויס און דאָס געוויין האָט זיך אַלץ דער־נענטערט צו אונז. דאָס געוויין האָט געצויגן צו זיך און האָט ערנסט געמאַכט דעם וועג. מיר האָבן ווייניק גערעדט, עס האָט זיך נישט גערעדט. אַרום אונז האָט געבליט און געוואַקסן, די לערכע האָט געטרעלט איבער

דעם קאָרן און צום סוף איז זי אַראָפּגעפאַלן, ווי אַן אונטערגעשאָסענע און זיך באַהאַלטן אין די זאַנגען...

א בית - עולם.

מיר האָבן פּלוצלינג דערזען אַן אַלטן יידישן בית - עולם. אַלט און פאַרלאָזן. איין וואַנט פון פּאַרקאַן איז געווען פון האַלב-פאַרפוילטע קלע-צער, די צווייטע וואַנט פון שטיינער מיט וואַפּנע, די דריטע וואַנט איינ-געפאַלן, די פערטע האָט אינגאַנצן געפעלט און דאָ ביי דער דאָזיקער ליי-דיקייט האָבן מיר דערזען אַן אַלטע יידישע פרוי, א באָבע, אָדער אַן על-טער באָבע... זי האָט עס געוויינט. אויפן קאָפּ א קליינשטעטלשע טיכל, אַן אָרעם קליידל, אַלץ מיט דעם געשמאַק פון אַן אָרעמען יידישן ישוב. אַלץ, נאָר נישט די טרויעריקע, טונקעלע אויגן, וועלכע זענען אַמאָל קאַרשן-שוואַרץ געווען, אַלץ איז נישט געווען וויכטיק, אויסער די אויגן. זי האָט איבערגעריסן דאָס וויינען און האָט אויף אונז א קוק געטאָן. צו ערשט איז דער בליק אירער געווען מיט נייגעריקייט, באַלד איז ער געוואָרן גלייכ-גילטיק: נישט אונז האָט זי געמיינט און נישט אויף אונז האָט זי גע-וואַרט.

מיר זענען אַוועק צוריק. איינער פון די אינזשיניערן האָט אַרויסגע-וואָרפן איין פראַזע:

— אַן אַלט פאָלק די יידן...

וואָס ער האָט מיט דעם געמיינט, האָב איך נישט געוווסט און נישט געפרעגט וועגן דעם, איך בין געווען פאַרנומען מיט די אויגן פון דער יידענע, וועלכע איז געזעסן ביי דער צעפאַלענער מצבה. דאָס איז נישט געווען בלויז א בליק פון א זיבעציקיעריקע, דאָס איז געווען א דורות-בליק. איך וואָלט געזאָגט: דער בליק פון מיין פאָלק. די אויגן אירע זענען געווען אַרומגעראַמט מיט קנייטשן, יעדער דור א קנייטש, יעדע צרה, יעדע גזירה — א קנייטש...

אין די געדאַנקען מיינע איז דאָס געוואָרן פאַרצייכנט, ווי „דאָס געוויין איבערן טייך בערעזינא", היינט איז דאָס פאַר מיר דאָס געוויין אי-בער אַלע טייכן...

10

# אַ שטענדער פאַר אַלעמען...

אין גרויסן זאַל איז געווען אַ קליינע עסטראַדע, אַ גאָר קליינע עס-טראַדע. אויף דער עסטראַדע איז געשטאַנען אַ לאַנגער טיש, וועלכער איז גאָר קיין טיש נישט געווען. אַ קאַסטן אַ לאַנגער, באַצויגן מיט זאַק-לייוונט, אויף דעם לייוונט זענען געווען אויסגעמאָלטע פּרעסקעס פון דעם מאַלער שליוואַניאַק. קאָלירטע, שטילע. איינגעהאַלטענע און אויסגעהאַלטענע פּרעס-קעס. די עסטראַדע אַליין — באַדעקט מיט אַן אויסגעטראָטענעם טעפּיך.

דאָס וואָס עס האָט זיך געטאָן אונטער דער עסטראַדע, דאָס האָבן נישט אַלע געוווּסט. דאָרט איז געווען אַ באַהעלטעניש פאַר דעם אַלטן זאַקס. ער אַליין האָט זיך דאָרט נישט באַהאַלטן, נאָר אַ גאַנצע ביבליאָטעק פון אַלטע רוסישע זשורנאַלן און צייטונגען האָט ער דאָרט פאַרשטעקט, ווי אַן אוצר און ביי אַ נויטווענדיקייט האָט ער דעם אוצר אַרויסגעשלעפּט. שניאור דער מוזיקער האָט דאָרט באַהאַלטן נאָטן. די קאָמוניסטן האָבן דאָרט באַהאַלטן אומלעגאַלע ליטעראַטור און „פּיפּי", די קאַץ פון דער בודע, האָט דאָרט געבוירן יונגע קעצעלעך. קיין איין ווינקעלע פון לעבן גייט נישט פאַרלוירן, אַלץ קאָן אויסגענוצט ווערן. אין די טעג, ווען די עסטראַדע אונ-זערע איז נישט אויסגענוצט געוואָרן, פלעגט דאָרט הערשעלע דאַניעליע-וויטש זיך אַוועקזעצן אויבן-אָן און שרייבן זיינע לידלעך. דער עולם האָט גערוישט אין זאַל, מען האָט געגעסן און געטרונקען, מען האָט מעשיות קאָמישע דערציילט, אָבער הערשעלע האָט זיין קאָפּ נישט אויפגעהויבן און

פיז שטול איז ער נישט אראפּ און די פעדער האָט ער פון זיין האנט נישט אַרויסגעלאָזט. ער האָט אויסגעזען, ווי אַ ריכטער, וואָס פאַרצייכנט די מאָ-טיוון פון פּסק-דין.

ער האָט אויסגעזען...

ער האָט אויסגעזען, ווי הערשעלע דאַניעליעוויטש.

אלע האָבן אים געהאָלפן לעבן און קיינמאָל נישט אַרויסגעהאָלפן.

איבער דער עסטראַדע צו מזרח, אַ גרויסער קופּער-קוואַדראַט פון יצחק ברוינער. אויף דעם קופּער-בלעך זענען געווען אויסגעקלאַפּט צוויי יידן: אַן עלטערער און אַ יונגער. יידן פרומע, יידישע יידן מיט געבויגנ-קייט און בטחון אינאיינעם. די טויזנטער מענטשן, וואָס זענען געקומען צו אונזערע פאַרלעזונגען, האָבן געמוזט קוקן אויף די צוויי יידן, זיי זענען שטענדיק געווען פאַר די אויגן. אונז איז דאָך אין דעם געגאַנגען, אַז דער ייד זאָל זען דעם ייד, דורך בילד און דורך ליד זאָל מען אַריינקוקן אין דער אייגענער נשמה. די פרעמדע טראַכטן אויס ווענן אונז דאָס געמיינסטע. אַזוי לוינט זיי און מיר וועלן דאָ גאָרנישט איבערמאַכן, אָבער מיר אַליין, לאָמיר אָפּהיטן און לייטערן אונזער וואָרט, אונזער צער. לאָמיר זיין שיין פאַר זיך אַליין. פּרץ האָט דערצו געשטרעבט אין אַ שפּלדיקער צייט און ער האָט אַ סך דערגרייכט... ביי אונז אין לאָקאַל, אויבן-אָן איז געהאַנגען פּרצס פּאָרטרעט.

די ווענט פון גרויסן זאַל זענען אויך געווען באַצויגן מיט דעם זעלבן זאַק-לייווונט, מיט גאָלדענע באַנגעטן אַרומגעזוימט און מיט פאַרשידענע געמאָלעכץ באַדעקט. ווען דאָס אַלץ איז נאָך פריש געווען, האָט דאָס שיין אויסגעזען. ווען מיט יאָרן שפּעטער איז דער זאַק-לייווונט אַלט געוואָרן און פאַרשטויבט געוואָרן, האָט דאָס אויך געהאַט אַ חן, אפשר נאָך מערער חן, ווי פריער. אין זאַל אויף די ווענט אַ סך בילדער. אין דעם דאָזיקן זאַל האָבן געקאָנט אַריין ביז דריי הונדערט מענטשן. ביי אַ גרויסן דערפּאָלג פלעגן אויך אַריינגיין פינף הונדערט מענטשן. מען האָט זיך אַזוי איינגע-שטויסן און אַ סוף. די קאַץ „פיפי" איז געווען אויף אַלע פאַרלעזונגען, זי האָט אויסגעהערט אַלע דעקלאַמאַציעס זייער פלייסיק, דאָך בעת מען נעמט אַפּלאָדירן, דערשרעקט זי זיך און אַנטלויפט שנעלער אין קיך אַריין...

בעת אַ פאַרלעזונג האָבן זיך די מיטגלידער אונזערע פאַררוקט אין די זייטיקע צימערן. מען איז געווען בייז אויף דער פאַרוואַלטונג, וואָס זי אָרדנט איין אַזוי פיל פאַרלעזונגען און מיט דעם מאַכט מען ענג דאָס לעבן אין פאַראיין, אָבער אין דער זעלבער צייט איז מען געגאַנגען אויף די שפּיץ-פינגער, כדי נישט צו שטערן דעם רעפעראַט. אויך די, וואָס פלעגן קומען פון שטאָט אויף דער פאַרלעזונג, האָבן זיך געהאַלטן זייער רואיק, אויסגעהערט רואיק יעדעס וואָרט. מען האָט שטאַרק דרך-ארץ געהאַט פאַר די ליטעראַטן, פאַר אונזערע לעזער איז דאָס נישט געווען קיין בודע, נאָר אַן אמתער פאַראיין פון שרייבער. מיט דער צייט אָבער איז די רואיקייט אַוועק. זי איז שטענדיק צייטווייליק ביי די מענטשן, וועלכע קאָנען לאַנג נישט אויסהאַלטן די פרידלעכקייט.

די קליינע עסטראַדע האָט געהערט דעם פאַראיין. דער פאַראיין האָט געהערט צו אַלע מיטגלידער און ווער עס האָט עפּעס צו ריידן, זאָל זיך פאַר-שרייבן אין קאַנצעלאַריע, די טעמע און די דאַטע, ווען ער וויל אַרויס-טרעטן. האָבן קיין בעלנים נישט געפעלט. מען האָט גערדרשנט זייער אינ-טערעסאַנט און זייער נישט אינטערעסאַנט. עס איז דאָך געווען נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה. די ערשטע יאָרן נאָך דעם, ווי די ערד האָט זיך אין בלוט אויסגעבאָדן. זענען דאָך געווען רעוואָלוציעס אין אייראָפּא. טאָ זאָלן זיין רעוואָלוציעס אין אונזער וועלטל אויך. טאַקע אין ליטעראַטן-פאַראיין. איינע אַזאַ רעוואָלוציע געדענק איך גאָר גוט: אַ רעפעראַט אין ליטעראַטן-פאַראיין אונטער דעם נאָמען: „דער אמת וועגן גאָט". דער פּרע-לעגענט, אַ יונגערמאַן, אַ דיכטער-אָנפאַנגער. ער האָט געאַרבעט אין אָר-טאָדאָקסישן יידישן „טאָג-בלאַט". ער האָט שוין געהאַט אָנגעשריבן אַ פּאָעמע: „בעש"ט סימפאָניע", אַ שווייגנדיקער, מיטלוווקסיקער יונגערמאַן. זיין נאָמען איז געווען שמואל נאַדלער. אומגעקומען צוליב היטלערן אין פּאַריזש. אַ סך אַזעלכע יונגע שרייבער זענען אומגעקומען צוזאַמען מיט די מיליאָנען יידן. עס זענען אומגעקומען אַ סך אָנפאַנגער, אָט די אַלע, וואָס האָבן צו אונז געשיקט די ערשטע פּרובן זייערע. נישט ביי איינעם פון זיי האָט מען שוין געמערקט גאָטס פונק. איך רעכן, איך טראַכט אָפּט וועגן דעם, אַז די יידישע ליטעראַטור האָט זיך ערשט באַדאַרפט באַווייזן, עס זענען געווען גענוג סימנים פאַר דעם, איצט זעט עס אויס, ווי אַ יונג

פעלד, וואָס איז פאַרשניטן געוואָרן. אויך אויף שמואל נאַדלער האָט מען געמעגט לייגן אַ סך האָפענונג...

צוליב די רעוואָלוציעס נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה, איז אויך פאָרגעקומען אַן איבערקערעניש ביי דעם שמואל נאַדלער. אין זיין פילן און טראַכטן. פון פרומקייט האָט ער געמאַכט אַ שפּרונג צו נישט-פרום-קייט, אפילו צו לעסטערונג. צו זיין רעפעראַט איז געקומען אַ גרויסער חסידישער עולם. די חסידים האָבן געמאַכט אַ סקאַנדאַל און צעבראָכן עט-לעכע פון די פינף הונדערט שטולן. אַ ברודער פון שמואל נאַדלער, וועלכער איז געווען אין זאַל ביי אונז, האָט זיך אויפן אָרט אָפּגעזאָגט פון זיין ברו-דער דעם אפיקורס. עס איז געווען אַ טומל ביז דריי ביינאַכט. איך געדענק יענעם אָוונט, מיר זענען צעטומלט געוואָרן אַביסל צוליב דער אויפרעגונג פון די לאַנג געקליידטע. קיינמאָל איז אונזער זאַל נישט געווען פול מיט אַזאַ מענגע בערדיקע יידן, מיט זייערע קליינע היטעלעך, מיט די שוואַרצע רעק. זיי האָבן זיך געאַמפּערט מיט עטלעכע אָנהענגערס פון שמואל נאַד-לער, זיי האָבן געוואָלט אַ שטיקל סקאַנדאַל, געווען אָבער אויך אַזעלכע, וואָס האָבן זיך געפילט שווער געטראָפן, זיי זענען געבליבן זיצן, ווי צוגעשמידטע צו די שטולן. פרומע, איינגעלעבטע אין דער ריינער פרומקייט, אַזעלכע זענען דאָ צופעליק געקומען, עפּעס אין אַ ליטעראַטן-פאַראיין, עפּעס חברה־ניקעס...

איינער פון זיי האָט גערעדט צו עטלעכע:

— ער, שמואל נאַדלער, ער, דער מחוצף רעדט וועגן גאָט, ער, ער איז דערגאַנגען דעם אמת וועגן גאָט. זאָגט אים, אַז אויב ס'איז דאָ אמת, איז דאָס גאָט, זאָגט אים!

איך בין דערנאָך אַליין אַהיימגעגאַנגען. געפאַלן איז דאַמאָלט אַ ציטערדיקער שניי. אַ ציטערדיקער דערפאַר, ווייל איך האָב געזען, ווי די פוכיקע קרישקעלעך ציטערן אַרום די ווייסע עלעקטרישע לאָמפּן. דער שניי האָט געוועבט אַרום מיר אַ נעץ, אַ ווייסן פאָרהאַנג און דורך דעם ווייסן פאָרהאַנג האָבן געשוועבט פאַר מיר שוואַרצע בערד, טיפע שוואַרצע אויגן, אַ קוק געטאָן אויף מיר און פאַרשווונדן און ווידער אַ קוק געטאָן, ווי די אויגן וואָלטן זיך וועלן איבערציינגן, צי איך בין אויך אַן אפיקורס? עס האָט זיך מיר דאַמאָלט ווידער דערמאָנט מיין ביאַליסטאָק... די גרינע

שול, עס דרשנט דער בעל-דרשן, דער באַרימטער מגיד, אליקום געצל. שוואַרץ די אויגן, וואָס שוואַרצער קאָן נישט זיין, שוואַרץ די באָרד, וואָס שוואַרצער קאָן נישט זיין און אין מיטן אַ ווייס באַשטראַלט פּנים:

— און ווען עס וואָלט אמת געווען, וואָס די אפּיקורסים זאָגן... און זאָגן — זאָגן זיי, אַז קיין גאָט איז נישטאָ, ווען דאָס וואָלט אמת געווען, וואָלט איך דאָך פון צער אויסגעגאַנגען, וואָלט איך דאָך...

אין דעם איז זיי געגאַנגען די פרומע און די גלויביקע, זיי האָבן נישט געוואָלט אויסגיין פון צער, ווייל אויב מענטש אָן גאָט, איז דאָס מענטש מיט מעסער, מיט סם, מיט מאַידאַנעק.

„דער אמת וועגן גאָט".

איך האָב דעמאָלט געהאַלטן, אַז מען האָט אונזער עסטראַדע פאַר אַזאַ טעמע נישט באַדאַרפט אָפּגעבן. די זאַך האָט אויסגעזען אַביסל ביליק. מען קאָן ריידן וועגן געטלעכקייט, וועגן געטער און אָפּגעטער, וועגן געטשן און געטשן-דינערײַ. מען דאַרף אָבער אין ליטעראַטן-פאַראיין נישט האַלטן אַזעלכע רעפעראַטן, ווי דער „אמת וועגן גאָט". וואָס פאַר אַן אמת האָט דאָרט דער יונגערמאַן אַנטדעקט? מיט וועמען פון זיינע חברים האָט ער גאָט געפירט געשעפטן מיט אַ פאַלשער בוכהאַלטעריע?

דער טיפסטער באַגריף וועגן גאָט איז דאָך דער באַגריף פון אמת. ניבער האָט ער געדאַרפט ריידן אויף דער טעמע: „די געטלעכקייט פון אמת". דאַמאָלט וואָלט עס קליגער, ערלעכער און שענער געווען. די אַפּיקורסים, וואָס פאַרשווייגן גאָט, זיי פאַרשטיי איך, אָבער יענע, וואָס דראַפּען זיך צו די הימלען און פירן דיספוטן, זיי זענען מאָדנע אַפּיקורסים. מען האָט מיר דערציילט, אַז אין קאָנסקע וואָליע, צי אין אַפּאַליע איז געווען אַ ייד, וועלכן מען האָט גערופן „גאָט צו דאַנקען". פאַרוואָס אַזאַ נאָמען? דער ייד איז געווען אַ לערנער, אַ גרויסער זיצער איבערן ש"ס. איינמאָל, בעת ער האָט זיך שוין גוט איבערגעמאַטערט מיט זיין לערנען, איז ער אַרויסגעלאָפן אין גאַס און גענומען שרייען:

— גאָט צו דאַנקען, איך בין שוין דערגאַנגען, אַז קיין גאָט איז נישטאָ.

* * *

די אמתע רעוואָלוציע איז אויסגעבראָכן אין וואַרשעווער ליטעראַטן-פאַראיין, ווען פּרץ מאַרקיש איז אָנגעקומען פון סאָוויעטן-פאַרבאַנד. דאָס איז געווען אין אָנהויב פון די צוואַנציקער יאָרן. די רעוואָלוציע האָט טאַקע געטראָגן דעם נאָמען: „מאַרקישיאַדע". ווי ער איז געקומען, האָבן מיר אים גלייך געגעבן די עסטראַדע אונזערע, דעם שטענדער אונזערן, וואָס איז געווען אַ שטענדער פאַר אַלעמען. איז אויך במילא אַ שטענדער פאַר דעם דיכטער פּרץ מאַרקיש. אַלנ-פאַלס זענען מיר געווען מער גאַסט-פריינדלעך, ווי מאַרקיש איז געווען צו אונז פריינדלעך. ער האָט אונז אַלעמען דערלאַנגט איבער די קעפּ. ער האָט אונז אויסגעלאַכט. דעם פאַראיין מיט דער יידישער פּרעסע, די גאַנצע ליטעראַטור ביז... מאַרקישן. ער האָט אַלץ צעהאַקט און צעבראָקלט, ווי די קעפּלעך קרויט אין יעשען, ער האָט קיינעם נישט געשאָנעוועט... אונ-זערע האָבן זיך נישט דערשראָקן, נאָר



פּרץ מאַרקיש

(צייכענונגען פון
ה. בערלעווי)

אַ נייגעריקייט איז געווען אַ גאַנץ שטאַרקע. שטענדיק, ווען איינער זאָגט נביאות, אַז די וועלט גייט אונטער, איז פאַראַן אַ נייגעריקייט, מען מעג אַפילו נישט גלויבן, דאָך אַ קאַפּעטשקע ציטערט מען... ווער ווייסט? בפרט נאָך, ווען אונזער וועלטל ווערט אויסגעלאַכט, ווי אַ נישטיקייט, ווי אַביסל שטויב, וואָס דער ווינט טראָגט גלייך אַוועק. איך אַליין האָב דאָך געהערט אין מאָסקווע, ווי מאַיאַקאָווסקי און שערשעניעוויטש האָבן אויס-געלאַכט אין אַכצנטן יאָר פּושקינען, ממש אים אַ שליידער געטאָן פון זיך. געווען אַזאַ קאַפע אין מאָסקווע, האָט זי געהייסן „די צענטע מוזע", געווען אַ צווייטע קאַפע „די מוזיקאַלישע טאַבאַק-פּושקע", האָט מען די צוויי קאַפע-הייזער פאַרוואַנדלט אין דיספּוט-פּלעצער וועגן ליטעראַטור, מאַלעריי און פּאָעזיע. אין איין שעה צייט האָט מען פאַרטיק געמאַכט און אַרויסגעוואָרפן דורכן פענסטער אַלץ, וואָס אין דער רוסישער לי-טעראַטור איז געשאַפן געוואָרן אין הונדערט יאָר. מיט אַ צייט שפּעטער איז פּושקין ווידער געוואָרן פּושקין אין זיין גאַנצער גרויסקייט און אומ-

שטערבלעכקייט און אַלע זיינע יורשים האָבן געמוזט מיט שטיל־שווייגן צוריקגעבן די טייערע ירושה.

ביי אונז איז דאָס געווען פיל לייכטער. אויסלאַכן און אָוועקמאַכן מיט דער האַנט איז ביי אונז געווען פיל לייכטער. יידיש און יידישע ליטעראַטור האָט שטענדיק געהאַט גענוג שונאים און אויסלאַכער. צו אַלע איינצלנע עפּיטעטן ווי „זשאַרגאָן" און „שפּחה - שפּראַך" איז איצט מיט מאַרקישעס באַוויזן זיך צוגעקומען נאָך אַן עפּיטעט „קליינבירגערישקייט". קיין געזונט האָט עס נישט צוגעגעבן דער יידישער ליטעראַטור. אַז מען טרעט מיט די פיס, ווערט עפּעס צעטראָטן. אָבער עס איז גענוג פאַרבליבן פון דאָס אַלטע, וואָס איז נאָך אַלץ שטאַרקער פאַר דאָס נייע און גילטן ווערט שטענדיק דאָס געזעץ, אַז יעדעס פאָלק האָט ליד און יעדעס ליד האָט אַ פאָלק.

צי דאָס איז מאַרקישעס ליד, וועט ווייזן די צייט.

אין עולם, אים צו הערן, איז געווען אַ גרויסער, אַ סך אַ גרעסערער, ווי שטענדיק. מאַרקיש האָט געדונערט. אַ שיינער בחור מיט אַ פּנים פון אַ יונגן צעזאַר, אַ מויל פול מיט קוילן פון... פייערווערק. בעת ער האָט געענדיקט, האָבן זיך געהערט אַזעלכע אַפּלאָדיסמענטן, אַז די קאַץ פּיפּי איז פּשוט אַרויסגעשפּרונגען פון זאַל. זי איז אַנטלאָפן און עטלעכע וואָכן זיך נישט באַוויזן אין פאַראיין.

פּרץ מאַרקיש איז געוואָרן דער פּאָפּולערסטער דיכטער אין פּוילן. מען האָט אים אָנגעהויבן באַשרייבן און די פּראָווינץ איז גיך געוואָר געוואָרן זיין אַדרעס. מען האָט מאַרקישן גערופן אין אַלע שטעט און שטעטלעך. מען האָט אים גערופן מיט בריוו, מיט דעפּעשן, מיט ספּעציעלע שליחים , מען האָט אים באַגעגנט און באַגלייט, ווי אַ פּרינץ. מען האָט אים ליב געהאַט, ווייל ער האָט א ו נ ז געזידלט, אָבער נעכטן האָבן זיי דאָך אונז אויך ליב געהאַט. דאָך, פּרץ מאַרקיש האָט זיי דערציילט, אַז מיר זענען פאַרפוילט, אָפּגעלעבט. מיר זענען מיסט, וואָס די רעוואָלוציע וואַרפט איצט אַרויס אונטער דער שטאָט. צו הילף מאַרקישן זענען געקומען נאָך אַנדערע. איינער פון זיי, כאַשין, האָט געדונערט אין דעם זעלבן ליטעראַטן-פאַראיין די דאָזיקע הויכע פראַזן :

# טלאָמאַצקע 13

— אָן געטהען קאָן איך נישט לעבן, אָן פּרצן קאָן איך יאָ לעבן.

וואָס פאַר אַ שייכות אַזעלכע פראַזן האָבן געהאַט צו דער וועלט־רעוואָלוציע, האָב איך נישט געוווּסט, נאָר אַן אַרטיקל אין „היינט" וועגן כאַשינען האָב איך אָנגעשריבן און צו אים אַזוי געזאָגט: „דו קאָנסט זיך גאַנץ רואיק לעבן אָן פּרצן און אויך אָן געטהען, נאָר דו קאָנסט נישט לעבן אָן דער פּראָזע און אָן דער פּראָקלאַמאַציע".

אָבער וואָס מיר אַ כאַשין?

וועגן מאַרקישן לוינט צו ריידן. קודם כל איז ער אַן עכטער פּאָעט. אָבער ער אַרבעט מיט צוויי עלעמענטן. גאָלד און זאַמד זענען די צוויי עלעמענטן. גאָלד לויכט און פון גאָלד קאָן מען זיך אויסשמידן אַ גאָלדענע קרוין. זאַמד איז גוט אַריינצושיטן וועמען אין די אויגן, כדי אים צו פאַרבלענדן. אין אַלע מאַרקישעס שורות זענען די צוויי עלעמענטן אויסגעמישט. ער האָט געקאָנט ווירקן און אַ מאַטעריאַל האָט ער געהאַט אַ גוטן. פון איין זייט אַזאַ גרויסע רוסישע רעוואָלוציע און פון דער צווייטער זייט אונזער אָנהויב, אונזער ליטעראַטור, אַליין פון זיך אַ געבוירענע, אַליין פון זיך אָן אויסגעהאַלטענע, מיט פרעמדע און אייגענע שונאים. האָט ער אונז געקלאַפּט איבער די קעפּ מיט דער רוסישער רעוואָלוציע. מיין נישט פאַרזיכערטער קאָפּ האָט אויך באַקומען אַ פּאָר נישקשהדיקע קלעפּ. אפשר האָט עס ווי געטאָן, אפשר געקרענקט. נאָר ווען איך דערמאָן איצט יענע יאָרן, יענע צייטן... גאָט אין הימל! סאַראַ טייערע צייט דאָס איז געווען. און שטעטלעך אַזוי פיל, אַ ים, ווו אַזאַ מאַרקיש האָט זיך געלאָזט שווימען מיט זיין רעוואָלוציע. אַזאַ יוגנט מיט צעפּלאַמטע פּנימער, מיט אַזאַ מענטשלעכער נייגעריקייט: אפשר טאַקע אַ נייע וועלט מיט נייע מענטשן און נייע מנהגים און מען וועט אַזוי פיל נישט ליידן, אפשר, אפשר?

גענייגערט האָט מאַרקיש אין יענער סביבה, וואָס איז שוין היינט נישטאָ. מען האָט געקאָנט זיין באַליבט אָדער נישט באַליבט ביי די מאַסן, מען האָט אָבער געקאָנט אַפּעלירן צו זיי. סוף כל סוף איז פאָלק דער העכסטער ריכטער און די בעסטע אַפּעלאַציע איז געווען, ווען מען האָט זיי, די לייענער אונזערע, געגעבן אביסל מוט און אביסל נשמה. מען האָט זיך

שוין געמעגט אויף זיי פאַרלאָזן, זיי האָבן דאָס ערלעבע אויסגעפּונען. אין די שטעטלעך, דאָרט איז געווען אונזער צוקונפט. אין די שטעטלעך, אַרום-געזוימט מיט געדיכטע וועלדער, ביי די שטענדיק געשווענקטע ברעגן פון די טייכן, אייביקע טייכן. הונדערטער יאָרן זענען יידן געווען די שומרים פון די טייכן, זייערע שיפלעך זענען שטענדיק געשטאַנען גרייט ביים ברעג. יעדער איינער, וואָס האָט געוואָלט קומען אויף דעם צווייטן ברעג, האָט זיך געמוזט אַריינזעצן אין אַ יידיש שיפל. איבער דער גאַנצער לענג פון ווייסל, פון קראָקע ביז דאַנציג, האָבן יידן געפּאַטשט מיט די רודערס אין וואַסער. זיי האָבן געקענט דעם טייך, ווו דאָס וואַסער גייט לאַנגזאַם און, ווו עס איז שטראָמיק ביז סכנה, ווו פלאַך און ווו טיף, זיי האָבן אָבער נישט געוווסט, ווי פינסטער טיף עס איז די בייזקייט פון מענטש. איך קאָן זיך נישט פאָרשטעלן די ווייסל אָן דער ווייסער באָרד פון חיימען, אַ ברייטע באָרד, ווי אַ ווייסע פאָן פון פרידן. מען האָט אויף אים געזאָגט, אַז ער קנייטשט מיט זיין שיפל די פּאַליעס, ווי אים ווילט זיך. איך קאָן זיך אַ סך זאַכן נישט פאָרשטעלן. איך קאָן זיך נישט פאָרשטעלן די געדיכ-טעניש פון פּאָטאָצקים וועלדער אַרום נורעץ און ביאַלאָוויעזש אָן דעם שומר פון וואַלד. אַ יידישער שומר מיט אַ הויקער און מיט בלויע אויגן. ער האָט דאָרט געהאַט אַ הייזקע פון דעמבענע גראָבע קלעצער. ביטאָג האָט ער אַכטונג געגעבן אויף די וואַלד-העקער און ביינאַכט געלערנט גמרא, האָט ער מיר איינמאָל דערציילט:

— איך לערן גמרא און די וועלף קומען ביז מיין טיר, זיי וואָיען די וועלף, זיי וואָיען, דערנאָך אַנטלויפן זיי, זאָלן זיי וואָיען, זאָלן זיי לויפן, דער וואַלד איז גרויס.

דאָך איינמאָל זענען די וועלף נישט צוריקגעגאַנגען און מער קיין גמרא לערנט מען נישט.

געדיכט איז געווען אונזער לעבן, ווי אַן אַלטער וואַלד מיט אַ סך נייעם צוווקס...

נאָענט איז געווען יעדע יידישע טיר, די גאַס, דער יידישער טומל. אין אַ קאַזשמיעזש זומער, אין אַ ווינטער אין זאַקאָפּאַנע. שניי. איך האָב שוין פינף יאָר נישט געזען קיין שניי. נאָר נישט וועגן דעם וויל איך ריידן.

איך דערמאָן זיך, אַז אין זאַקאָפּאַנע איז געווען אַ בערגל, פון וועלכן די ייִדן פלעגן זיך אַראָפּלאָזן מיט די נאַרטעס, מיט די שליטעלעך... ייִדן קראָקעווער, טאַרנאָווער, חסידישע ייִדן מיט לאַנגע פאות, מיט טלית-קטן. זיי האָבן זיך געווײַלט, ווי אַלע, גאָר די אַלע, די קריסטן מיט די אַסי-מילירטע ייִדן האָבן געלאַכט פון די חסידים מיט די נאַרטעס און איך האָב זיך געבייזערט אויף די אַפּלאַכערס, געשריבן פעליעטאָנען קעגן זיי. איך האָב נישט פאַרשטאַנען, ווי מענטשן נעמען אויף זאַכן. אויב איינער טראָגט אַ קורצן בגד, קאָן ער יאָ ליב האָבן די נאַטור אין דער, וואָס טראָגט אַ קאַפּאָטע, קאָן דאָס נישט. די נאַרישקייט פון מענטשן איז אומ-באַגרענעצט. ער קאָן גיכער צען טויזנט מאָל פיינט האָבן, איידער איין מאָל פאַרשטיין...

איך גיי צו ווייט אַוועק, איך האַלט דאָך ביי טלאַמאַצקע דרייצן. דאָס איז שוין אָבער אַזוי: טלאַמאַצקע דרייצן דערמאָנט מיר אַלץ, עס דערמאָנט אַן אונטערגעגאַנגענע וועלט...

לעבן און אויפלעבונג איז געווען אין דעם, אַזוי פיל שיינקייט, חלומות פון אונזערע טייערע שטעטלעך. מאַרקיש, מאַרקיש! אפשר קאָנסטו איצט ווידער לויפן מיט דיין געבווירענער איילעניש, מיט דיין טשופּרינע, מיט דיינע באַוועגונגען, מיט דיין קול זיי אויפצוּוועקן. ביסט דאָך דאַמאָלט געווען ווי אַ נביא, וואָס זאָגט פאַראויס דעם „והיה באחרית הימים”. נישט געווען אָבער אַזאַ נביא, וואָס האָט געקאָנט פאַר-אויסזאָגן אַזאַ סוף צו זיי...

מאַרקיש האָט אָנגעהויבן זיין מאַרש איבער די ייִדישע ישובים פון פוילן. פון אונזער קליינער עסטראַדע אויף טלאַמאַצקע דרייצן, אַזוי איז אויך פאָרגעקומען מיט אַלע איבעריקע דיכטער און רעדנער. פריער האָבן זיי זיך געדאַרפט מעלדן צו אונז און מיר האָבן זיי מיט הסכמה צו לייענען, אָדער ריידן ביי אונז, געגעבן די מעגלעכקייטן זיך צו ווייזן פאַר דעם ברייטן עולם.

מאַרקיש איז אַריבער, ווי אַ ווינט, איבער גאַליציע, פּאָלעסיע און וואָלין, איבער ווייס - רוסלאַנד און איבער אַלע געביטן פון דאַמאָלסטדיקן פוילן. ער האָט געשטורעמט און דער דערפאָלג זיינער איז געווען, ווי די

פליגל, וואָס טראָגן. איז ער געלאָפן פון שטעטל צו שטעטל, ווי אַן אָנ־
זאָגער און קומט און הערט! אַלץ, וואָס ביז איצט איז געזאָגט און גע־
שריבן געוואָרן, דאָס אַלץ איז גאָרנישט, עס קומט א נייע וועלט...

איך בין נישט געווען פון מארקישעס מחנה. איך האָב שוין געהאט
אויף מיינע פּלייצעס די „נייע וועלט" פון פינפטן יאָר, פון דער ערש־
טער רוסישער רעוואָלוציע מיט דעם אקאָמפּאניאמענט פון פּאָגראָמען אויף
יידן. איך האָב א סך נעכט פארבראכט אין די צארישע תפיסות און ביי־
נאכט אין דער תפיסה - שטילקייט איז געגאנגען א טראכטן, א לאנגער
טראכטן, איך בין שוין דעמאָלט געקומען צום באשלוס, אז מיר יידן.
טראכטן צו שנעל וועגן די „נייע וועלטן". אונז איז טאקע שלעכט אין דער
אַלטער וועלט, ערגער ווי אַלעמען, אָבער יעדע „נייע וועלט" האָט אויך פאר־
אונז נייע נגישות. מיר זענען, ווי די ליכט, וואָס ברענען אוים אויף א
פרעמדער סעודה... אפשר זיך אביסעלע אָפּהאַלטן? איך האָב געהאט
די העזה דאָס עפנטלעך ארויסצוזאָגן און באקומען דערפאר א זיגל פון אַן
אָפּגעשטאַנענעם. איך שעם זיך נישט מיט דעם און איך טראכט ווייטער
דאָס מייניקע: איך האַלט, אז דערציען הונדערט טויזנט קינדער מענטש־
לעך, אָן שאוויניזם, אָן שקר איז נוצלעכער פאר דער פארבעסערונג פון
דער מענטשהייט, ווי אויסהרגענען הונדערט טויזנט בורזשויען. אין די
אויערן שרייט מיר אריין א הייזעריקער קול:

— פריער שעכטן און דערנאָך בויען.

איך ענטפער רואיק און זיכער:

— פריער לערנען, דערציען און דערנאָך בויען.

אָבער דאָס איז אַלץ געווען פריער... פאר מאידאנעק. איצטער
וויים איך גאָרנישט, איצטער דערמאָן איך בלויז. איך האָב זיך דעמאָלט
צוגעקוקט צו מארקישן, כאָטש מיר האָבן איינער דעם צווייטן אויסגע־
מיטן. אָבער אין הארצן האָב איך דאָך געוואָלט, אז ער זאָל בלייבן גע־
רעכט און זאָל טאקע זיין אביסל בעסער, אביסל זיכערער אויף דער ערד.
איז געוואָרן אזוי „בעסער", אז עס איז א חרפּה א קוק צו געבן אויף א
מענטש. א מענטש, א מענטש, וואָס מען מאכט פון אים זייף, כדי א חזיר
זאָל זיך האָבן מיט וואָס ארומצוואַשן.

שרעקלעך צו פילן, ווי פוסט און ווי אַלט מיר זענען געוואָרן פאַר די לעצטע יאָרן. אַזאַ מאַרקיש מיט אַ טשופּרינע, מיט אַ שטאָלצן בליק זעט מיר איצטער אויס, ווי איינגעוויקלט אין אַ לאַנגער ווייסער באָרד און אָנשטאָט צו צויבערן מיט אַ רעוואָלוציע, כּישופט ער איצטער אויס מיט וויטיק אַ נייע איינרעדעניש. אָבער די טויטע מיליאָנען וועלן זיך שוין נישט לאָזן איינרעדן, זיי ווייסן שוין דעם טעם פון ליכטיקן מאָרגן... אין זייערע יסורים און זייער ווערגן זיך מיט דעם ציקלאָן - סם האָבן זיי פאַרשאָלטן אַלע „מאָרגנס”...

איך דערמאָן דעם נעכטן. איך דערמאָן טלאָמאַצקע דרייצן, וואָס איז געשטאַנען לעם דער טלאָמאַצקער סינאַגאָגע, ווו יונגע טאַפּאָליען האָבן נעגרינט. איך געדענק נאָך, ווען מען האָט זיי אין דער ערד איינגע-פלאַנצט...

איך דערמאָן מאַרקישן.

אימפּעט האָט ער געהאַט מער, ווי מיר אַלע, שיין איז ער געווען, ריידן — געקאָנט. איז דער עולם צעטומלט געוואָרן פון אַזאַ יונגען דיכטער און די מיידלעך האָבן געחלומט פון אַזאַ שיינעם בחור. מען האָט אים אויסגעהערט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם. זיין קומען אין אַ שטעטל איז געווען אַ יום - טוב און אַן איבעראַשונג, אָבער נאָך זיין אַוועקפאָרן פלעגט זיך אָנהייבן אַ דיספּוט צווישן די, וואָס האָבן מאַרקישן אויסגע-הערט. איינער דעם צווייטן האָט געפרעגט:

— דו האָסט עפּעס פאַרשטאַנען?

— גאָרנישט...

— אָבער ער האָט דאָך אַזוי שיין גערעדט, דער טייוול האָט מיך גענומען, ווען איך האָב אים געהערט.

— יאָ, אָבער פון זאָגן ביז טראָגן איז וויים.

דאָס האָט אָבער נישט געשאַדט, מען זאָל מאַרקישן נישט פאַרבעטן אַ צווייטן און אַ דריטן מאָל. נאָך אַ מאַרקיש - קאָנצערט און נאָך אַ קאָנ-צערט. ער האָט געשפּילט די מוזיק פון אַן אמתער, צי פון אַ נישט ריכ-טיקער רעוואָלוציע, נאָר געשפּילט האָט ער פיין. אומזיסט האָט מען נישט קיין דערפאָלג און אַזאַ דערפאָלג אוודאי נישט...

איך ווייס נישט, וואָס מאַרקיש פֿילט היינט און טראַכט... דאָס איז זיין פּערזענלעכע זאַך. איך בין אָבער נייגעריק צו וויסן, ווי שטעלט ער זיך פֿאָר דאָס אַריבערגיין דעם בלוטיקן טייך, וואָס האָט פֿאַרפֿלייצט ז י י נ ע, מיינע און אונזערע ישובים? מיט די זעלבע אויסרעדענישן פֿון אַ בעסערער וועלט? אַי, וואָלט איך וועלן זיך אָפּנאַרן און נאָכאַמאָל גלויבן, ווי אַמאָל אין די יונגע יאָרן, ווי פֿריער פֿאַר די ביידע וועלט-מלחמות. ווען איצטער איז שוין נאָך אַלעמען, נאָך מאַידאַנעק... אפשר האָבן מיר אַלע געמאַכט דעם גרויזאַמסטן טעות און אָנשטאָט צו שרייען: דער מענטש וועט ערגער זיין, האָבן מיר באַזונגען, זיך איינגערעדט און אַנדערע איינגערעדט, אַז דער מענטש וועט בעסער זיין. וואָס איז אונז פֿאַר-בליבן פֿון שרייאיקן גלויבן אין די וועלט - רעוואָלוציעס? פֿון אַלע פּלאַ-קאַטן, פּראָקלאַמאַציעס און פֿון אַלע נייע געזאַנגען?

מאַרקיש האָט גענומען רעדאַגירן זשורנאַלן און זאַמל - ביכער. ער האָט צונויפֿגעזאַמלט חברים און אָנגעהויבן אַרויסגעבן מיט זיי די „כאַליאַסטרע". די חברים ראַוויטש, אורי צבי גרינבערג, י. י. זינגער, משה בראָדערזאָן, נחמן מייזל און נאָך אַנדערע, זיי האָבן נישט געברענט און נישט געפֿלאַקערט אַזוי מיט דער רעוואָלוציע און די „כאַליאַסטרע" איז איינגענטלעך געווען מאַרקיש אַליין, דאָך מאַרקיש האָט זיי אַלעמען אַרונטערגענומען אונטער זיינע באַוועגלעכע אָרעמס און עס איז גע-וואָרן אַ שותפֿות אין די ווענט פֿון... טלאָמאַצקע דרייצן. אין בירגער-לעכן ליטעראַטן און זשורנאַליסטן - פֿאַראיין האָבן עטלעכע טישלעך געפּראַ-וועט רעוואָלוציע קעגן דער אָפּגעשטאַנענקייט פֿון אונזער פּרעסע און לי-טעראַטור. אין דעם זעלבן לאָקאַל, אויף דער זעלבער טריבונע זענען פֿאָר-געקומען קליינבירגערישע און רעוואָלוציאָנערע אַרויסטרעטונגען און דער פֿאַראיין איז פֿון דעם נישט אונטערגעגאַנגען. טלאָמאַצקע דרייצן האָט אַלץ געקאָנט פֿאַרדייען. נאָך יעדער פֿאַרלעזונג אָדער רעפֿעראַט פֿלעגט מען שנעל אַרויסטראָגן די איבעריקע שטולן, אַוועקשטעלן צוריק די טישלעך אויף זייערע פּלעצער און ביז צוויי ביינאַכט, ביז פֿאַרטאָג איז מען צוזאַמען געווען. בטלנים האָבן געבטלט, געזונגען און געטאַנצט אונטער די הויי-זעריקע קלאַנגען פֿון פֿאַטעפֿאָן. אויסער דאָן, ווען ביי איין טיש איז

ארויף אן ערנסטער שמועס, דאמאָלט איז דער פּאטעפּאָן אנטשוויגן גע־וואָרן, ווי א פארשעמטער ווי א נישט אונזעריקער און דאָך שטענדיק א גרייטער, טאָמער וועט דער ערנסט ווערן צו - ערנסט און אריינקריכן אין די ביינער, ווי יעדער צו - ערנסט, דאמאלט וועט זיך שוין געפינען אן איי־נער, וואָס וועט צוגיין צום שפּיל - קאסטן און ארויפלייגן א טאנץ - פּליטע.

איך געדענק אָבער נישט, איך קאָן זיך פאר קיין פאל נישט דער־מאָנען, צי מארקיש האָט אויך געטאנצט... און צי האָט ער צייט גע־האט דאמאלט צו טאנצן? ער האָט געהאט אין זיין רשות דאָס גאנצע וועלטל פון יידיש פוילן און ער איז געלאָפן מיט זיין רעוואָלוציע - בשורה האסטיק, האסטיק ווי א ווינט... אָבער וואָס טוט אויף א ווינט? ער צעבערבט עטלעכע צווייגן, קערט אום עטלעכע פּלויטן און אויף מאָרגן איז ווידער רואיק. די ביימער בליען, די צעבראָכענע פּלויטן שטעלט מען צוריק אוועק. וואָס איז געווען דער ליטעראַרישער ווינט איבער דער יידישער ליטעראטור? קיין איין בוים איז נישט ארויסגעריסן געוואָרן מיט די וואָרצלען. פּרץ איז גלאָריפיצירט אין רוסלאנד, שלום אש איז שוין אויך א שותף צו דער רעוואָלוציע. די איבעריקע, די טויטע און די לעבעדיקע, פארנעמען זייערע פּלעצער, ווי פריער. דאָך, דער „פריער" איז שוין נישטאָ און דאָס איז אלץ. א לייִדיקייט, חבר מארקיש! זעקס מיליאָן פארסמטע און פארברענטע יידישע לעבנס האָבן מיטגענומען אין זייער אשיקן קבר אונזער גלויבן, מיר זענען אויסגעבערנט פון דער וועלט און דערפאר גריבל איך זיך אין דעם אש פון טלאמאצקע דרייצן. מיט די טויטע איז בע־סער...

איינער א זשורנאליסט, וואָס איז נישט לאנג צוריקגעקומען פון א באזוך אין ווארשע, האָט מיר דערציילט, אז יעדן טאָג האָט ער געזען צווישן די רואינען אן אלטן ייד אין א טלית - קטן, א ייד מיט א צעשויבערטער באָרד, מיט בלאָנדזשענדיקע אויגן. מען האָט אים געזאָגט, אז דאָס איז א משוגענער. דער ייד גייט נישט אוועק פון די רואינען, ער נעמט אַרום א שטיין א גרעסערן, דריקט אים צו צו זיך און מורמלט עפּעס, ער דריקט דעם שטיין פון געטאָ צום הארצן און בלאָנדזשעט מיט די אויגן אויף אלע איבעריקע שטיינער, אויף די בערג מיט די ציגל, אויף א פארבליבענעם

קוימען, אויף אַ רעשטל פון אַ פענסטער, אויף דער טויטער ליידי־
קייט...

דאָס איז דער לעצטער סימבאָל פון פוילישן יידנטום, מען וועט דעם
אַלטן ווילנער אַראָפּטרייבן פון דאָרטן, אָדער ער וועט שטאַרבן, מען וועט
די שטיינער צונעמען פון דאָרטן. מען וועט ווידער בויען און פאַרבויען
די בלוטיקע פּלעצער...

עס וועט זיין אַ נייע וועלט.

און איך שיק געדאַנקלעך די נייע וועלט צו די אַלדי שוואַרצע יאָר.
ווייל איך בין פון דער אַלטער פאַרברענטער וועלט. איך וועל זיך נישט
פרייען מיט דער שענסטער נייער וועלט, וואָס ווערט געבויט אויף דעם
אַש פון מיליאָנען פאַרברענטע, פון קיגדער דערשטיקטע, פון לעבנס,
וואָס האָבן נישט אויסגעלעבט. זיי האָבן אונז איבערגעלאָזט אַ ירושה פון
קללות, קללות געבוירענע אין ערב - טויט יסורים, טאָ זאָלן די קללות פאַלן
אומעטום.

* * *

נאָך דער ערשטער וועלט - מלחמה, וואָס איז געווען דעם טייוולס
פּרעלודיום, די ערשטע גענעראַל - פּראָבע פון דער איצטיקער בלוט - באָד,
האָבן מיר זיך אויסגעבויט אַ פאַראיין מיט אַ קליינער עסטראַדע, מיט אַ
שטענדער פאַר אַלעמען. מיר האָבן געהאַט פאַר וועמען צו ריידן און מיר
האָבן געהאַט, וועמ עס זאָל צו אונז ריידן. מען האָט נאָך געגלויבט אין
וואָרט...

אויף אונזער עסטראַדע און ביי אונזערע טישלעך זענען געשטאַ-
נען און געזעסן כמעט אַלע שריפטשטעלער אונזערע, אַ דור אַ גאַנצער.
ביאַליק, טשערניכאָווסקי, שניאור, פרישמאַן און סאָקאָלאָוו, לייוויק,
טאַדיר, אַפּאַטאָשו, ד״ר זשיטלאָווסקי, אב קאַהאַן, ש. ניגער, הלל ראָגאָף,
דוד פינסקי, לעיעלעס, מנחם. עס איז דאָך פשוט געווען אַ זאָל־פאַר אויפ־
נאַמעם און באַנקעטן פאַר טייערע יידישע פריינט פון דער גאַנצער וועלט.
זיין אין וואַרשע און נישט קומען צו די ליטעראַטן צו גאַסט, דאָס האָט
נישט געהייסן זיין אין וואַרשע, אַקטיאָרן... לודוויג זאַץ און מאָריס
שוואַרץ, מאַלי פּיקאָן און יעקב קאַליך, קלאַרא יאָנג, בערטאַ גערסטין,

קרעסין און דזשייקאָבסאָן... כמעט אַלע יידישע אַקטיאָרן פון דער וועלט. די ווילנער טרופע, די „הבימה" און „אהל"... מאָלערס: מאַ-ניעוויטש, מארק שאגאל, גליצענשטיין, ניימאַן און אַלע, אַלע פון וואַרשע און לאָדזש. אַרטור שיק, פרידמאַן, טיקאַטשינסקי, נאַטאַן קאַזשען, וויינ-טרויב, ראַבינאָוויטש, שליוניאַק, ברוינער, אַסטזשעגאַ, יאַנקל אַדלער, חיים האַנפט, לייזעראָוויטש, האַבער, איגנאַץ הירשפּאַנג. מיט אַ גרויסן טייל פון די אויסגערעכנטע פלעגן מיר זיך זומער באַגעגענען אין קאַזשימיעזש. די חברה האָט געגנבעט נאַטור פון דעם אייגנאַרטיקן שטעטל. ווו ייד האָט זיך איינגעוואָקסן אין פּייזאַזש, ווי אַ בוים. באַרג, וואַלד און וואַסער אַרום, אַ פינף הונדערט - יעריקע שול, אַ בית - עולם אויך פון פינף הונדערט יאָר, רירנדע מצבות פון פאַרשווונדענע דורות. דאָס אַלץ צוזאַמען האָבן יידישע מאָלערס פּאַראייביקט אויף לייוונט, אָבער דאָס פּאַראייביקטע איז אויך פאַרברענט געוואָרן און מיט די בילדער די גרעסטע צאָל יידישע מאָלערס פון פּוילן, די אַלע איינינקלעך פון הירשבערג און פיליכאָווסקי. אפילו דעם ווייסן רענעסאַנס-קאַשטשיאָל האָבן די יידישע מאָלער געצייכנט פון אַלע זייטן. נישט דערפאַר, ווייל זיי האָבן יידישקייט פאַררעטן, נאָר דערפאַר, ווייל דער קאַשטשיאָל איז געשטאַנען אויבן - אָן און געוואָרפן שאָטן אויפן מאַרק, וווּ יידן זענען געווען, יידן אין די גע-וועגלעכע טעג, אין די מאַרק - טעג און אין טעג פון שבת און יום - טוב. צוויי וועלטן זענען געווען: די יידן און די קריסטן, נאָר איין פּייזאַזש האָט זיי אַריינגענומען אין אַ ראַם פון הונדערט - יעריקייט. דערמאַנסטו זיך דעם גרויסן מאַרק - פּלאַץ מיט די שילדן: חיים לוסטיג, דבורה ליבאַוו און שמואל פרידמאַן... שטייט אויך אויף פאַר די אויגן דער קאַשטשיאָל, דער-מאָנסט זיך די פּויערישע פורלעך מיט די גענז, קאַטשקעס און הינער, די שוואַרצע קריגעלעך מיט די רויטע יאַגאָדעס, די גרויסע ווייסע קעזן מיט די גאָלדענע ציבעלעס. אונזערע יידישע קינסטלער האָבן דאָס אַלץ געמאָלט צוזאַמען מיט די יידן, וועלכע האָבן צווישן די פורן, ווי מבינים, געשפּרייזט און עפּעס געקויפט און עפּעס פאַרקויפט... אַזאַ מאַרק מיט אַזאַ אויס-זען, מיט די בערגלעך פרישע קאַנעשינע אויפן ברוק, מיט די שנעל גע-בויטע ביידלעך פון די קירזשנער און שניידער, אַזאַ מאַרק איז זייער אַלט געווען, פון דור צו דור האָט זיך עס געצויגן און איינגעלעבט געוואָרן ביז

נאָר מיט א פעסטער שותפות פון דאָרף און שטעטל. אויף די בילדער פון טרעמבאטש, פון די ברידער זיידענבייטל, אויף די בילדער פון יצחק ברויַ־נער, ראבינאָוויטש, פרידמאַן, וויינטרויב און הירשפאנג האָט מען דערקענט, ווי איינגעלעבט און ווי איינגעקנייטשט דער ייד איז געווען אין פוילישן פייזאזש. דאָס איז נישט געווען קיין פרעמדשאפט, פרעמד איז געווען די שנאה, וואָס ברואים פלאנצן, כדי צו גענימן עפעס פאר זיך... די שנאה קאָן אוועקשטעלן צוימען פון שטעכיקן דראָט, אָבער די נשמה קאָן גיכער אויסגיין פון צער, איידער פארגעסן דאָס, וואָס מען האָט ליב געהאָט און וואָס איז נאָענט געווען. מאלערס זענען זומערס גאנצע געזעסן אין אזא קאזשמיעזש און געמאָלט מיט אלע קאָלירן דאָס קאָלירטע יידיש-פוי-לישע לעבן. איך האָב זיך דאָרט מיט זיי באגעגנט, איך האָב מיטגענומען זייערע בליקן, וועלכע זענען געפאלן אויף די יידישע הייזער. אַלץ דער-מאָנט זיך. דער מארק, דער טייך, די טעג, ווען יידן האָבן געהאנדלט און די טעג, ווען זיי האָבן גערוט. עס דערמאָנען זיך אויך קריסטלעכע פּנימער. טעג, פארנאכטן, באגינענס מיט די פישערס אויפן טייך, צאפלדיקע זילבער־שטיקלעך... פיש. און דער טייך גייט ווייטער. אַלץ דערמאָנט זיך און עס שרייבן זיך אמאָל אָן אפילו אזעלכע אכט שורות. דאכט זיך, פרעמדע שורות, אָבער זיי קומען דאָן, ווען מען דערמאָנט דעם אייגענעם אמאָל:

אין קאשטאנען־קרייזן געשטאנען
איז דער קאָשטשיאָל שוויענטא אננא...
און באקלונגען טאלן גרינע
אין פרימאָרגנס און באגינענס.

דין געוועבט די לופט מיט קלאנגען
איבער ישוב און פארלאנגען...
אָי, דער קאָשטשיאָל שוויענטא אננא!
אָי, ווי ווייט ער איז פון דאנענט...

די אַלע אומגעקומענע קינסטלער און די, וואָס האָבן זיך געראטע-וועט, פלעגן צו אונז אריינקומען, ווי מען קומט צו גוטע קרובים, ווי מענטשן פון איין שטימונג און איין גורל. יידיש וואָרט און יידיש בילד האָבן זיך געחברט אויף טלאמאצע דרייצן.

צו אונז איז מען געקומען פון נאָענט און ווייט. אַ יאַפּאַנישער שרייבער פון טאָקיאָ האָט געהאַלטן אין עספּעראַנטאָ אַ רעפעראַט וועגן יאַפּאַן. אינדוסן זענען געווען עטלעכע מאָל, געזעדט האָבן זיי אויף אונזער קליינער טריבונע. איליאַ ערענבורג האָט גערעדט און דערציילט וועגן רוסלאַנד. קאָנסטאַנטין באַלמאַנט האָט רעציטירט זיינע פאַרביקע פערזן. די באַרימטע שרייבערין מיכאַעליס האָט דערציילט וועגן נאָרוועגן. ווער קאָן דאָס אַלץ דערמאָנען און אַלץ געדענקען. די שטולן אונזערע האָבן נישט גערוט, מען האָט זיי כסדר גערוקט הין און הער, די טיר האָט זיך געעפנט און פאַרמאַכט. האָט איינער געבראַכט יאוש, איז געקומען אַ צווייטער און געמאַכט אַלעמען פריילעך. אַ באַשיידענער לאָקאַל, אָבער פיל האָבן געלייגט אויף אים שטאַרקע האָפנונגען, מען האָט געמיינט, אַז ד אָ וועט עפּעס געשען אַ נס מיט דער יידישער ליטעראַטור און קולטור. געווען אוודאי עפּעס אַזוינס אויף טלאַמאַצקע דרייצן, וואָס האָט אינספּירירט צו איינרעדעניש, אין דער אמתן זענען מיר דאָך בלויז געווען אַן אדרעס, אַ באַשיידענער אויפנאַמס - פּונקט, אַ קיביצאַרניע, אַ קלוב און נאָכאַמאָל: אַ בודע... עס איז אַ פאַרגעניגען צו האָבן אַ בודע אין אַ דור, ווען מען בויט וואָלקןקראַצערס, טונעלן און טורעמס. דאָס פּשוטע וואָרט פילט זיך בעסער אין אַ בודע.

טלאַמאַצקע דרייצן, אונזער גרויע בודע האָט געהאַט אין אירע צוואַנציק יאָר אַ סך ליכטיקע, פיל קאָלירטע מאָמענטן. קעגן אַלע אַרגומענטן פון אונזער שפלות האָבן מיר געלעבט און געווירקט. קיינער האָט אונז נישט צוגעהאָלפן און מיר אַליין האָבן עס גענומען לייכט, אַביסל מיט בטלנות, אַביסל אַנאַרכיסטיש און אַ קליין ביסעלע אָרגאַניזאַציע, אויף מער האָט אונז נישט געסטייעט.

און מער האָט זיך נישט געגלוסט. באַגעגענען זיך מיט חברים, דאָס איז געווען דער עיקר. ביי אַביסל מער ווילן און אַ געוויסע אונטערשטיצונג פון די פאַרמעגלעכע וואָלט דער ליטעראַטן - פאַראיין געקאָנט ווערן אַן אָנפירנדיקע אָרגאַניזאַציע נישט נאָר אין דער יידישער ליטעראַטור און פּרעסע, נאָר טאָקע געבן טאָן אויך אין אַנדערע ענינים. ביי די לעצטע וואַלן צום פּוילישן סיים האָט דער יונגער זשורנאַליסט מאַרק טורקאָוו פאָרגעלייגט,

אַז די בודע זאָל אַרויסשטעלן אַן אייגענעם קאַנדידאַט, מען האָט אָבער דעם דאָזיקן פאָרשלאָג פאַרנאַכלעסיקט. אָבער דער זעלבער טורקאָוו האָט מיט דער הילף פון עטלעכע חברים אַריינגעפירט אין סיום דעם דאָקטאָר יהושע גאָטליב. דאָס איז געווען אַן אַמביציע פון אונזערע עטלעכע טישלעך.

מאַרק טורקאָוו איז איצט אין אַרגענטינע. ער שטייט אין קאָנ־טאַקט מיט אַלע לעבנגעבליבענע חברים. אונזער יונגער פריינט האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ טייערן חבר. איך זע זיין געזעלשאַפטלעכע אַרבעט פון דערווייטן. זיין ליבע צום יידישן וואָרט, זיין איניציאַטיוו צו העלפן און בויען... אַביסעלע ווירקונג פון אונזער בודע דערקען איך. עס איז נישט געגאַנגען לאַבוד. די זעלבע ווירקונג פון יידישן ליטעראַטן און זשור־נאַליסטן־פאַראיין באַמערק איך אויך ביי אַ סך אַנדערע פאַרבליבענע חברים אין נ. אַמעריקע, מעקסיקאָ, טשילע, אין אַפריקע און אין פראַנקרייך, און וו איינעם האָט דער גורל פאַרוואָרפן. אין קאַנאַדע און אין אויס־טראַליע, דאָ און דאָרט באַווייזט זיך אַ זשורנאַל, דאָ און דאָרט גרינדעט זיך אַ קלוב, אַ פאַראיין, אַ געהילפס־פאַרבאַנד פאַר יידישע שרייבער און פאַר יידיש וואָרט. מען דאַרף עס באַגריסן און מען דאַרף עס בענטשן, אָז דעם איז נאָך פינסטערער. אָבער דאָס אַלץ זעט אויס, ווי נאָך אַ שרפה: מען זוכט אין דעם אַש, אונטער די האַלאָוועשקעס, אונטער די ציגל און שטיינער, וואָס זענען פאַרבליבן נאָך אַ גרויסן בנין. אַ מעשענער לייכ־טער איז גאַנץ פאַרבליבן, אַ קופּערנע פענדל, אַ האַמער, אַ בלעכערנער ריבאייזן און נאָך עפּעס קליינינקייטן, וואָס דערמאָנען פיל און גיבן אָבער בלויז ווייטקייט...

פון וואַרשע ביז אַרגענטינע איז שרעקלעך ווייט. מיט דער יידישער פוילן איז אויך די יידישע אַרגענטינע גרעסער געווען און דאָס יידישע ניו־יאָרק איז נענטער געווען. ווען מיר האָבן עפּעס אונטערגענומען אין ליטעראַטן־פאַראיין, וואָס האָט אַ שייכות געהאַט צו דער יידישער ליטע־ראַטור, האָבן מיר אויך שטענדיק אין זינען געהאַט די פריינט אונזערע, וואָס זענען צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט. ווען די צעשפּרייטע איבער דער וועלט נעמען עפּעס איצטער טאָן, האָבן זיי שוין נישט דאָס פּוילישע יידנטום... ווי איז אונז.

## טלאָמאַצקע 13

מיר האָבן צונויפגעלייגט אונזערע גראָשנס און אויסגעבויט א לאָ-
קאַל פאַר יידישע זשורנאַליסטן און שריפטשטעלער דערפאַר, ווייל אונטער
די פענסטער פון אונזער לאָקאַל האָבן זיך געשפּילט יידישע קינדער, אין
גאַנץ וואַרשע און אין גאַנץ פּוילן האָבן זיך געהאָדעוועט יידישע קינדער.
מען קאָן היינט ווידער שאַפן אַזאַ לאָקאַל מיט אַזאַ עסטראַדע אַרומגע-
קלאַפּט מיט זאַק - לייוונט און רעדנער וועלן זיך געפינען. וואָס אָבער וועלן
זיי ריידן ? דעם מיליאָן קינדער מיט זייערע טאַטעס און מאַמעס האָט
מען פאַרברענט, די חתנים און די כלות פאַרברענט. צו וועמען וועלן זיי
ריידן ? צו זיך אַליין...

11

# פאַרלאָשענע לאָמפּן...

מיט עטלעכע יאָר פאַר דער מלחמה האָט דער פאַראיין גענומען אויס-גיין. לאַנגזאַם, חודש נאָך חודש. די מיטגלידער זענען פאַרבליבן, דער לאָ-קאַל, די שטולן און דער פּאַטעפאָן, אַלץ ווי פריער, און דאָך נישט ווי פריער. מען האָט זיך געהאַלטן ווי פריינט און ווי נישט-פריינט, מען איז נאָך געקומען אין דער בודע, אָבער שוין נישט אַזוי אָפט און שוין נישט אַלע חברים, א סך האָבן זיך אויסגעקליבן אַנדערע פּלעצער. געווען אַן עלעגאַנטע קאַפע „אייראָפּא", געווען די קאַפע פון די פּוילישע קינסטלער „זשעמיאַנסקא", געווען דער יידישער רעסטאָראַן „פּיקאַדילי"... מען האָט אָנגעהויבן דעם פאַראיין אויסצומיידן. מיט א סיבה, צי אָן א סיבה. די בודע האָט פאַרלאָרן דעם פּרעסטיזש ביי פרעמדע און ביי אייגענע. אַלץ מער שטולן זענען פאַרבליבן ליידיק.

די טיר האָט נאָך אַלץ געקלאַפּט, אָבער אַריינגעקומען זענען שוין א סך מער פרעמדע, ווי אייגענע. ביסלעכווייז האָט זיך אַלץ געביטן. פריער איז געווען א לאָקאַל פון בטלנישער פריוקייט, איצט איז דאָס געוואָרן א הפקר - לאָקאַל. אַלע איבערגעגעבענע מיטגלידער האָבן געפילט, אַז מען פאַרלירט די „בודע". „עפּעס" רוקט זיך אָן, „עפּעס" שטופּט אונז אָפּ. האָבן עטלעכע חברים געפּרוווט זוכן מיטלען, ווי צו ראַטעווען און די אַנדערע האָבן א מאַך געטאָן מיט דער האַנט און געלאָזן גיין, ווי עס גייט.

פאַר די לעצטע ביסל יאָרן זענען אויסגעשטאָרבן א סך חברים. בי-

בער, זאַגאַראַדסקי. עס זענען געשטאָרבן דוד קאַסעל, יוסף לעשצינסקי,
בייניש מיכאַלעוויטש און קאַרלינסקי. הערש דוד נאָמבערג... מיט די
נעמען איז אַוועק פון אונז אַ שיין ביסל חשיבות און געמיטלעכקייט. אַ
טייל חברים זענען אַוועק קיין אויסלאַנד און צווישן זיי דער בעסטער סע-
קרעטאַר אונזערער, מלך ראַוויטש. ער האָט אַ
סך אָרדענונג אַריינגעבראַכט אין דעם געזעמל
פון אַזוי פיל זשורנאַליסטן, דיכטער און האַל-
בע דיכטער, ליטעראַטן און צוטשעפּעניש
אַלערליי. ראַוויטש איז געווען אַ געטרייער סעק-
רעטאַר מיט געוויסן און פאַראַנטוואָרטלעכקייט
און פּלוצלינג אָפּגעזעגנט זיך און אַוועק קיין
אויסטראַליע... נאָך אים איז געווען סעקרע-
רעטאַר מנחם פלאַקסער, שפּעטער איז געווען
אלחנן צייטלין, אָבער זיי זענען שוין געקומען
דאַמאָלט, ווען טלאָמאַצקע דרייצן האָט זיך שוין
גענומען ברעכן. די בודע האָט נאָך אַלץ געצויגן
און אין דער זעלבער צייט האָט שוין
געטריבן צוריק. עס האָבן זיך אין לאָקאַל אַריינגעשמוגלט פרעמדע, נישט
נויטיקע עלעמענטן מיט גאָר אנדערע צילן. זיי האָבן געלאַכט פון אונזער
חברשאַפט און היימישקייט. זיי האָבן געהאַט
אַ פּראָגראַם אַזאַ, וואָס לאַכט אויס. געווען
אַזעלכע, וואָס האָבן נישט פאַרגונען אונזער
פרידלעכקייט און אונזער קאַמפּלאַזיקייט.
געווען אַ כוונה דעם פאַראיין צו פאַרניכטן.
ערגעץ-ווו און ערגעץ-ווען האָט מען שוין
געשריבן, אַז דער פאַראיין פון די יידישע זשור-
נאַליסטן און ליטעראַטן איז די ערגסטע נעסט
פון פאַשיזם און קאָנטער-רעוואָלוציע. מיר האָבן
דאַמאָלט אַ שיין ביסל געלאַכט פון דער אַנט-
דעקונג און מיר האָבן געפּאָדערט פון הער-
שעלע דאַניעליעוויטש, ער זאָל אונז גלייך
אַרויסגעבן די פּלענער פון דער קאָנטער-



י. ח. זאַגאַראַדסקי
(צייכענונג פון ש. פייגענבוים)



מלך ראַוויטש
(צייכענונג פו, ח. האַנפט)

רעוואָלוציע. האָט ער זיך מודה געווען און געזאָגט, אז ער גייט שוין לאַנג
אַרום מיט א פּלאַן...

— מיט וועלכן פּלאַן? הערשעלע!

— איך וויל זיך גטן מיט מיין ווייב. דאָס שטערט מיר צו זיין
א פּאָעט. אונזערע מענטשן טאָרן נישט פאַרקריכן אין משפּחה-זומפּ.

„אונזערע" מענטשן האָבן געשמייכלט, ווען הערשעלע האָט אונז
אַנטדעקט זיין פּלאַן.

צו יענער צייט האָט זיך געלאָזט שטאַרק פילן ביי אונז איציק מאַנ-
גער, א גרויסער געווינס פאַר דער יידישער פּאָ-
עזיע, נאָר א קנאַפּער געווינס פאַר א פאַראיין,
וואָס מוז אויסגעהאַלטן ווערן מיט מי און אָנ-
שטרענגונג, א פאַראיין, וואָס פאָדערט א מיני-
מום דיסציפּלין פון זיינע מיטגלידער, אַנדערש
ווערט עס באַלאַגאַן. מאַנגער האָט פון אַזאַ
דיסציפּלין נישט געוווּסט און נישט געוואָלט
וויסן, פאַר זיין ביסל בראָנפן מעגן מיר
אַלע א כּפּרה גיין און ווען ער איז שוין אָנגע-
טרונקען, דאַמאָלט קומען קללות פון ביטערסטן
מין און ווערטער, וואָס מען הערט ניט אין
ערגסטן שענק. די פרויען פון אונזערע מיט-
גלידער האָבן זיך כּסדר אָפּגעזאָגט צו
קומען אין אונזער לאָקאַל, זיי ווילן אַזעלכע ווערטער נישט הערן. אין
רוסלאַנד האָט געשיכּורט דאַמאָלט דער פּאָעט יעסענין, אָבער רוסלאַנד איז
אַזוי גרויס און אונזער לאָקאַל איז אַזוי קליין און ווי שווער דאָס איז
אונז אָנגעקומען... וואָס וויל ער, דער מאַנגער? וואָס האָבן מיר ביי
אים צוגענומען? פאַרוואָס שילט ער אונז יעדן טאָג? פון אונזערס אַלעמען
וועגן מעג ער זיך אָוועקזעצן אויף דעם ערשטן שטול פון פּאַרנאַס, אָבער
וואָס ברעכט ער אונזערע אָרעמע שטולן? איך האָב נישט איינמאָל גע-
קוקט אויף אים, בעת ער איז שכּור געווען, א ווייסער פּנים, טויט-בלאַס,
א פּנים אָן אויסגעליטענער, א מאַרטירער-פּנים, ער האָט געגלאָצט בייז
מיט די אויגן און מיט אויסגעקרימטע ליפּן האָט ער געשאָלטן. א וועלט



יצחק מאַנגער
(צייכענונג פון
י. ברוינער)

מיט פּרעטענזיעס צו אונז... מיר האָבן אַלע געוווסט. ער האָט געהאַט אַ פינסטערע יוגנט, אָבער ווער פון אונז האָט געהאַט אַ ליכטיקע יוגנט? מען האָט אים געהאָלפן, ווי ווייט מען האָט געקאָנט העלפן, האָט ער די הילף צוגענומען און ווידער געשאָלטן. ער האָט לידער געשריבן, אָריגינעל געשריבן. מען האָט אים ביכלעך אַרויסגעגעבן און געלויבט, ווי ווייט מען קאָן לויבן און ער האָט געשאָלטן. ווייזט אויס, אַז דאָס איז געווען דער איינציקער פּלאַץ, וווּ מען האָט געקאָנט לאָזן די קללות אין גאַנג. דער איינציקער פּלאַץ, וווּ מען האָט זיך צו די קללות צוגעהערט. צו ערשט מיט נייגעריקייט, דאָס איז געווען אַ נייעס. דערנאָך מיט פּאַרדרוס: ווער איז דאָ שולדיק? מיר האָבן אַלע געהאַט פּרעטענזיעס צו דער וועלט און צום מזל, נאָר מיר אַלע, מיט הערשעלע דאַניעליעוויטש אינאיינעם האָבן אונזערע קללות געלאָזן אינדערהיים. אין פאַראיין איז מען געקומען זיך אָפּרוען און חברן - זיך. מאַנגער האָט ביי זיך אין האַרצן אָנגעקלאָגט די גאַנצע וועלט און אונזער פאַראיין אויך... די וועלט איז אָבער גרויס און זי הערט נישט קיין אָנקלאַגעס. דער פאַראיין איז דערצו געווען דער בעסטער באָדן. פינף חדרים האָבן מיר געהאַט און אַז מען שילט אויפן קול אין איין צימער, הערט מען די קללות אין אַלע איבעריקע. עס האָט אויסגעדוכט, אַז מאַנגער האָט ענדלעך געפונען דעם שולדיקן אין אַלע זיינע צרות און אַז מען באַפט דעם שולדיקן, וויל מען איינמאָל פאַר אַלע מאָל זיך אָפּרעכענען מיט אים...

מען איז געווען גליקלעך, ווען ער האָט זיך באַרואיקט און ניכטערערהייט איז ער טייער געווען מיט זיינע דערציילונגען ביים טיש. ער האָט געקאָנט אויף אויסנווייניק הונדערטער לידער, ער איז דערגאַנגען צו דער נשמה פון פעלקער דורך זייערע פאָלקס - לידער. ער אַליין אַ דיכטער דורך און דורך, ווי גרויס איז געלדפּאָדן אין זיין מויל... אין זיין מויל, וואָס האָט נאָר וואָס אַזוי גראָב געשאָלטן. דער פאַראיין האָט נישט געוואָלט זיינע קללות, דער פאַראיין האָט געוואָלט זיין פּאָעזיע, זיין ליבע צו פּאָעזיע. היינט האָט ער דאָס געגעבן. אַרום זיין טישל איז געווען געדיכט, מען האָט אים רואיק, גאָר רואיק אויסגעהערט און אין דעם זעלבן אָוונט איז ער ווידער דאָ און ער שילט שוין ווידער. ער איז שוין נישט קיין חבר און נישט קיין פּאָעט, ער איז אַ פּראָקוראָר און ווי איז

דעם, אויף װעמען עס פאַלט זײַן בליק, אַלע שװאַכע זײַטן באַפֿט מאַנגער אונטער און באַליידיקט אוממענטשלעך. נישט געװען אַזאַ אײנער, װעמען ער האָט געשאַנעװעט. געװען אַן אָנשיקעניש, אַ פּאַטעטישע אָנשיקעניש, מיט קללות.

קללות פון אַן אײגענעם, פון אַ נאָענטן. דאָס יידישע בימער לעבן האָט שוין אַזעלכע װינקלעך, װו די קללות נעסטלען זיך אײַן. דאָרטן װאַקסן זײ אויס, דאָרטן פאַרטיפן זײ זיך אין זײער גיפט, דאָרטן שלײַפן זײ זיך אין זײער שטעכיקייט.

דאָס מאָל זענען דאָס געװען קללות פון יידישן רומעניע.

עס קאָן זײַן, אַז דאָס זענען געװען אונזערע אַלעמענס קללות. די קללות פון יידישן פאָלק, פון דעם יידישן דיכטער בכלל. עס קאָן אַלץ זײַן, נאָר מיר אַלע האָבן זיך געװאָלט אײַנראַמען אין אַביסל באַשטענ-דיקייט, אײַנרעדן זיך, אַז מיר פאַרמאָגן עפּעס, דער ליטעראַטן-פאַראײַן איז אויך געװען אַזאַ מין אײַנרעדעניש. מיר האָבן בײַ קײנעם גאָרנישט צוגענומען, בײַ מאַנגערן אויך נישט, נאָר ער מיט זײַנע שטענדיקע פּרע-טענזיעס און קללות האָט אויפגעריסן אונזער װונד, אונזער אײַנזאַמקייט, אונזער געלײַטערטע אָרעמקייט. דער שװאַרצער דאַרער פּיעראָט! אָט באַלד װעט ער זיך װאַרפן צו אונז קושן און װײנען װעט ער, און דערצײלן װעט ער עפּעס אַ ביטערן עפּיזאָד פון טאַטנס שטוב. דלות האָט ער גע-האַט, דלות, װי שטעכעדיקע פאַרזשאַװערטע דראָט. דאָך ער איז נישט קײן אויסנאַם מיט זײַן דלות. מיר װײסן כמעט אַלע, װאָס דאָס איז אַזױנס און דערפאַר װילן מיר חלומען פון אַ בעסערן לעבן און דערפאַר טראַכטן מיר אויס נשמה - געזאַנגען און מאַנגער זינגט אויך, כדי זיך און אַנדערע צו פאַרזינגען און פאַרװיגן... װיפיל מאָל האָט זיך מיר געװאָלט אים נעמען, דעם דאָזיקן פּאָעטישן שכור, און אָװעקטראָגן ערגעץ... װער װײסט װו? אפשר אין אַ פּאַלאַץ און אפשר אין אַ פּשוטע פויערישע הײַז-קע, אים אָװעקלײגן און זאָל ער זיך אויסניכטערן, דאַמאָלט װעל איך אים דערצײלן עפּעס פון זיך, פון מײַן קינדהײט, פון מײַן אײביקן געראַנגל מיט אַלץ און מיט אַלעמען און זאָל ער נישט מײנען, אַז בלויז ער איז אַ יחסן אין יסורים. װיפיל מאָל האָט זיך געװאָלט לויפן אין שענק און אַלײן זיך אָנטרינקען ביז זינלאָזיקייט און קומען צוריק אין פאַראײַן און ברעכן

שטולן און שרייען, אַז אַלע זאָלן פאַרברענט ווערן, איבערשטייגן מאַנגערן אין בייזקייט און אין אומפאַראַנטוואָרטלעכקייט, ראַנגלען זיך מיט אים און איינער דעם צווייטן אויסדראַפּען די אויגן, ווייל... איך ווייס אליין נישט פאַרוואָס, ווייל ליד גייט ביי אונז מיט טיפן ווייטיק אין שותּפות, ווייל ליד גייט מיט קללה. אָט איז עס געקומען צו אונז, דאָס ליד פון פאַר־גרעבטן רומעניע. מיר האָבן זיך דערפרייט מיט די קלאַנגען, וועלכע האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין קאָלירטע פּרעסקן אויף די גרויע ווענט פון אונזער לעבן און אָט שטעכט דער דיכטער מיט שפּיזן. מען מוז זאָגן, אַז צוזאַ־מען מיט מאַנגערס געשניצטע פּערזן זענען אריין צו אונז אין בודע קללות, שווין ווייט נישט פיין געשניצטע. עס האָט געאָטעמט מיט הפקר, עס האָט אָפּגעשטויסן און דאָך האָבן מיר עס געדולדעט. מיר אַלט־געזע־סענע פון פאַראיין און די, וואָס האָבן געזאָרגט פאַר אַנדערע, האָבן אָפּט געטראַכט, אַז דאָס קומט אונז, מען מעג אונז שילטן און מיר דאַרפן עס צונעמען מיט ליבשאַפט, ווייל מיר ווילן דאָך חברשאַפט, טאָ זאָל זיין חברשאַפט מיט קללות אינאיינעם. מאַנגער איז געקומען צו אונז פון רו־מעניע, ווי צו רייכע קרובים, וועלכע האָבן עפּעס פאַרכאַפּט אַ ירושה פון גאָלד און פּערל און מיר האָבן בלויז געהאַט עטלעכע הונדערט שטולן, וועלכע האָבן זיך אַלץ מער גענומען שאָקלען... מיט מאַנגערן, צי אָן מאַנגערן — דער פאַראיין איז געגאַנגען באַרג אַראָפּ. מיר, די נעענטערע צו טלאָמאַצקע דרייצן, האָבן אַ סך מאָל נישט דערקענט אונזער אייגענעם לאָקאַל. מען קומט אַריין און מען געפינט ביי די טישלעך פרעמדע פּער־זאָנען :

— ווער זענען די יענע צוויי ?

— זיי זאָגן, אַז זיי זענען שרייבער...

— וווּ שרייבן זיי ?

— אין דער רויטער פּרעסע..

די רויטע פּרעסע איז געווען אומלעגאַל, דער ליטעראַטן־פאַראיין — לעגאַל. האָבן זיי געמאַכט מיט אונז אַ שותּפות, ווער וועט זיי זאָגן, זיי זאָלן נישט אַריינקומען ? ווער וועט זיי שטערן ? מיט דעם וואָלטן מיר דאָך געהאָלפן די רעגירונג און דאָס איז דאָך נישט מענטשלעך. העלפן אַ רעגירונג, וואָס פאַרפאָלגט און זעצט אין תּפיסה אַריין און פּייניקט. און

אַז זיי זענען שוין געזעסן ביי אונזערע טישלעך, האָבן זיי געפאָדערט, מען זאָל זיי צונעמען פאַר מיטגלידער און אַרויסגעבן לעגיטימאַציעס. אַ טייל פון זיי האָט מען צוגענומען פאַר גלייכבאַרעכטיקטע חברים. און אויב חברים, האָבן זיי דאָך רעכט אַרויסצוטרעטן אויף אונזער טריבונע. אָט אַזוי איז די פּאָליטיק אַריין צו אונז און אָנגעהויבן צו שטערן, צעשטערן און עס האָט גאָרניט געהאָלפן. אַ סך פון די מיטגלידער האָבן געזאָגט, אַז זיי ווילן נישט האָבן געמיינזאַמעס מיט די אַלע אַגיטאַציעס, זיי ווילן בעסער זיצן אין „פּיקאַדילי", דאָרטן זידלט זיי קיינער נישט, אַז זיי זענען פאַשיסטן אָדער פאַרפוילטע קליינבירגער.

אַנשטאָט די ליטעראַרישע דיספּוטן האָבן זיך ביי אונז אָנגעהויבן רעפעראַטן אויף גאָר אַנדערע טעמעס, מיט גאָר אַנדערע רעפערענטן און גאָר אַן אַנדער עולם פון צוהערער. עס איז געקומען דער שאַרפער טאָן, די בייסיקע פּאָלעמיק, וועלכע האָט זיך אַ סך מאָל געענדיקט מיט קלעפּ, מיט געשלעג...

איינמאָל בין איך אַרויפגעגאַנגען אויף די טרעפּ פון פאַראיין אין דער צייט, ווען אין לאָקאַל גופא איז פאָרגעקומען אַזאַ געפאַרבטער רעפעראַט. אויף די טרעפּ האָט מען זיך געשלאָגן מיט די הענט און מיט שטעקנס, אין אַלע צימערן פון דער בודע האָט מען זיך געשלאָגן, מען האָט צעבראָכן אַ סך שטולן און אויסגעהאַקט אַ סך שויבן. אין דער סומאַטאָכע האָב איך אויך געכאַפּט אַ פּאָר קלעפּ, כאָטש איך האָב באמת נישט געוווּסט, וואָס דאָ קומט פאַר. שפּעטער בין איך דערגאַנגען, אַז דאָ איז פאָרגעקומען אַ קאַמף צווישן סטאַליניסטן און טראָצקיסטן. ביידע מחנות האָבן אַראָפּגעבראַכט זייער „שמירה", זייער לייב-גוואַרדיע און, אַז דער אָנפירער פון איין מחנה איז געווען ער אַליין, שמחה מאַטש...

— ווער איז דאָס שמחה מאַטש? — האָב איך געפרעגט.

האָט מען מיר אויפגעקלערט, אַז שמחה מאַטש איז אַ גרויסער קעמפער, אַ העלד. האָט מען מיר אויפגעקלערט פון דעם צווייטן צד, אַז שמחה מאַטש איז אַ מענטש פון דער אונטערוועלט, אַ מעסער-שטעכער.

איך האָב געהערט און נישט געהערט, מיט די אויגן האָב איך געבלאָנדזשעט און געקוקט אויף די צעבראָכענע שויבן, אויף די צעהאַקטע שטולן, אויף אונזער קליינער עסטראַדע, אויף אַזאַ קליינער עסטראַדע האָט

זיך עס אָנגעהויבן אזא גרויסער קאַמף צווישן סטאַלין און טראָצקי... ניין, די עסטראַדע וועט נישט אויסהאלטן, מען קאָן שוין אָפּזאָגן אַ רבנן קדיש נאָך דעם גאַנצן פאַראיין.

אָבער דער פאַראיין האָט זיך נאָך געהאַלטן. די אַלטע „בודע" האָט צוגעקרעכצט, אָבער זי איז נישט איינגעפאַלן. מען האָט געוויילט איין פאַרוואַלטונג, האָט זי פאַרוואַלטעט זעקס וואָכן און צעפאַלן געוואָרן. איז אַ צווייטע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג. די לינקע האָבן געפאָדערט פּראָפּאָרציאָ-נעלע וואַלן, האָט מען באַשלאָסן פּראָפּאָרציאָנעלע וואַלן. איך האָב זיך דעם קאָפּ געבראָכן, ווי אַזוי וועט מען דאָס אין דער פּראָפּאָרציע איינ-טיילן מאַנגערס אַ געזאַנג אָדער ישׂראל שטערנס אַ ליד?

ווי וועט מען צעטיילן אַ געמיטלעכן שמועס פון צוויי חברים, וועלכע זענען נאָר וואָס געקומען פון דער אַרבעט און וואָס וועט זיין מיט אונזערע שטולן, זיי האָבן דאָך אַלע איין קאָליר? צי דען וועט מען זיי איצט פאַרבן לויט די פּראָפּאָרציאָנעלע וואַלן? מיטן פאַראיין האָט פּאַסירט דאָס ערגסטע: ער איז טאַקע געשאַפן געוואָרן קעגן אַלע פּאַרטייען, אָדער פּאַר-טייאישקייט. נישט צו קעמפן קעגן די פּאַרטייען, נאָר זיך אָפּצורוען פון זיי און צום סוף איז ער אַליין, דער פאַראיין, געשטראָפט געוואָרן מיט פּאַרטייאישקייט. קיינער האָט עס נישט געוואָלט און דאָך איז עס אַליין געקומען פון אונטער דער ערד, פון די טונקעלע טרעפּ איז עס אַרויס-געקראָכן, ווי אַ פּגע רע. אַ רעטעניש איז דאָס אַלץ געווען פאַר אונז און דאָס האָט אונז גאַנץ נישקשה צעטומלט. אַרויפגעוואָרפן האָט עס אויף אונז אַ נייעם יאָך, מען האָט זיך געדאַרפט פאַרענטפערן, זוכן נייע אַרגו-מענטען, אַ געפיל איז געווען, אַז מיר טראָגן אַ פרעמדן זאַק אויפן פּליי-צע, איז נישט קיין וווּנדער, וואָס אַ סך האָבן דעם זאַק אַראָפּגעוואָרפן און אינגאַנצן אַוועק פון טלאָמאצקע. פון אַ קלאָרע זאַך איז געוואָרן אַ פּלאָנ-טער, פון געוועזנלעכע פרייע שמועסן און אויסריידן זיך איז מען איצ-טער געזעסן ביי באַזונדערע טישלעך, באַזונדערע גרופּן און מען האָט זיך געשושקעט סודות. די בודע איז פול מיט סודות, אַ בירזשע פון פּאַרטייען. מען באַגראָבט די וועלט, צי מען ראַטעוועט די וועלט?

* * *

אַזוי ערנסט געוואָרן ביי אונז אין לאָקאַל. אפילו דעם פּאַטעפאָן לאָזט מען נישט אָנשטעלן און פּרובט דער טייערער שניאור אַביסל צו שפּילן אויף דעם קלאַוויר, שרייט מען, ער זאָל אויפהערן, ווייל דאָס שטערט. מענטשן, וואָס באַראַטן זיך אַזוי ערנסט, באַדאַרפן נישט קיין מוזיק...

ס'איז אַוועק אַ גאַנג מיט חעקלאַראַציעס און רעזאָלוציעס. עס האָט זיך געוואָלט לאַכן און וויינען. ווי אַזוי מען האָט זיך געריסן צו באַקעמפן אַ שוואַכע, נייטראַלע אינסטיטוציע, וואָס האָט געהאַט איין ציל: צו פאַר-לייכטערן דאָס לעבן פון עטלעכע הונדערט מיטגלידער פון דער שריי-בער-משפּחה. ווי אַזוי מען האָט זיך באַרימט אין די צייטונגען, ווען מען האָט דורכגעפירט אין פאַרוואַלטונג אַ בונדיסט, אַ פּועלי-ציוניסט אָדער אַ קאָמוניסט. מען האָט געפייערט דעם זיג, מען האָט געקעמפט און באַזיגט... וועמען באַזיגט? דעם אַלטן זאַקס, הערשעלען און די קאַץ „פּיפּי”?

אָבער איינס האָבן זיי אויסגעפירט מיט זייערע „פּראָפּאָרציאָנעלע וואַלן”. די היימישקייט פון פאַראיין האָבן זיי פאַריאָגט. וואָס פאַר אַ ווערט האָבן געהאַט די מאָגערע זיגן און דער כוח פון דער אָדער יענער גרופּע אַגיטאַטאָרן, פאַנאַטיקער און סעקטאַנטן. כוח איז שוין געווען ער-געץ אַנדערש-ווו. דאָרטן אין דייטשלאַנד האָבן שוין געשטשירעט די ציי-נער די צווייפיסיקע וועלף. דאָרט האָט מען געפּלאַנצט מענטשן-האָס מיטן גאַנצן פאַרנעם. מ'האָט דאָרט געקאָוועט געווער, געזאַמלט הארמאַטן און עראָפּלאַנען, צוגעגרייט וואָס מער גאַלאַנען מיט דעם „ציקלאָן”-גאַז, גע-שאָפן פּלענער פון מאַסן-מאָרד און מאַסן-אויסראָטונג. ווען שמחה מאַטש האָט געבראָכן די קאָנטררעוואָלוציאָנערע שטולן פון טלאַמאַצקע דרייצן, איז אין בערלין שוין גרייט געווען דער פּסק-דין אויף אַלע יידן, אַלע איינס ווער זיי זענען, חסידים אָדער קאָמוניסטן. היינט זעען מיר דעם גרויסן שטח ערד, פון וועלכן מיליאָנען יידן זענען אָפּגערוימט געוואָרן. צי האָבן מיר דאַמאָלט כאָטש אַ קליין ביסעלע פאַרגעפילט? איך טראַכט אין דעם פיל אַריין, איך דערמאָן זיך געשפּרעכן, באַגעגענישן מיט פריינט און באַקאַנטע. נישט געווען אַזאַ שוואַרצזעער, וועלכער זאָל אפילו אין אַ קלע-נערער מאָס פאָראויסזאָגן דאָס, וואָס איז פאָרגעקומען. אָבער דערדריקט זענען אַ סך געווען, בלייַ איז געלעגן אויף פיל נשמות. דאָס, וואָס מיט

די יידן איז פאָרגעקומען אין דייטשלאַנד, איז געוואָרן אונזער טאָג-טעג־לעכער סם. מיר האָבן זיך אויך דערפילט אויסערן געזעץ, דאָך אין דער זעלבער צייט האָט יעדער ייד געדענקט, אז מיר זענען שוין צוויי טויזנט יאָר אויסערן געזעץ, מען איז אַ סך איבערגעקומען אין די צוויי טויזנט יאָר, וועט מען איצט אויך איבערקומען... דאָס לעבן איז דאָך אָנגעגאַנ־גען. יידן האָבן געפירט געשעפטן און אפילו געבויט נייע הייזער. יאָ, איין פאַל, ווען איינער האָט אַרויסגערעדט אזא פראַזע:

— דאָ וועט פאָרקומען דאָס שרעקלעכסטע, וואָס מען קאָן זיך נישט פאָרשטעלן. צוויי יאָר פאַר דער מלחמה האָב איך די פראַזע געהערט און געזאָגט האָט עס אַ רייכער ייד פון לאָדזש, דוד ווישעוויאַנסקי. אַ ייד, וואָס האָט געפירט קאָלאָסאַלע געשעפטן און געלעבט, ווי אַ מאַגנאַט אין אַ פּאַ־לאַץ. צוויי יאָר פאַר דער מלחמה האָט ער אַלץ ליקווידירט און איז אוועק־געפאָרן קיין אַמעריקע. קיינער האָט אים נישט נאָכגעטאָן, אָבער קיינער האָט אויך נישט געזאָגט, אז דוד ווישעוויאַנסקי האָט שלעכט געטאָן. מען האָט עפּעס געפילט אַ שרעק, נאָר פאַר קיין פאַל די שרעק, אז מיר שטייען ערב דער עפּאָכע פון מאַידאַנעק.

יידן וואָלטן קיין פאָלק נישט געווען, זיי וואָלטן קיין אייביקע אומה נישט געווען, ווען זיי קאָן מען אָפּשרעקן מיט שרעק. פון ערשטן חורבן ביז מיטלאַלטער, פון מיטלאַלטער ביז ניקאָלאַי דעם צווייטן, די יידן זענען דורות נישט אַרויס פון שרעק, זיי האָבן די מורא פאַר גזלנישע פעלקער איינגעקנייטשט אין זיך און געזאָגט תהלים און מיט דעם תהלים אי־בערגעלעבט אַ סך באוואָפנטע פעלקער. אָט דער נס האָט די יידן פון איצטער אינספּירירט צו גלויבן אין ווייטערע נסים... נו, און אזא צייט פון ראַדיאָ און אַעראָפּלאַנען, ווען מענטש איז אזוי גרויס און אזוי דער־הויבן געוואָרן. מען האָט געמעגט אַ סך צווייפלען אין מענטש, נאָר מען האָט אויך געמעגט אַביסעלע גלויבן. דאָס מאָל האָט דער אינסטינקט אָפּ־געגאַרט: מיליאָנען זענען פאַרברענט געוואָרן אין הייסן קרעמאַטאָריום. טאָג, זון, צוקונפט, גלויבן — אַלץ איז געשענדעט ביז משוגעת...

איך טראַכט זייער פיל פון די לעצטע חדשים ערב דער מלחמה. איך דערמאָן זיך מיינע איבערלעבונגען דאַמאָלט, איך פאָרש זיך און

פריינט, באַקאַנטע, איך דערמאָן דעם פּחד, וועלכן מען האָט דאַמאָלט אָנגענומען פאַר אַ פאַרגרעסערטן... די שרעק האָט זיך פאַרשטאַרקט, ווען פּוילן האָט זיך געבומען חברן מיט דעם בייזן דייטשלאַנד. ווען דער קוליאַווער געבעלס איז געקומען צו גאַסט צו די פּוילישע זשורנאַליסטן אין וואַרשע, ווען דער בייכיקער גערינג האָט אָנגעהויבן אַזוי אָפט צו קו-מען אויף יאַגד אין די ביאַלאָוויעזשער וועלדער.

דעם קוליאַוון זשורנאַליסט געבעלס און דעם בייכיקן גערינג האָב איך געזען אין וואַרשע. געבעלסן האָב איך אָנגעקוקט, ווען ער איז אַרויס פון האָטעל „בריסטאָל" נאָך אַ גרויסן באַנקעט, וואָס די פּוילישע זשור-נאַליסטן האָבן פאַר אים איינגעאָרדנט. אַ נידעריקער גאַרנישט האָט עס אויסגעזען, אַ דאַרער שוואַכלינג. גערינגן האָב איך אָנגעקוקט אויף פּיל-סודסקים לויה... דאַמאָלט.

ווער האָט עס דאַמאָלט געטראַכט, אַז די צוויי, איינער מיט אַ דריי-בישן פּנים און דער צווייטער מיט אַ חזירישן פּנים, באמת, גערינג האָט אין זיין פּנים דאָס עכט חזירישע, אַז די צוויי וועלן זיין די ערשטע אין דער היטלער - באַנדע, וועלכע האָט אויסגעמאָרדעט אונזערע מיליאָנען און פאַרניכטעט לענדער און לענדער, זיי האָבן אויך אוועקגעלייגט אין מיסט דאָס שיינע וואַרשע, וועלכע האָט צו זיי דאַמאָלט אַזוי פאַלש געשמייכלט.

באַלד נאָך די יאַגדן פון גערינגן אויף ווילדע חזירים האָבן זיך אָנ-געהויבן יאַגדן אויף די יידישע קראָמען. מיט פּיקעטן און באָיקאָטן, אפילו דער פּשוטער ייד פון דער גאַס האָט עס פאַרשטאַנען, אַז מיט די אַלע נייע גזרות אויף די יידן וויל זיך די פּוילישע רעגירונג אונטערחנפענען צום דייטש. צום דייטש, צו וועלכן יעדער פּאָליאַק האָט אַ טויזנט-יעריקן האַס. דאָס איז געווען אַ קלאָגעדיקע פּאָליטיק פון אַ שוואַכן, וואָס גייט שלאָגן דעם נאָך מער - שוואַכערן. זיי, די פּאָליאַקן, דער נאָענטסטער שכן דייטשלאַנדס, זיי האָבן דאָך געמוזט וויסן, וואָס דייטש איז און וואָס דייטש וויל, אַז נישט בלויז די יידן מיינט דער דייטש. פאַר יידן באַ-דאַרף מען נישט אַזוי פיל געוועזן...

יענע טעג און וואָכן דריי יאָר, צוויי יאָר, אַ יאָר פאַר דער מלחמה. און יענע טעג, ווען מען האָט טויזנט יידן אַריבערגעוואָרפן איבער דער פּוילישער גרענעץ, אין מיטן דער נאַכט, געיאָגט און געשלאָגן מיט דער

יידישע שרייבער און זשורנאַליסטן אין פּרעזידיום פון אַן עפנטלעכן אַקט ערב דער צווייטער וועלט - מלחמה.



פון רעכטס צו לינקס: נח פּרילוצקי, דוד פלינקער, מענדל מאַזעס, בן-ציון כילינאָוויטש
משה מאַרק, מאַרק טורקאָוו, ש. סוויסלאָצקי, משה אינדעלמאַן,
שאול וואַגמאַן, שמואל וואָלקאָוויטש, לאַזאַר קאַהאַן,
י. מ. ניימאַן און (אויף דער טריבונע) ב. שעפנער

טעמפּער זייט פון ביקס און אין וואַרשע האָט מען אויך געשלאָגן יידן, איבערגעקערט קינדערשע וועגעלעך אין זאַקסישן גאָרטן און געשפּיגן די יידישע מאַמעס אין פּנים, ווען זיי האָבן געוואָלט זייערע קינדער פאַר־טיידיקן. דאַמאָלט האָבן מיר שוין פאַרשטאַנען, אַז עס איז פאַראַן אַ שותפות צווישן זבאַנשין און זאַקסישן גאָרטן. געדונגענע לאַידאַקעס האָבן פאַר דייטשיש געלט געשלאָגן יידן. מיר האָבן זיך קיין טיפערן חשבון נישט אָפּגעגעבן. מען האָט זיך אָבער דערפילט מער איינזאַם ווי פריער. אַ גרויס שטיק אייראָפּע איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון ראַ־פינירטע גזלנים. זיי האָבן דעם באָדן אונטער אונז אונטערגעצונדן און זיי זוכן שותפות, כדי איינאיינעם אונז צו פאַרטיליקן.

אין יענע טעג האָט מען געוואָלט וויסן מער נייעס. זען דעם בעסערן זשורנאַליסט, אויסהערן אַ קליגערע אָפּשאַצונג פון דער סיטואַציע. איז מען, ווי שטענדיק, געלאָפן אין פאַראיין. אין פאַראיין אָבער איז שוין באַלד נישט געווען מיט וועמען צו ריידן. נתן שוואַלבע, דער פּאָליטישער רע־דאַקטאָר פון „נאַש פּשעגלאָנד", איז שוין געזעסן אין דער קאַפּע „זשע־מיאַנסקאַ". צוזאַמען מיט אים — דער סעקרעטאַר פון דער רעדאַקציע סאַול וואַגמאַן. דאָרט זענען אויך געווען אַ סך פון די פּוילישע זשורנאַ־ליסטן און צווישן זיי עטלעכע פריינט פון שוואַלבען. אין אַזעלכע „פּאָ־ליטישע" טעג איז בעסער צו זיצן מיט די פּוילישע זשורנאַליסטן. זיי האָבן בעסערע פאַר־בינדונגען און ביי זיי קאָן מען עפּעס דערגיין. בערנאַרד זינגער איז געגאַנגען אהין, ווו שוואַלבע איז געזעסן, ד"ר גאָטליב האָט זיך געוואָלט זען מיט די צוויי. אַזוי איז אויסגע־קומען, אַז אַ סך יידישע זשורנאַליסטן און אפילו שריפטשטעלער האָבן זיך איבערגעטראָגן אויף אַ נייעם באָדן. און דער אַלטער באָדן, די בודע, איז אַלץ מער פאַרלאָזט געוואָרן. מען האָט דערפילט, אַז די צייט פון חברישע פאַרברענגענישן און פאַרוויילונגען איז אַוועק.


סאַול וואַגמאַן
(צייכנער נישט באַקאַנט)

אין די ווינקלען פון די צימערן האָבן זיך געוואַלגערט פּיסלעך פון צעבראָ־

בענע שטולן. דער באַלעבאָס פון בופעט איז אַנטלאָפן, האָט מען צוגענומען א צווייטן, איז יענער אויך אַנטלאָפן, ווייל אין דער בודע זענען איצט געווען ווייניק עסערס און פאר ווייניק עסערס לוינט נישט צו קאָכן. העו־שעלע דאַ־ניעליעוויטש האָט געדראָט, אַז ער וועט אויך אויפהערן צו קומען אין פאַר־איין, ווייל ס'איז אים אומעטיק צו קוקן אויף די ליידיקע טישלעך. זאָקס איז געזעסן אין לעצטן ווינקל, ביים טישל און געלייענט, געלייענט. ער האָט איצט צום צוואַנציקסטן מאָל אין זיין לעבן געלייענט „מלחמה און פרידן" פון טאָלסטאָי. ווען ער כאַפּט אַ שטאַרקן מאָמענט, אַ גוטע באַשרייבונג, דאַמאָלט שפּרינגט ער אויף און רעדט צו דער קאַץ:

— וועליקי פּיסאַטעל, וועליקי... אַ גרויסער שרייבער.

עס האָט נאָך געלעבט. די בודע איז נאָך געשטאַנען. נישט איינמאָל האָט פּאַסירט: עס קלויבט זיך צונויף אַ גרויסע צאָל מיטגלידער, מען זיצט ביי די טישלעך און מען לאַכט פון' זיך אַליין:

— אונזער פאַראיין זעט אויס, ווי אַ פאַרלאָזענער בית־עולם.

— דערפאַר איז דאָך נישט פאַראַן קיין בופעט. מתים עסן נישט.

פיל פון אונזערע מיטגלידער האָבן זיך באַגעגנט אין גאַס, צי אין קאַפע און איינער ביים צווייטן האָט געפרעגט:

— וואָס הערט זיך עפּעס אין פאַראיין? ווער איז לעצטנס געווען אין פאַראיין?

אויף דעם האָט מען געענטפערט:

— אין פאַראיין איז פינסטער...

— וואָס הייסט?

— גאַנץ פּשוט, די' עלעקטרישע לאָמפּן האָבן אויסגעברענט, ווערט אַלץ ווייניקער ליכט. קיין נייע לאָמפּן קויפט מען נישט, נישטאָ ווער עס זאָל קויפן און נישטאָ פאַרוואָס צו קויפן...

מען הערט באַלד אויף צו ריידן וועגן דעם פאַרלאָזענעם בית-עולם. אָבער מיר איז די בודע געלעגן אין הארצן. עטלעכע מאָל אין טאָג בין איך דאָרט אַרויף. אַמאָל פאַרבליבן לענגער. אַמאָל שנעל פאַרלאָזן. געווען דאָרט עפּעס אַ פאַרוואַלטונג, וואָס קיינער האָט ניט אַנערקענט און קיינער האָט נישט געפאָלגט, געווען זענען שטולן, אויף וועלכע קיינער איז נישט

געזעסן. בלויז געציילטע איינגעשפּאַרטע „בטלנים" האָבן זיך דאָרט נאָך געפונען... אפשר דערפאַר, ווייל זיי האָבן נישט געהאַט צו באַצאָלן פאַר אַ קאַווע. אין פאַראיין זיצן האָט קיין געלט נישט געקאָסט.

די אַלע אַנדערע האָבן געזוכט אַן אָרט, וווּ עס איז פאַראַן אַ בופעט, וווּ מען זעט מער מענטשן, וווּ מען הערט מער נייעס. אַ מאָדנער חשק אַרומצולויפן איבער די קאַפע-הייזער האָט אָנגעכאַפּט אונזערע מיטגלי־דער. אַממערסטנס איז מען געלאָפן אין יידישן רעסטאָראַן „פּיקאַדילי". ביז פיר פאַרטאָג פלעגט מען דאָרט זיצן און פּלאַפּלען וועגן טאָג, און טאָג איז דאַמאָלט געווען „היטלער" און אַלץ, וואָס טוט זיך אַרום היטלערן...

אין „פּיקאַדילי" זענען מיר איצט געזעסן און דער קעלנער מאַקס האָט באַדינט.

איך פלעג שטענדיק אויסזוכן איינס פון זיינע טישלעך, זאָל מאַקס מיר דערלאַנגען דעם טעלער מיטן פלייש — עס שמעקט בעסער. און מיט מאַקסן פלעגט מען כאַפּן אַ שמועסל און מיט אים איז מען פריינט געווען. אַט אַזוי צוביסלעכווייז האָט מען קריטיקירט אונזערע געסט, דעם אָרקעס־טער, דעם באַלעבאָס פון רעסטאָראַן און אויך אַנדערע זאַכן. עס איז שטענדיק געווען פון וואָס צו ריידן — זאָל נאָר מאַקס האָבן צייט.

ער איז שוין געווען קעלנער מער ווי פופציק יאָר, דאָך פלינק איז ער נאָך פאַרבליבן, רירעוודיק און זיפּצן פון אַלטקייט פלעגט ער נישט, ווייל ער האָט זיין אַלטקייט פאַרלייקנט, ווי אַ מיידל פאַרלייקנט די יאָרן, ווען זי נעמט זיך עלטערן. נידעריק, רונדלעך אַביסל און פעסט געבויט, אָפּגע־ראַזירט שטענדיק אויף גלאַט דאָס געזיכט מיטן קאָפּ, גרוי-שוואַרצע ברעמען איבער די ערנסט פאַרנומענע אויגן, איז ער שטענדיק אַרומגעלאָפן איבערן זאַל, זשאָנגלירט האָט ער מיט די טעלערס צווישן די ענגע טישלעך און געגאַנגען צו זיינע געסט מיט אַן ערנסטקייט פון אַ גוטן פּאַטער:

— היינט האָט איר דאָס אמתע שטיקל זופּן-פלייש.

און אַליין פלעגט ער שטיין פון דערווייטן און זיך צוקוקן, צי דער גאַסט עסט מיט אַפּעטיט. ער האָט געליטן פון דעם, וואָס מען קאָן מיט די היינטיקע געסט נישט זיין היימיש: — עפּעס זענען זיי אַלע געוואָרן אַריסטאָקראַטן, אונזערע יידן, גרויסע מענטשן געוואָרן...

אמאָל איז איינגאַנצן אַנדערש געווען. אמאָל איז נישט געווען קיין שפּייז-קאַרטע. טאַקע מאַקס פלעגט אויסרעכענען אַלץ, וואָס עס איז פאַראַן אין קיך און ברענגען פלעגט ער פּונקט פאַרקערט, וואָס דער גאַסט האָט באַשטעלט. דער גאַסט האָט פּראָטעסטירט:

— איך האָב געבעטן קאַלב-פליייש און איר גיט געדעמפּט רינדער-פליייש.

— עסט, וואָס מען גיט אייך...

און דער גאַסט האָט געגעסן. טייערע געסט געווען, אָן קאַפּריזן... און היינט איז גאָר אַנדערש. דאָס, וואָס א גאַסט באַשטעלט, מוז מען ברענ-גען. און אַז מאַקס נעמט אויסרעכענען די שפּייזן פון זכרון, פאָדערט דער גאַסט די שפּייז-קאַרטע:

— גיט מיר די קאַרטע, איך על שוין אַליין אויסקלייבן...

מאַקס פאָלגט, אָבער ער וואַרפט דאָך צו א פּאָר ווערטער:

— איר וועט דען עסן די קאַרטע? הא!

ער פלעגט זיך באַקלאָגן, אַז די אַרבעט איז שווער און זי ווערט נאָך שווערער:

— איך אַרבעט דאָך פיר און צוואַנציק שעה איבערן מעת-לעת.

— וואָס הייסט פיר און צוואַנציק שעה? איהר רוט ניט? איר שלאָפט נישט?

— און אין שלאָף מיינט איהר לויף איך נישט מיט די טעלערס, שטענדיק און אייביק אזוי. מען דאַרף געדענקען, וואָס דער און יענער האָט באַשטעלט, אַלץ מוז זיין פּינקטלעך, אונזערע יידן זענען געוואָרן, ווי די פּריצים, אויסקלייבערס און פיינשמעקער.

ער האָט נישט ליב געהאַט די מוזיק, וואָס מען האָט איינגעפירט אין רעסטאָראַן:

— אמאָל פלעגט מען טאַנצן בלויז אויף חתונות און היינט יעדן טאָג, מען טאָר אזוי נישט.

אין מיר האָט ער געזען א פריינט, אַזאַ איינעם, מיט וועלכן מען קאָן כאַפּן א שמועסל, און ער האָט עס שטענדיק אויסגענוצט, מיר האָבן עס ביידע אויסגענוצט. איך האָב פיינט די קאַלטקייט פון יעדער אטמאָס-

פער. „פיקאַדילי״ איז דאָך געווען אַ שטיק היים פאַר מיר, עטלעכע מאָל אין טאָג פלעג איך דאָרט קומען, איז גוט געווען, וואָס דער טרייער מאַקס לאָזט פון מיר די אויגן נישט אַראָפּ.

אין „פיקאַדילי״ פלעגן לעצטנס אַריינקומען אַלע יידישע געזעל־שאַפטלעכע טוער, שרייבער, מאָלער, מוזיקער, דאָ פלעגט מען אָפט באַנ־קעטעווען און באַגלייטן די פּראָמינענטע פון אונזער וועלט. דאָ פלעגט מען פּאָליטיקירן, אויף אַלע טעמעס פירן שמועסן. איינמאָל, געדענק איך, האָבן זיך צוויי שרייבערס צעוועריטלט ביי אַן אַלגעמיינעם טיש. מען האָט זיך געזידלט און מיט וואָס זידלען זיך שרייבער? איינער דעם צווייטן האָט גערופן גראַפאָמאַן:

האָט זיך מאַקס צוגערוקט צו מיר:

— מיט וואָס זידלען זיי זיך? וואָס איז דאָס פאַר אַ וואָרט?

איך האָב דאַן געהאַט אַ שטיקל אַרבעט: אויפקלערן מאַקסן, וואָס דאָס איז אַזוינס גראַפאָמאַן:

— איר פאַרשטייט, מאַקס, גראַפאָמאַן איז אַזאַ שרייבער, וועל־כער שרייבט אָן טאַלאַנט און אָן טעם, גראַפאָמאַן איז אַזאַ איינער, וואָס רעדט זיך איין, אַז ער קאָן שרייבן...

סוף כל סוף האָט מאַקס אַליין געפונען די אמתע דעפיניציע:

— דאָס מוז זיין, ווי אין אונזער פאַך אַ קוכאַר, וועלכער קאָן בעסער עסן ווי קאָכן.

— זאָל זיין אַזוי.

פאַר די לעצטע יאָרן האָבן זיך אין יידישן רעסטאָראַן „פיקאַדילי״ געגנומען באַווייזן פּליטים. אָבער דאָס זענען געווען פּליטים נישט פון דער ווייט, נאָר טאַקע פון דער זעלבער וואַרשע. פון די רייכערע קוואַרטאַלן, פון יענע אויסגעפּוצטע גאַסן, וווּ די פּריצים לעבן. און אונזערע יידישע פּרי־צים איז צו ענג געוואָרן מיט די קריסטלעכע פּריצים, האָבן זיי זיך גענומען באַווייזן אין „פיקאַדילי״. מיט אַמאָל האָט זיי פאַרשמעקט אַ שטיקל יידישע פיש און שבת אַ שטיקל קוגל. מיט שטאָלצע מינעס פלעגן זיי אַראָפּ־קומען אין „פיקאַדילי״ און מאַקס, מיין טייערער מאַקס, האָט עס באַלד באַמערקט, אַז יענע בלאָזן זיך צופיל. געשמועסט מיט מיר, האָט ער באַלד אויף דעם רעאַגירט:

— איך האָב זיי נישט ליב, די ניי-געוואָרענע יידן. דאָרטן בויגן זיי זיך און ביי אונז בלאָזן זיי זיך.

און אַז ער פלעגט צוגיין צו אַזאַ „פּליט", וואָס איז אַראָפּגעקומען פון די פּריצישע גאַסן, פלעגט ער ווערן שטייף, ערנסט, אָנגעצויגן, גאָר אַן אַנדער מאַקס, אָן היימישקייט, קאַלט, אָפיציעל...

אַסימילירטע יידן פון יענע גאַסן, וועלכע פלעגן קומען אין „פּיקאַ-דילי", זיי האָבן אויסגעדריקט זייער יידישקייט אין עסן אַ שטיקל יידישע פיש. נישט איינער פון זיי האָט אויף אַן אמת געמיינט, אַז ער טוט אַ גרויסע טובה דעם יידישן פאָלק מיט דעם, וואָס ער קומט אין אַ יידישן רעסטאָראַן און נאָך גרעסער איז געווען זיין פּאַטריאָטיזם, ווען ער פלעגט ביים אָרקעסטער באַשטעלן „כל נדרי". די משומדים און ערב-משומדים האָבן גוואַלדיק ליב „כל נדרי", און דעריבער האָט מען אין „פּיקאַדילי" די לעצטע יאָרן אַ סך כל-נדריוועט.

די לעצטע טעג פאַר דער מלחמה און די ערשטע טעג פון דער מלחמה זענען מיר ביידע שווייגנדיק געוואָרן. און איך און מאַקס האָבן מער נישט פילאָזאָפירט. ער פלעגט דערלאַנגען עסן און איך פלעג זיך צו דעם כמעט נישט צורירן, קיין זאַך האָט קיין טעם נישט געהאַט, פּונקט ווי ליים, עס איז אין מויל נישט געקראָכן. אויפן גאַס האָבן געקנאַקט די זעניט-האַרמאַטן, די אעראָפּלאַנען האָבן גערוישט איבער די קעפּ פון אָנגעשראָ-קענע מענטשן. אויפן בופעט פון „פּיקאַדילי" זענען נאָך געשטאַנען די לעבערלעך מיט די קאַלירטע פלעשער פון אַלערליי געטראַנקען, און מאַקס, נישט קיין אַנדערער, האָט עס צו מיר אַ זאָג געטאָן:

— דאָס זעט אויס, ווי אַ סעודה פאַר מתים.

* * *

איינמאָל בין איך געגאַנגען שפּעט אַהיים. שוין געווען אַרום דריי ביינאַכט. צו מיין גאַס עלעקטראָלניע האָב איך געמוזט פאַרבייגיין די טלאָמאַצקע. ווען איך בין געווען ביים נומער דרייצן, האָב איך באַמערקט, אַז אין פאַראייין איז ליכטיק. נישט אַזוי שטאַרק ליכטיק, בלאָס ליכטיק. איך האָב געמיינט, אַז מען האָט פאַרגעסן צו פאַרלעשן דעם לעצטן לאָמפּ,

וואָס איז נאָך פאַרבליבן, אָבער פון אָפענעם פענסטער זענען דערגאַנגען קלאַנגען, איינער האָט גערעדט צום צווייטן, אפילו געשריגן אויף דעם צווייטן... ווער זאָל דאָס זיין אַזוי שפּעט אין דער „בודע"?

האָב איך אָנגעקלונגען צום הויז-וועכטער און אַרויף אויף די טרעפּ, אַריין אין ערשטן זאַל. פינסטער, קיינער איז נישטאָ. אין צווייטן, אין גרויסן זאַל האָט געברענט אַ קינקעט-לעמפּל און ביי אַ טישל איז געזעסן איין מענטש. איין מענטש האָט געשפּילט שאָך מיט זיך אַליין. דאָס איז געווען הערשל הימעלפאַרב, דער בונדיסט, דער סעקרעטאַר פון נאָדל-פאַראיין, מיט זיין גרויסער טשופּרינע, מיט זיינע געזונטע ברייטע פּלייצעס. הערשל הימעלפאַרב האָט אין מיטן נאַכט געשפּילט שאָך מיט... הערשל הימעלפאַרב און ווייזט אויס, אַז איין הערשל האָט שלעכט געשפּילט, ווייל דער צווייטער הערשל האָט אים שטאַרק געזידלט:

— לאַבודרע, פלאָקן-שיסער, פּושער... האָסט נישט פאַרזיכערט די מלכה, שטיק האָלץ...

ער האָט דערהערט טריט, האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ:

— הא! דאָס ביסטו! וואָס מאַכסטו?

און ער האָט ווידער אַריינגערוקט דעם קאָפּ מיט די אויגן מיט אַלע חושים אין שאָך-ברעט.

— — הערשל! שפּילסט מיט זיך אַליין?

— איז וואָס זאָל מען טאָן? אַז אַלע זענען זיך צעלאָפן. ווי די מיז פון פאַראיין. נישט בייטאָג און נישט ביינאַכט, נישטאָ מיט וועמען אַ שאָך צו שפּילן...

לעם קלאַוויר זענען געשטאַנען אַ סך שטולן. אויף די שטולן האָט זיך עפּעס גערירט.

— ווער איז דאָרט נאָך פאַראַן?

— ווער? דיין ליבלינג, הערשעלע, ער שלאָפט דאָרטן. ס'מענטשל... דער פאַראיין האָט אים חתונה געמאַכט און ער'שלאָפט ווידער אויף די שטולן.

— האָט אוודאי נישט געהאַט קיין געלט, און אָן געלט לאָזט מען אים ס'וויב נישט אַריין.

— ס׳איז אים נאָך ערגער, ווי דו מיינסט. לעצטנס האָט אים די שוויגער אויך גענומען קנייפּן. ער האָט דאָ פריער פאַר מיר אויסגערעדט זיין ביטער האַרץ.

דאָס געשפּרעך וועגן הערשעלע דאַניעליעוויטש האָט דעם הערשל הימעלפאַרב אביסל אויסגעטשוכעט און ער האָט זיך איינגאַנצן אָפּגעריסן פון שאַך. א ווײַלע האָבן מיר זיך ביידע אָנגעקוקט, ווי צוויי לצים, וואָס האָבן זיך באַגעגנט אין מיטן דער נאַכט אויפן בוידעם...

— מאָדנע זעט דאָ אויס אין אונזער בודע, האַ!

— גסיסה! — האָט הערשל אַ ברום געטאָן.

— דאָס איינציקע לעמפּל, ווי אַ נר - תמיד...

— עס וועט שוין לאַנג נישט ברענען.

הערשל האָט נישט געמיינט מיט דער לעצטער פראַזע קיין שרעקלעכע זאַך. ער האָט אוודאי געטראַכט, אַז די בודע קראַכט, מען וועט נישט באַצאָלן קיין דירה־געלט, וועט מען אַרויסוואַרפן. איך האָב אים פאַרנעלייגט, אַז מיר זאָלן זיך אביסל דורכגיין. איידער איך האָב פאַרלאָשן דאָס לעמפּל, האָב איך נאָכאַמאָל באַטראַכט דאָס וויסטעניש פון אונזער היים. אין זיין גרויסן ראַם איז געשטאַנען פּרץ און מיט נייגעריקן טרויער געקוקט אויף דער ליידיקייט...

מיר זענען אויף דער גאַס אָפּגעגאַנגען אפשר א פופציק טריט, האָבן מיר פּלוצלינג באַגעגנט דעם ד״ר יהושע גאָטליב מיט אַרנאָלדן. מיר האָבן זיך אַלע דערפרייט. ביי אונזער חברה דאָרט אין וואַרשע האָט מען זיך געקאָנט פרייען פון קלייניקייטן און באַלד האָט מען זיך איינגעטיילט. הערשל מיט גאָטליבן האָבן זיך געלאָזן פאָראויס און איך מיט אַרנאָלדן — נאָך זיי. די ערשטע צוויי האָבן זיך פונאַנדערגערעדט וועגן פּאָליטיק און מיר ביידע, איך מיט אַרנאָלדן, וועגן וואָס רעדט מען מיט אַרנאָלדן? וועגן טעאַטער און וועגן אַקטיאָרן. ער האָט מיר גלייך דערציילט, אַז נעכטן האָט דער אַרטיסט מאַרעוווסקי אויפגעגעסן ביי גערטנערן אַ גאַנצע גאַנז און גלייך צוגעגעבן:

— ווען ער קאָן אַזוי שפּילן, ווי ער קאָן עסן, וואָלט גוט געווען.

ער האָט עפּעס א ברום געטאָן וועגן מאָרים שוואַרצן מיט דער מאַ-

כאראיקע פון יאָשע קאלב און דערנאָך א וויץ וועגן אקטיאָר סאמבערג. ער איז אריין אין טראנס מיט טעאטער און טעאטער, די גאנצע וועלט האָט זיך געדרייט ביי אים ארום טעאטער. אָבער לאנג האָט ער אין יענער נאכט נישט געדרשנט, ווייל מיר האָבן באגעגנט נאָך חברים. דאָס איז געווען א מזלדיקע נאכט פון באגעגענישן. אין מיטן נאכט, פיר אזייגער, כמעט פארטאָג, האָבן מיר דאמאָלט באגעגנט קיפניסן מיט זיין פרוי זמרה זעליגפעלד, מיר האָבן באגעגנט דזשיגאנען פון „אראראט" מיט א כאפטע יונגען און מיידלעך. פון אונטער דער ערד איז אויסגע-וואקסן יאנקעלע דאנצינגער. גראפמאנען דעם זשורנאליסט מיט פראפוסן — האָבן מיר אויך באגעגנט...



א. גראפמאן

(צייכענונג פון ה. בערלעווי)

איינער האָט זיך געוויצלט:

מיר קאָנען דאָ שוין באלד מאכן אַן אַל-געמיינע פארזאמלונג פון ליטעראטן-פאר-איין...

דער צווייטער האָט געפרעגט:

— מיט פראָפּאָרציאָנעלע וואלן, צי אָן?

איך בין געשטאנען און באטראכט די גאנצע חברה, אנטייל גענומען אין דער פלאפלעריי און דאָך זיי באטראכט. דאָ איז עפּעס אין אונזער וועלטל פאָרגעקומען אַ גרויסע איבערקערעניש: פריער, אז מען האָט נישט געוואָלט שלאָפן, איז מען געקומען אין דער „בודע" און מ'האָט זייער גע-מיטלעך פארבראכט. איצט שלעפּט מען זיך איבער די גאסן, מען זיצט אין די שענקען, אין די נאכט-לאָקאלן און מען איילט זיך נישט צו קומען צו זיך אהיים, ווי מען וואָלט פאר עפּעס מורא האָבן. און איך אליין? פארוואָס צי איך עס יעדע נאכט אָפּ מיטן שלאָפן - גיין. עס ווילט זיך כסדר וועמען באגעגענען און עפּעס פרעגן, עפּעס הערן, הערן, הערן... מען איז אומ-געדולדיק צו זיך אליין און ווען א צווייטער רעדט, ער מעג אפילו ניט זיין קיין גרויסער חכם, נאָר אויב ער עפנט א מויל און רעדט זיך פונאנדער

וועגן א פּאָליטישע, אָדער א סטראַטעגישע קאָנצעפּציע מיט פראַנקרייך-ענגלאַנד - רוסלאַנד, הערט מען אזא איינעם אויס. ער רעדט נאַרישקייטן, נאָר מען וויל, ער זאָל ווייטער ריידן, אפשר ליגט עפּעס א חכמה אין די נאַ-רישקייטן. מען וויל עפּעס הערן אזוינס, וואָס זאָל געבן די מעגלעכקייט אוועקצוגיין צום רואיקן שלאָף.

— ארנאָלד! וואָס זאָגסטו?

ארנאָלד לייגט ארויף די האַנט אויף זיין שטערן. ער וויל זיין ערנסט און שמייכלט, אָדער פאַרקערט: ער וויל שמייכלען און איז ערנסט:

— היטלער האָט פאַרכאַפּט דעם גאַנצן רעקוויזיט מיט דער קאסע אינאיינעם און אז מען האָט די קאסע מיטן רעקוויזיט, האָט מען שוין דאָס גאַנצע טעאַטער... איר פאַרשטייט?

מיר פאַרשטייען און מיר ענטפערן ארנאָלדן מיט א קאַרגן שמייכל פאַר זיין אַנאַלאָגיע.

היינט קאָן איך דאָס אויף זיכער זאָגן. עס איז שוין דאַמאָלט געלעגן די מורא אין אונזערע צימערן און קאָרידאָרן, אויף אונזערע טרעפּ און אויף אונזער נשמה. מען האָט נישט געוווסט, פאַר קיין פאַל נישט געוווסט, וואָס עס וועט זיין, נאָר מען האָט געפילט, אז עפּעס וועט זיין. דאָס לעבן איז געגאַנגען אויף אַלע זיינע פיס און איז געפאָרן אויף אַלע זיינע רעדער, נאָר אין לעבן גופא איז שוין געווען דער טויט. מיר זענען געשטאַנען ער-געץ אויף א גאס אין ווארשע, א גרופּע פריינט. מיר האָבן גערעדט פלאַכע קלוגע רייד, געווען ביי אונז אזא צוזאַמען פון שפּאס און חכמה - זאָגע-ריי. נאָר יעדערער באַזונדער איז געווען פאַר זיך פאַרזאָרגט, עס האָט עפּעס גענאָגט.

שפּעטער האָט מען זיך אָפּגעזעגנט און יעדער איינער פון אונז האָט אוועקגעשפּרייזט אין זיין ריכטונג. איך מיט גאָטליבן אין איין וועג. איך בין אים געגאַנגען באַגלייטן ביז מילנע ניין, דאָך ביי זיין טויער שוין, האָט ער געזאָגט, אז ער וויל נאָך נישט שלאָפן און ער איז מיך געגאַנגען באַגלייטן ביז עלעקטאָראַלנע עלף.

גערעדט ווידער עטלעכע נישט-וויכטיקע ווערטער און ווידער גענומען שפּרייזן דורך אָרלע גאס צו לעשנאָ, פון דער לעשנאָ ווייטער. איך האָב

אויפּסניי באַגלייט גאַטליבן און ער האָט גערעדט, ווי צו זיך אַליין, גערעדט, ווי וועגן אַ באַשלאָסענעם ענין, וואָס איז שוין לאַנג איבערגעטראַכט:

— סקיוווסקי, דעם מיניסטער בעקס רעכטע האַנט, האָט היינטיקן מיטוואָך געזאָגט צו די זשורנאַליסטן: „פּוילן לעבט איבער שווערע טעג. מיר קאָנען גאַרנישט מאַכן, מיר האָבן אַ מעשוגענעם שכן"... אויב סקיווו-סקי רעדט אַזוי וועגן די דייטשן, מעג מען דאָס אָננעמען פאַר דעם אָנהויב פון סוף... די קאַץ הערט זיך אויף צו שפּילן מיט דעם מייזל. זי האָט עס שוין געזעטיקט.

אין דער לעצטער צייט האָבן מיר ביידע אַלץ אָפטער געבלאָנדזשעט בייטאַכט און שטענדיק פלעגט מען זיך געזעגענען אַביסל אָנגעשראָקן, כאָטש איינער דעם צווייטן האָבן מיר דאָס נישט אַרויסגעוויזן. אין יעדן „וואָס הערט זיך?" איז שוין געווען די אָנגעשראָקנקייט.

מיר זענען געווען פריינט, אַזעלכע פריינט, וועלכע ריידן קיינמאָל נישט וועגן זייער פריינטשאַפט און שרייבן זיך נישט קיין בריוולעך פון דער ווייטן. מיט גאַטליבן האָט מען געקאָנט ריידן לאַנגע שעהן און ריידן וועגן אַלץ. מיט גאַטליבן האָט מען אויך געקאָנט גוט שווייגן אין אַ לאַנגן שפּאַ-ציר. ער האָט מיר נישט געטאָן קיין טובות און איך האָב דאָס פון אים נישט פאַרלאַנגט. מען באַדאַרף האָבן פריער נחת פון מענטש אַליין און דער-נאָך פון זיין טובה.

מיר האָבן געהאַט אַ שותּפותדיקע אַרבעט פון פיל יאָרן: אין „לאָ-דזשער מאָרגנבלאַט", אין „היינט" און אין „מאָמענט". באַגעגנט זיך אַזוי נאָענט און פאַרבליבן פריינט. פאַרוואָס זאָל מען נישט זיין קיין פריינט? ביידע נישט געווען קיין גבירים און ביידע האָבן נישט געהאַט קיין מאַכט. פרייע מענטשן מיט אייגענע מיינונגען, מיט אַ גוטן ווילן אויסצוהערן און פאַרשטיין די מיינונג פון אַ צווייטן. דער עיקר, מען האָט זיך געמעגט זאָגן דעם גאַנצן אמת אין די אויגן און גוטמוטיק זיך אויסלאַכן פון אַ סך זאַכן. אָבער וואָס אַ חודש ווייטער האָט מען אַלץ ווייניקער און ווייניקער געלאַכט. מען פלעגט שפּרייזן אויף די וואַרשעווער טראָטואַרן, אין יידישן און ניט־יידישן קוואַרטאַל, אַרומריידן דעם טאָג און יעדן קלאַנג פון טאָג. די גאַסן זענען געווען באַלויכטן, ערגעץ־ווו האָט מען געטאַנצט, מוזיק

האָט געשפּילט און שרעק איז געגאַנגען נאָך אונז, אַנטקעגן אונז און מיט אונז.

עפּעס אַ ראַדיאָ האָט מען אויסגעטראַכט און אין ראַדיאָ שרייט אַ היטלער. טראַכטן מיר איצט וועגן דעם און איך זאָג:

— גאָטליב! עס רוקט זיך אָן...

— יאָ, מיט אונז וועט גוט נישט זיין.

און ווידער געגאַנגען און געשוויגן אין דער עלנטער נאַכט. געגאַנגען און געזוכט באַקאַנטע: אפשר האָט ווער געהערט נייעס? אליין האָט מען זיך נישט געגלויבט, מען האָט רק געוואָלט הערן, וואָס דער צווייטער זאָגט...

* * *

און ביי אונז אין פאַראיין אויף טלאָמאַצקע דרייצן איז געווען פינ-סטער. פון אַזוי פיל לאָמפּן איז איינס פאַרבליבן, אַ יתומל — אַ לאָמפּ, אַ בלייכס. פון אַזוי פיל טומל — אַ שוואַכער געמורמל. אין דער האַלב פינ-סטערניש האָבן זיך קוים געזען צוויי פּלייצעס, זיצנדיקע צוויי שאָטנס האָבן שטיל געשמועסט. צי דאָס איז געווען ישראל שטערן מיט דעם יונגן פּאָעט קירמאַן?

עס האָט אויסגעפּעלט ליכט צו דערזען גענוי, ווער די שאָטנס זענען...

# נעמען - רעגיסטער


אונגער ישעיהו 187
אדלער יאנקל 223
אוליאנאָווער מרים 18
אויערבאַך רחל 107
אימבער ש. י. 31
איינהאָרן אהרן 12, 84, 123
איינהאָרן איסר 84
איינהאָרן דוד 50, 90, 112, 134
אינדעלמאַן משה 102
איינהאָרן ברכה 181
אייסוראָוויטש ב. 92, 93
אנסקי ש. 85, 86, 87
אַנכי ז. 50
אסטזשעגא אברהם 48, 223
אַפּאַטאָשו יוסף 55, 98, 22
אראָנסאָן נחום 48
אָרלעסקא מרים 117, 118, 170
ארנאָלד 20, 21, 22, 23, 24, 25, 26, 185, 246, 248
אש שלום 20, 43, 63, 126, 128, 129, 130, 131, 132, 134, 136, 137, 138, 139, 140, 221
אש מאַטילדע 131, 140
אלטער וו. 177

באלאבאַן מאיר פּראָפ. 85, 160
באַראַדינאָ 200
בולאָוו יוסף 117
באָרענשטיין 191
בולאָוו יוסף 117
בזשאָזע חיים 124, 125
ביאליק ח. נ. 61, 153, 222
ביבער שלמה 28, 229
ביין ל. 27
בערקמאַן שלמה 16
בערגסאָן אנרי 30, 84
בערשאדסקי 50
בעלערינא בעלא 117, 178
בערלינסקי 160
בעל מחשבות 129
בראָדערזאָן 16, 114, 158, 220
ברוינער יצחק 18, 105, 209, 223, 224.
באריישאָ מ. 98, 126, 134, 176, 222

גאָטליב יהושע דר. 12, 16, 17, 29, 61, 62, 89, 176, 194, 202, 226, 239, 248, 249, 250
גאָטליב העלענא 120, 122
גאווזע 177
גאבאָוויטש י. 48
גאָלדפאַדן אברהם 114, 231
גאָלדענבערג אסתר 117, 118
גאָלדבערג אברהם 171
גילבערט שלמה 31, 126
גיטלין א. 124
גליצענשטיין ה. 48, 223
גליקסמאַן א. דר. 58

גערסטין בערטא 222
גערטנער 246
גרינבערג אורי צבי 16, 123, 220
גרין ירחמיאל 18
גרינבוים יצחק 26, 176 177
גראף קאלי 29
גראָסבאַרט ה. 117, 123
גראפמאן א. 247
גראפמאן, פרוי 170
גראָדזענסקי 188

דאניעליעוויטש הערשל 13, 14, 15, 17, 20, 105, 142, 160, 161, 162, 164, 172, 173, 201, 208, 209, 229, 230, 231, 236, 240, 245, 246
דאנציגער יאנקל 119, 120, 142, 165, 247
דזשיגאן 120, 247
דזשייקאָבסאָן היימי 223
דינעזאָן יעקב 85, 86
דרייקורס 106

האָראָוויץ בער 18
האָראָנטשיק שמעון 31, 97, 106
האלפערן משה לייב 112
האָלצער רחל 107
האנפּט חיים 223
הורוויטש מנחם מענדל 147, 148, 149, 150, 151, 152, 153, 184
הימעלפארב הערשל 30, 245, 246
הירשביין פּרץ 50, 111
העפטמאן יוסף 31
הערשל אָסטראָפּאָליער 31
הירשפאנג איגנאַץ 223, 224
הירשבערג 223

ווארשאוויאק יהודה 123
וואלטער פּאָלא 117
ווארשאווסקי עוזר 56, 134, 160
וואגמאן איזא 183, 108
וואגמאן סאול 239
וואסער אריה 179
וואלמאן, ש. 106
ווישעוויאנסקי דוד 237
וויטער א. 50
וויסענבערג א. מ. 63, 97, 98, 126, 128, 131, 132, 33-
ווינרייך מאקס דר. 188
ווינטרויב וו. 223, 224

זאגאָראָדסקי 229
זאגאן שכנא 157
זאכאריאש 184
זאַץ לודוויג 222
זוסמאן שלמה 179
זאקס ש. 14, 15, 83, 165, 168, 175 185, 208, 236, 240
זינגער בערנארד 99, 102, 143, 239
זינגער י. י. 16, 97, 220
זיגעלבוים שמואל ארטור 122, 166
זיידענבייטל, ברידער 224
זעליגפעלד זמרה 191, 247
זשיטלאָווסקי חיים דר. 84, 222
זשיטניצקי 183
זשיטניצקי, פרוי 183

טאָלסטאָי ל. נ. 127, 151, 240
טונקל יוסף 16, 97, 134, 179, 202, 203
טונקל צעשיא 170
טובים יוליאן 42
טורקאָוו זיגמונט 114
טורקאָוו מארק 102, 177, 225, 226
טיקאָטשינסקי י. 223
טעפער קאָליא 156, 157
טראָצקי ל. 4, 235

טשארני ד. 203
טשודנער 155, 156
טשאַרטקאָווער רבי 57
טשערנאָוויטש ש. 50
טשערניכאָווסקי ש. 222
טרעמבאטש מ. 224

יאטשקאָווסקי יוסף 125
יאצקאן ש. י. 101
יאַנג קלארא 222
יורים ש. דר. 202

כאסקעלעוויטש 102
כאשין א. 214, 215
כילינאָוויטש ב. 28, 102
כילינאָוויטש, פרוי 170, 181

לאנדאו לייב 95
לאנדע ש. 120, 122
לאצקי - בערטאָלדי [illegible] 2[illegible]
לוסטיג חיים 223
ליבאָוו דבורה 223
ליליט אָלא 142
ליפסקער וואָלף 154
ליטוואק א. 156, 179
לידסקי י. 124
לייוויק ה. 98, 112, 118, 222
לייזעראָוויטש משה 16, 223
לעווין לייזער 106, 157
לעיעלעם א. 222
לערמאן א. 27, 106
לעשצינסקי יוסף 157, 229
לערער יחיאל 31

מארקיש פרץ 16, 56, 213, 214,
215, 217, 218, 219, 220,
221

מאנגער איציק 90, 112, 158, 164,
230, 231, 232, 233, 235
מאסטבוים יואל 93, 94, 126
מאניעוויטש 223
מארק משה 154
מאטש שמחה 234, 236
מאָרעווסקי א. 10, 114, 117, 246
מיזעס יוסף דר. 16
מיזעס מתתיהו 85, 160
מיצקעוויטש א. 34, 42, 43, 127
מיכאלעוויטש ב. 156, 229
מזא"ה מ. 117
מנחם (זע באריישאָ)
מייזל נחמן 220
מעדעם וו. 156
מענדעלסאָן ש. 179
מענדעלסאָן מ. 93
מענדעלע מוכר ספרים 70, 106
מעטראָפּאָליטאנסקי 16

נאדיר משה 98, 134, 222
נאדלער שמואל 210, 211
נאכבוש נ. 109, 117
נאלקאָווסקא זאָפיא 44
נאָמבערג ה. ד. 32, 84, 89, 126,
128, 131, 133, 134, 135, 136,
139, 140, 141, 142, 143, 145,
146, 158, 168, 170, 171, 172,
173, 177, 179, 180, 181, 184,
186, 190, 202, 229
נארוויד 117
ניגער ש. 203, 222
ניימאן י. מ. 123, 223
ניידום לייב 50
נעמי 117

סאמבערג א. 120, 122, 132, 247
סאָקאָלאָוו נ. 222

סעגאלאָוויטש ז. 26, 202, 203
סעגאלאָוויטש קלארא 123, 170,
182, 199, 200, 201
סטופניצקי ש. י. 183
סלושטש פראָפ. 167
סקיווסקי 249
סרעברעק ש. 124

עווערס האנס-היינץ 190, 192,
193, 194
עזרא 117
עלמית 117
עלבוים מ. 180, 191
עקערמאַן א. מ. 154
ערליך ה. 102, 177
עריק מאקס 107
ערענבורג איליא 225

פּאט יעקב 179
פּאָמעראַנץ מ. 27
פּאַרטנאָי נח 102
פּושקין א. 15, 74, 127, 213
פּינסקי דוד 222
פּיקאָן מאַלי 222
פּיליכאָווסקי 223
פּילסודסקי י. 24, 88
פּערלע יהושע 31, 126, 183
פּערעלמאַן אָשר 107
פּרילוצקי צבי 183
פּרילוצקי נח 102, 106, 160, 183
פּראָפּוס י. י. 93, 94, 247
פּרץ י. ל. 12, 13, 30, 44, 61, 63,
84, 86, 87, 97, 106, 111,
112, 126, 127, 128, 129, 137,
138, 140, 141, 146, 191, 194,
209, 215, 221, 246
פּאלץ 184
פינקעלשטיין נחמיה 101, 105
פינקעלשטין נח 101

פייגענבערג רחל 107
פרידמאַן פעליקס 18, 122
פינקעלשטיין חיים 102
פייגענבוים ש. 179
פיינקינד שלמה 27, 28
פלינקער דוד 102, 154
פלאקסער מנחם 180, 229
פרישמאַן דוד 222

ציטלין הלל 50, 51, 52, 81, 89
צייטלין אהרן 181
צייטלין אלחנן 102, 181, 191,
229
ציטראָן ש. ל. 160

קאדיסאָן ל. 117
קאגאנאָווסקי, פּרוי 184, 201
קאהאן אב. 222
קאהאן לאזאר 102, 106
קאהאן ישראל 106
קאמינסקא אסתר רחל 107, 108
קאמינסקא אידא 108
קאזשדאן 179
קאזשען נאטאן 223
קאמען י. 117, 118
קאליך יעקב 222
קאפּלאן פּסח 178
קארלינסקא רוטא 28, 119, 121,
170, 178, 181
קארלינסקי בועז 27, 121, 158,
229
קאווע (וואנווילד) 30, 126
קאסעל דוד 97, 229
קאמעניעצקי דר. 84
קאציזנע אלטער 31, 56, 86, 87,
126, 135, 136
קאצענעלזאָן יצחק 31
קאָן הענעך 94
קאָרן רחל 107

קארפּינאָוויטש משה 110
קורלענדער יאנקל 132
קולבאק משה 90, 100, 112
קירמאן י. 250
קלעצקין ב. 124, 125
קיפּנים מנחם 90, 91, 92, 94, 95, 177, 191, 103, 247
קליאצקין 123
קלמן קאמאשנמאכער 154, 155
קעניג לעאָ 33
קעסטין ליפּע 106
קרעסין מרים 223
קרעמער איזא 95, 96

ראבאָן ישראל 18
ראָגאָווי מרדכי 154
ראבינאָוויטש 223, 224
ראָגאָף הלל 98, 222
ראוויטש מלך 14, 16, 56, 87, 162, 179, 220, 229
ראַפּאָפּאָרט י. 180
ראָטשטיין שמואל 154
ראווינא חנה 187
ראָטבוים י. 118
ראָזען, ארטיסט 49, 50
ראזען בער 102, 180
ראקאָווסקי צבי 97
רובינליכט פעליקס 48, 49
רונדשטיין מאיר 112
רינגעלבלום עמנואל דר. 85, 160
רייזין אברהם 98, 99, 112, 126
רייזין זלמן 85, 187
רייכמאן 95
רייזפעדער י. 106
ריינהארט מאקס 128, 129, 131

שאַפּיראָ יצחק 84
שאפּיראָ פּייוול 130
שאיאק י. 179
שאליט משה 188
שאגאל מארק 223
שומאכער 120
שווארץ מאָרים 222, 246
שווארץ פּנחס 102, 179
שוואלבע נתן 16, 102, 183, 239
שטערן ישראל 12, 31, 58, 235, 250
שטייגער סטאניסלאוו, 95
שטיין 117
שיק ארטור 223
שיפּער יצחק דר. 17, 160, 176, 185
שיינבערג שלמה 97
שלום עליכם 31, 61, 70, 106
שליווניאק י. 160, 208, 223
שימעל משה 18
שניאור זלמן 50, 222
שניאור מ. 94, 147, 148, 149, 152, 153, 174, 184, 191, 208, 236
שעפּנער ברוך 16, 158, 179

